# שלמה מיימונס

## לעבנסגעשיכטע


געשריבן פון אים אליין

איבערזעצט פון דייטש

א. י. גאָלדשמידט


אין צוויי טייל

I טייל


ווילנע — 1927

פאַרלאַג „טאָמאָר" פון יוסף קאַמערמאַכער

# צו די לעזער

אין דעם דאָזיקן ערשטקלאַסיקן ווערק, וואָס האָט בשעתו אַרויסגערופן די התפעלות פון גע טע און שי לער און פון דער גאַנצער אויפגעקלערטער געזעלשאַפט אין דייטשלאַנד, האָט דער מחבר געגעבן אַן אומפּאַרטייִשע און העכסטקינסטלערישע שילדערונג פונם יידנטום בכלל און פונם יידישן לעבן אין פּוילן אין XVIII יר״ה בפרט. ער האָט אויך איבערגעגעבן פאַר די קומענדיקע דורות אַ שטרענג־אָביעקטיוו און ניכטער געשילדערטן לעבעדיקן בילד פון דער השכלה און פונם ערשטן דור משכּילים אין דייטשלאַנד און האָלאַנד. דאָ גייען־דורך טרויעריקע בילדער פון יידישער אָרימקייט, רעכטלאָזיקייט און אויפטרייסלדיקע ליידן אונטער דער ממשלה פון ווילד־משוגענע פּריצים אַ לאַ „פּאַניע קאָכאַנקו״, בלוט־בלבולים, בילדער פון יידישער דערציִונג, שידוכים, ריינעם פאַמיליען־לעבן, מקובלים, אַסקעטן, בילדער פון די ערשטע חסידים אין פּוילן און פון מענדלסאָנען און זיינע חברים און תלמידים. ער פירט אונז אַריין אין דער סביבה פון די דייטשע פילאָסאָפן בכלל און פון קאַנטן בפרט. ער האָט אין דעם בוך געגעבן די קווינט־עסענץ פון תלמוד, קבלה, חסידות, פון די פילאָסאָפישע שיטות פון אַריסטאָטעלעס, רמב״ם, דעקאַרט, ספּינאָזע, ניוטאָן, לייבניץ, וואָלף, לאָק, יום און קאַנט, ועל כולם — זיין אייגנאַרטיקע פילאָסאָפישע סיסטעם.

חוץ דעם אַלץ איז אין דעם בוך געגעבן אַ באַלערנדיקער בײַשפּיל, ווי אַמתער דאָרשט נאָך וויסן איז גובר אַלע מניעות און ווי די דענקונגסקראַפט קען אין אַ מענטשלעכן גײַסט זיך אַנט־וויקלען אַפילו אונטער די דריקנדיקסטע אומשטענדן.

דאָס אַלץ ווייזט, אַז שלמה מיימונס „אויטאָביאָגראַפיע" איז אַ קולטור־ווערק פון ערשטער מדרגה, וואָס נייטיקט זיך אייגנטלעך גאָר ניט אין קיין שום רעקאָמענדאַציעס.

**דער פאַרלאַג.**

ווילנע, סעפּט. 1927.

# וועגן דער איבערזעצונג

שלמה מיימונס „Lebensgeschichte“ איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין פאַרלאַג פון קאַרל פיליפ מאָריץ, בערלין, — דער ערשטער טייל אין יאָר 1792 און דער צווייטער — אין י. 1793.

אין משך פון כמעט גאַנצע אַכציק יאָר השכלה איז ניט געמאַכט געוואָרן אַפילו קיין איינציקער פּרווו איבערצוזעצן דעם דאָזיקן מערקווירדיקן ליטעראַריש-היסטאָרישן דאָקומענט. ערשט אין די יאָרן 1871 און 1872 האָט דער באַוואוסטער געלערנטער דוד כהנא פאַרעפנטלעכט אין אלכסנדר צעדערבוימס יידישן וועכנטלעכן זשורנאַל „קול מבשר“ אַ פאַרקירצטע באַאַרבעטונג פונם אַוטאָביאָגראַפישן טייל פון שלמה מימונס „לעבנסגעשיכטע“.

אין די זעלביקע יאָרן 1871 און 1872 איז אין אַ. לאַנדאַוס יאָרביכער „Еврейская Библиотека“ אָפּגעדרוקט געוואָרן אַ ניט-גענויע און שטאַרק פאַרקירצטע איבערזעצונג פון די אַוטאָביאָגראַפישע קאַפּיטלעך פון דעם דאָזיקן ווערק אונטערן טיטל „Из автобиографии Соломона Маймона“. דאָ זיינען לגמרי אַרויסגעוואָרפן געוואָרן: כמעט דריי פערטל פון XV קאַפּ. פון ערשטן טייל, וואו עס ווערט געגעבן אַ פילאָסאָפיש-היסטאָרישער איבערבליק איבער דער יידישער רעליגיע; דער גאַנצער קאַפּיטל XX, וואָס באַהאַנדלט די יידישע מיסטיק; די גאַנצע אַריינפירנדיקע הקדמה צום צווייטן טייל און גאַנצע ניין קאַפּיטלעך (II—X) פון דעם דאָזיקן טייל, וואו עס ווערט באַהאַנדלט דעם רמבמס „מורה נבוכים“, אויך זייער אַ גרויסער

טײל פון לעצטן קאַפּיטל (XVI), װאו עס װערט געגעבן אַ כאַ־ראַקטעריסטיק פון קאַנטס פילאָסאָפיע און פון מימונס אײגענע װערק; די צום סוף צוגעגעבענע פילאָסאָפישע אַלעגאָריע „דער לוסטיקער באַל".

מיט זעקס און צװאַנציק יאָר נאָכדעם איז מימונס אױטאָ־ביאָגראַפיע אַרױס אין װאַרשעװער פאַרלאַג „תושיה" אין דער גלענצנדיקער איבערזעצונג פון י. ח. ט ב י ו ב אונטערן טיטל „תולדות שלמה מימון" — דער ערשטער טײל אין י. תרנ"ט (1898) און דער צװײטער אין אָנהײב תר"ס (1899). אָבער אױך דידאָזיקע איבערזעצונג איז אַרױס מיט אײניקע קיצורים און השמטות.

דער באַװאוסטער פּױלישער שריפטשטעלער ל ע אָ ב ע ל־מ אַ נ ט (בלומענטאַל, — אַ משומד) האָט פאַרעפנטלעכט אַ פּױ־לישע איבערזעצונג פון ש. מימונס „לעבנסגעשיכטע". דידאָזיקע איבערזעצונג איז זײער פאַרקירצט און אױסגערעכנט טענדענציעז.

צום סוף איז פאַרװירקלעכט געװאָרן דער פּלאַן איבערצו־זעצן און אַרױסצוגעבן אױף ייִדיש מימונס הױכװערטיקע „לעבנס־געשיכטע" — אין װילנע.

די קעגנװערטיקע איבערזעצונג איז אַ פ ו ל ש ט ע נ ד י ק ע אין פולן זין פון װאָרט, אָן שום קיצורים און השמטות. דער איבערזעצער איז געבליבן שטרענג געטרײ דעם טעקסט און האָט געגעבן כמעט אַ װאָרטלעכע איבערזעצונג. אין בוך גײט אַרײן די קװינט־עסענץ פון מ ב ו א ה ת ל מ ו ד מיט אַ הי־סטאָריש־פילאָסאָפישער באַלײכטונג פון דער ייִדישער רעליגיע, דער תמצית פון קבלה („זוהר") און חסידות, דער גאַנצער אינ־האַלט פון „מורה נבוכים" און די גאַנצע װעלט־פילאָסאָפיע ביז נאָך קאַנטן, — און דאָס אַלץ אומבררחמנותדיק קאָנספעקטיװ גע־פּרעסט. אָן פּאָפּולערע אָנמערקונגען און דערקלערונגען בלײבן זײער אַ סך ערטער אומקלאָר. דאָס אַלץ האָב איך גענומען אין אַכט און געגעבן צו דער איבערזעצונג עטלעכע הונדערט הערות און פּירושים.

די איבערזעצונג איז געמאַכט פון דער ערשטער אויסגאַבע פון קאַרל פיליפּ מאָריץ (פון דעם איינציקן עקזעמפּלאַר אין גאַנץ פוילן, דעם זעלביקן עקזעמפּלאַר, וואָס פון אים האָט געמאַכט זיין איבערזעצונג אויך לעאָ בעלמאָנט) און אין דעם זעלביקן סדר פון די קאַפּיטלעך ווי דאָרטן.

נאָכדעם ווי די איבערזעצונג איז שוין געווען פאַרענדיקט, האָב איך באַקומען ביי ז. רייזענען צו זען די צווייטע, ד״ר י אַקאָב פּראַמערס, אויפלאַגע פון שלמה מימונס „לעבנסגעשיכטע" (מינכען, 1911). ד״ר פּראָמער האָט, פּונקט ווי לאַנדאַו אין זיין „Еврейская Библиотека" ניט געוועלט איבעררייסן דעם ריינעם ביאָגראַפישן צוזאַמענהאַנג און האָט אַרויסגענומען די אויבנאויסגערעכנטע וויסנשאַפטלעך־פילאָסאָפישע קאַפּיטלעך (העכער אַ דריטל פונם גאַנצן ווערק) און צוגעגעבן זיי צום סוף בוך בתור הוספות („אַנהאַנגען"). אין עצם אָבער איז בעסער דער סדר, ווי מימון אַליין האָט געגעבן, ווייל דאַן ווערט ניט איבערגעריסן דער צוזאַמענהאַנג צווישן דער בהדרגהדיקייט פון זיין פילאָסאָפישער אַנטוויקלונג אין בוך און זיין ביאָגראַפיע.

א. י. גאָלדשמידט.

ווילנע, 2 אָקטאָבער 1927.

## דער עטישער און פילאָסאָפישער מהות פון שלמה מיימון.

טראַגיש איז געווען דער גורל פון שלמה מיימון, — טראַגיש ביי זיין לעבן, טראַגיש ביי זיין טויט און טראַגיש, אין אַ געוויסן זין, אויך נאָך זיין טויט. מיימון, — אַ גאון, וואָס האָט אין פילאָסאָפישער עמקות אַריבערגעשטיגן קאַנטן, דעם דאָזיקן „גערמאַנישן ריז", ווי ער האָט אַליין אים ניט איינמאָל אַזוי גערופן אין זיינע ווערק, און וואָס האָט דער וועלט־פילאָסאָפיע געגעבן אַ גרויסן שטויס פאָראויס, ווי דאָס האָבן קעגן זייער ווילן געמוזט אָנערקענען זיינע קעגנער די פילאָסאָפן און פילאָסאָפיע־היסטאָריקער פיכטע, ערדמאַן, קונאָ פישער, וויטע און צעלער, — דער דאָזיקער גרויסער מיימון איז ניט פאַרשטאַנען געוואָרן פון זיין דור און ניט אָפּגעשאַצט געוואָרן פון די שפּעטערדיקע דורות.

קאַנט איז פריער געווען באַגייסטערט פון מיימונען און האָט געמאָלדן, אַז מיימון איז דער איינציקער, וואָס פאַרשטייט גרינדלעך זיין פילאָסאָפישע סיסטעם. ווען עס זיינען אויפגעשטאַנען די אַנטיקאַנטיאַנער און געשטעלט אונטער אַ גרויסן פראַגעצייכן קאַנטס גאַנצע שיטה, איז אַרויסגעטראָטן מיימון מיט אַ שאַרפער פּאָלעמיק קעגן זיי און דערוויזן די הויפּט־אמתן אירע און די חידושים, וואָס קאַנט האָט אויפגעטאָן; — דעמאָלט איז קאַנט צופרידן געווען פון אים. אָבער ווען עס איז דערשינען מיימונס „Versuch üder die Transzendentalphilosophie", וואו ער

ווייזט אָן צוזאַמען מיט די שטאַרקע זייטן אויך געוויסע שוואַכע זייטן פון קאַנטס „קריטיק דער ריינען פערנונפט“ און באַזונדערס פון דער „קריטיק דער פּראַקטישען פערנונפט“, וואָס עס האָט אָנגעמאַכט אַ רַעַש אין דער פילאָסאָפישער וועלט, — דאַן איז קאַנט אַרויס פון זיין גלייכגעוויכט און האָט אין זיין פאַרעפנטלעכטן בריוו צו קאַרל לעאָנהאַרד ריינהאָלד (1758 — 1803) שטאַרק אָנגעגריפן מיימונען און אונטערגעשטרייכט זיין יידישקייט, וואָס עס איז געווען אינגאַנצן אין אַ סתירה מיט די דערהייבענע אידעען פון זיינע ווערק, וואו ער האָט אויסגעדריקט אַכטונג פאַרן יידנטום. דער גרויסער קאַנט האָט ניט פאַרשטאַנען זיין גרויסן תלמיד, און מיימון האָט דערפון זייער געליטן.

פיכטע האָט מודה געווען, אַז ער האָט ביי מיימונען אַ סך געלערנט און אַז מיימון איז געווען זיין דירעקטער פאָרגייער אין פילאָסאָפיע, און אין דערזעלביקער צייט האָט ער אים אָפּגעשאַצט בכלל פאַלש און אומגערעכט.

באַלד איז מיימון כמעט אינגאַנצן פאַרגעסן געוואָרן; די שרייבער פון דער אַלגעמיינער געשיכטע פון פילאָסאָפיע דערמאָנען גרעסטנטיילס אַפילו זיין נאָמען ניט. אַפילו אין די „קאָנווערזאַציאָנס-לעקסיקאָנען“ פון בראָקהויז און מייער איז קיין זכר ניטאָ פון דעם נאָמען שלמה מיימון! איין יוצא מן הכלל איז בלויז דער גרויסער הומאַניסט און באַרימטער פילאָסאָף-קאַנטיאַנער ווילהעלם טרויגאָט קרוג (1770 — 1842), וואָס האָט אין זיין ענציקלאָפּעדיש-פילאָסאָפישן לעקסיקאָן (לייפּציג 1827) דער ערשטער דערמאָנט צום גוטן דעם גרויסן דענקער שלמה מיימון און זיין שיטה.

נאָר וואָס פאַר טענות קענען מיר האָבן צו די אומות העולם? ווי באַהאַנדלען מיר אונזערע גדולים בכלל? צי האָבן מיר אַ וואָסערע-ס'איז פּאָזיטיווע באַציִונג צו אונזערע גאונים? צי זיינען מיר דען ניט די ערשטע אַלעמאָל געווען צו וואַרפן שטיינער אין אונזערע נביאים פון אמת, אַפילו אומצוברענגען זיי, און צו פאַלן כורעים פאַר די נביאים פון בַעל? צי באַשעפטיקט מען זיך דען ניט נאָך עד-היום ביי אונז מיט דער שיינער

מלאכה פון אומשטירצן פון די פיעדעסטאַלן אונזערע גייסטיקע ריזן און דערהייבן אויף זייער אָרט קריכערישע קליינמענטשעלעך און שרייעדיקע פיגמייען? ווייניק האָט מען ביי אונז געשטיקט, דערשטיקט און געלאָזט אומקומען טאַלענטן?

אומגעהייער גרויס איז אַלעמאָל געווען ביי אונז די שנאת-חנם. צוליב נאַרישער גאוה און איבער אַ שין און אַ סמך האָבן זיך טייכן בלוט געגאָסן צווישן מנשה און אפרים; איבער דער ווילדער שנאה צווישן אפרים און יהודה, צווישן שומרון און ירושלים, צווישן די פרושים און די צדוקים איז אונטערגעגאַנגען די אומאָפּהענגיקייט און די פרייהייט פון דער גאַנצער נאַציע; דער האַס צווישן די קאַראַימען און ראַבאַניטן האָט אָנגעמאַכט פאַרוויסטונגען אין פאָלק; די מחלוקתן צווישן די מיימוניסטן און די אַנטי-מיימוניסטן, צווישן די חסידים און די מתנגדים, ווי צווישן די פאַרשיידענע ריכטונגען אינם חסידיזם גופא, האָבן אָפּגעקאָסט דעם פאָלק ניט ווייניק בלוט. די ספרדים האַלטן זיך עד-היום פאַרן מלכותדיקן שבט אינם פאָלק און זיינען זיך ניט געזרן מתחתן מיט די „נידעריקערע“ שבטים. די אשכנזים ווידער שטרעבן אומעטום צו האָבן די העגעמאָניע, — זיי זיינען אָבער צווישן זיך אויך פירכטערלעך צעריסן: די דייטשע יידן קוקן מיט ביטול, אַפילו מיט פאַראַכטונג אויף די מזרח-יידן; די פוילישע יידן האָבן תכלית שנאה פיינט די ליטוואַקעס, און אַזוי אָן אַ שיעור און אָן אַ סוף...

אָט דידאָזיקע שנאה פון די דייטשע יידן צו די פויליש-ליטווישע איז געווען פאַטאַל פאַר שלמה מיימון, און ניט בלויז ביי זיין לעבן, נייערט אויך נאָך זיין טויט.

שלמה מיימון איז געווען פאַרטריבן פון ביידע וועלטן: פון דער פאַטריאַרכאַליש-רעליגיעזער, וואָס ער איז פון איר אַוועק, און פון דער מאָדערן-משכּילישער, וואָס עס האָט אים צו איר געצויגן. די דייטשע יידן, אַפילו די משכּילים, האָבן אים ניט פאַרשטאַנען, ניט געוואָלט פאַרשטיין אים. ער איז זיי געווען דערווידער מיט זיין הילוך, מיט זיינע פויליש-ליטווישע מאַנירן,

מיט זיין שטייגער דענקען און ריידן, און זיי האָבן זיך פון אים אָפּגעטרייסלט, געלאָזט אים אומקומען ווי דעם לעצטן און געשענדעט זיין נאָמען און זיין כבוד. זיי האָבן פיינט געהאַט דעם פוילישן יידן, און האָבן געוואָלט זען אין אים און האָבן אין אים געזען אַלדאָס בייז.

אַ געניוס איז אומגעגאַנגען צווישן זיי, און זיי האָבן עס ניט באַנומען, ניט געוואָלט באַנעמען עס.

די בערלינישע השכלה איז אין גרונד געווען אַ גאַנץ אויבערפלעכלעכע. ווער עס האָט פאַרשטאַנען אַ ביסל לאַטיין, אַביסל גריכיש אָדער פראַנצויזיש, געדרשנט אָן אויפהער וועגן דער רעפאָרמאַציע פון דער יידישער רעליגיע, געשפילט אין קאָרטן, געשאָטן מיט ס'רוב אָנגעהערטע פראַזן פון „נאַטאַן דער ווייזע", געשריען „ליכט! ליכט!" און גערעדט מיטן טאָן פון אַ לערער — אַ מוסר־זאָגער, — דער האָט געגאָלטן פאַר אַ משכיל. מיטן אויסנאַם פון אַ קליינער צאָל יחידים, האָט יענער דור משכילים ניט געהאַט אַפילו די שטרעבונג צו פאַרטיפן זיך אין אַ וועלכער ס'איז וויסנשאַפטלעכער אָדער פילאָסאָפישער דיסציפלין. מיט אַ דור פון אַזוינע משכילים איז אייגנטלעך גאָר ניטאָ וואָס אויסצוטענהן זיך. „ואת דורו מי ישוחח?" ווי קומען זיי צו באַנעמען דעם מהות פון אַ שלמה מיימון?

ערגער באַשטייט אָבער דער ענין מיט די שפּעטערדיקע דורות ערנסטע יידישע מלומדים און שריפטשטעלער אין דייטשלאַנד, וואָס האָבן אָדער אינגאַנצן איגנאָרירט מיימונען אָדער אים גאָר פאַראורטיילט. „השנאה מקלקלת את השורה" — די שנאה פאַרבלענדט די אויגן אַפילו פון די בכלל אָביעקטיווע אמתזוכער. אַזוי האָט דער גרויסער היסטאָריקער פּראָפ' גרעץ ניט געזוכט אַפילו אַריינצוטראַכטן זיך אין דאָס לעבן, כאַראַקטער און ווערק פון דעם אומגליקלעך־נע ונדנעם פוילישן געניאַלן יידן און האָט אַרויסגעטראָגן וועגן אים אַן אומגערעכטן משפט ווי וועגן אַ דעמאָראַליזירטן און דעמאָראַליזירנדיקן מענטשן, בעת אין דער אמתן איז גאָר שלמה מיימון געווען און געבליבן אַ קריסטאָל־ריינע נשמה. און אָט די מיינונג פון דעם דאָזיקן

היסטאָריאָגראַפישן אױטאָריטעט, װאָס האָט בכלל זיך זעער װײניק אָפּגעגעבן מיט דער געשיכטע פון די פּױלישע ײדן, האָבן אָן אַן אָפּפרעג אָנגענומען כּמעט אַלע שפּעטערדיקע געשיכטספאָרשער, דענקער און שריפטשטעלער, װאָס דער גרעסטער טײל פון זײ האָט אַפילו ניט געלײענט מײמונס װערק.

דער באַרימטער דײטשער ראָמאַניסט בערטהאָלד (ברוך) אױערבאַך, בכלל אַ פײנער פּסיכאָלאָג, האָט אין זײן ײדיש-היסטאָרישן ראָמאַן „Dichter und Kaufmann" עפּיזאָדיש און אױף אַ װײלע אַרײנגעפירט שלמה מײמונען און אים פאָרגעשטעלט איבערפלעכלעך און קאַריקאַטוריש. ער באַהױפּט מיט זיכערקײט, אַז מײמון האָט דעמאָראַליזירט דעם אײדעלן ײדיש-דײטשן דיכטער אפרים משה קו, און גיט נאָך דערבײ צו, אַז די דײטשע ײדן האָבן זיך בכלל תּמיד אױסגעצײכנט מיט זײער צניעות און נזירות קעגן די „עולם הזהדיקע" פּױלישע ײדן... דער אמת איז אָבער, אַז די תּוהו-ובוהודיקע צײט האָט דעמאָראַליזירט די יעמאָלטיקע ײדישע בירגערלעכע געזעלשאַפט אין דײטשלאַנד בכלל און אַז לחלוטין אַנדערע סאָציאַל-פּאָליטישע און קולטור-היסטאָרישע פאַקטאָרן האָבן אומגליקלעך געמאַכט דעם טאַלענטפולן אפרים קו, — פאַקטאָרן, װאָס אױך מײמון אַלײן איז געװען אַ קרבן פון זײ. אױערבאַך האָט מײמונען לחלוטין ניט פאַרשטאַנען. װאָס שײך אױערבאַכס באַהױפּטונג װעגן די פּױלישע ײדן, לױנט גאָרניט באַזונדערס אָפּצושטעלן זיך אױף איר: זײן ניט-קענען די פּױלישע ײדן שטעכט פּשוט די אױגן.

אױך דער טיפערער ישראל זאַנגװיל, װאָס האָט אַזױ האַרציק באַזונגען די טרױמער פון דער געטאָ, האָט מײמונען געטאָן אַן אומפאַרגעבלעכע עװלה: אײנגאַנצן אונטער גרעצס השפּעה, האָט ער אין זײנע „Ghetto tragedies" פּשוט אױסגעלאַכט מײמונען „דעם נאַרן".

דער ערשטער, װאָס האָט געפּרוּװט אַביסל אָפּטרעטן פון גרעצס שיטה, איז געװען דער באַרימטער העברעיש-ײדישער שריפטשטעלער און רעדאַקטאָר פון „היום" ד"ר י. ל. קאַנטאָר

אין זיין גרויסן אַרטיקל „דור המאספים" („ספר המאסף", בײלאַגע צום יאָרבוך „האסיף", תרמ"ז — אָקטאָבער 1886). ער זוכט אַרײַנצודרינגען עטוואָס אין דער קאָמפּליצירטער נשמה פון שלמה מיימון, אָבער ער קאָן זיך דאָך ניט באַפרײַען אינגאַנצן פון דער השפעה פון זיין רבין, וואָס ער „גייט אין זיינע טריט".

אין זעלביקן יאָר תרמ"ז איז אין לייפּציג דערשינען דאָס בוך „קורות הפילוסופיא החדשה" פון פּאַביוס מיזעס, וואָס האָט פלאַמענדיק פאַרטיידיקט שלמה מיימונען און דער ערשטער אים אָפּגעגעבן זיין געהעריקן פּלאַץ אין דער געשיכטע פון דער נײַערער פילאָסאָפיע. לויט אים איז מיימון אַ היסטאָריש-נויטווענדיקער רינג אין דער גאָלדענער קייט פון דער פילאָסאָפיע. ער איז דער קאָנזעקווענטער אַריבערגאַנג פון קאַנטן צו פיכטען.

נאָך מיזעסן איז אַרויסגעטראָטן מיט דריי גראַנדיאָזע אַפּאָלאָגעטישע אַרבעטן וועגן שלמה מיימון — ד"ר שמעון בערנפעלד („דור תהפוכות", וואַרשע, תרנ"ז—תרנ"ח, 2-טער טייל, ז"ז 33—68; „שלמה מיימון", „השלח" תרס"א, ב. 7; „Kämpfende Geister im Judentum", בערלין 1907, ז"ז 59—119). דאָ רעהאַביליטירט דער באַרימטער היסטאָריקער און פילאָסאָף פולשטענדיק דעם מאָראַלישן מהות פון שלמה מיימון און דערווייזט און באַהויפּט קאַטעגאָריש, אַז מיימון איז געווען דער גרעסטער דענקער ביי יידן זינט ברוך ספינאָזאַ.

מיט גרויס ערנסט און סימפּאַטיע שרייבן וועגן שלמה מיימון אויך י. ח. טביוב אין זיין הקדמה צו דער העברעישער איבערזעצונג און ד"ר יעקב פראָמער אין זיין אַרײַנפיר צו דער צווייטער אויפלאַגע פון דער „Lebensgeschichte" (מינכען 1911).

בכן זיינען סוף-כל-סוף פאַרט אָנגעקומען דורות, וואָס האָבן זיך גענומען ציען צום ליכט-קוואַל פונם גרויסן גאון שלמה מיימון און ווערן אַלץ מער דורכגעדרונגען מיט טיפע ערנסטע געפילן פון יראת-הכבוד פאַר זיין נאָמען און מהות.

* *
*

אין וואָס איז אָבער באַשטאַנען דער מהות פון שלמה מיי־מון? זיין עטישער און פילאָסאָפישער מהות?

שלמה מיימון איז געווען א פענאָמענאַלע דערשיינונג ווי א מענטש, ווי א ייד און ווי א פילאָסאָף. א פענאָמען אין דער געשיכטע פון דער וועלט־פילאָסאָפיע. ווי א יונג בוימל אין א ווילסטלאַנד, אָן טוי און אָן רעגן, איז ער אומדערוואַרט, צום דערשטוינען, אויפגעגאַנגען אין א חושכדיק־עלנטן לאַנד אָן שום מיטלען און איז אויפגעשטיגן גאָר הויך, ביז אין די העכסטע הימלען פון דענקען. א בייזער פאַטום אָבער האָט אים באַגלייט און ניט אָפּגעלאָזט פון זיין געבאָרן אָן ביז זיין לעצטן אָטעם־הויך און נאָך שפּעטער. קיין איינציקע געשעעניש אין זיין לעבן האָט ניט מיטגעהאָלפן דער נאָרמאַלער אַנטוויקלונג פון זיינע גייסטיקע כוחות. פאַרקערט, זייער א סך געשעענישן האָבן נאָך פאַרהאַלטן דעם גאַנג פון זיין אַנטוויקלונג און געשטערט אים צו געפינען זיין וועג אינם לעבן. דאָס לעבן פון שלמה מיימון איז א טיפּע טראַגעדיע לויט דער שיטה פון מאָריס מעטערלינק,— א טראַגעדיע אָן איבערראַשנדיקע פאַקטן און מעשים, א אינע־ווייניקסטע מלחמה אָן רעש און אָן שום אויסווייניקסטע עפעקטן; א קייט געשעענישן ניט־בולטע און ניט קענטיקע פאַרן אויג פון דער דורכשניטלעכקייט, ענינים, וואָס ניט מיט דער האַנט אָנצוטאַפּן. דעסטאָ אָנהאַלטנדיקער און שוידערלעכער איז די דאָזיקע טראַ־געדיע.

זיין גאַנץ לעבן איז מיימון געווען אן אָ ר ע מ אַ ן, א נ ע ו נ ד נ י ק, קיינמאָל ניט זיכער מיטן מאָרגנדיקן טאָג, — די פילאָסאָפיע אָבער פון אן אָרעמאַן איז אַלעמאָל פאַראַכט; דערצו איז ער נאָך געווען א י י ד, און וואָס נאָך ערגער — א פּ ו י־ל י ש ע ר י י ד. אָט פאַר די דאָזיקע דריי גרויסע חטאים האָט ער געליטן אין לעבן און אויך נאָך זיין טויט זיינען זיי אים ניט פאַרגעבן געוואָרן. ער האָט אָבער סטאָיש איבערגעטראָגן אַלע קלעפּ פון לעבן, אַלע יסורים און פּיין. ער האָט פון לעבן קיין זאַך ניט פאַרלאַנגט,—

ניט קיין כּבוד ניט קיין געלט, — נייערט די מעגלעכקייט צו שטודירן די געליבטע וויסנשאַפטן און פילאָסאָפישע סיסטעמען, ווי אויך אַליין צו דענקען פריי, אָן שום שטער. מיט דריי זאַכן האָט ער זיך אויסגעצייכנט: מיט טיפן אַבסטראַקט-דענקנדיקן שכל, מיט מסירת-נפשדיקער ליבשאַפט צום אמת און מיט אַן אויסערגעוויינלעכן כּוח געדולדיק און מוטיק איבערצוטראָגן אַלע ליידן.

* *

*

געבאָרן אין יאָר 1754 אין אַ פאַרמעגלעכער יידישער פאַמיליע אין איינעם פֿון פירשט ראַדזיווילס דערפער אין דער סביבה פֿון נעסוויזש, וואו זיין פאָטער ר׳ יהושע ב״ר חיים יוסף איז געווען אַרענדאר און איז דורך אַ ווילדן קאַפּריז פֿון אַ פּריץ אַ טיראַן ברוטאַל אין מיטן ווינטער אַרויסגעטריבן געוואָרן און דורך דעם געוואָרן שרעקלעך פאַראָרעמט, האָט שלמה מיימון פאַרבראַכט אַ טרויעריקע קינדהייט.

די לאַגע פֿון די יידן אין פּוילן איז ביז דעמאָלט אייגנטלעך פאַרהעלטענישמעסיק ניט געווען קיין שלעכטע; אין כּמה פּרטים איז זייער מצב געווען אַפילו בעסער ווי די לאַגע פֿון די יידן אין דייטשלאַנד, וואו אין ס׳רוב מדינות זיינען אַרויסגעגעבן געוואָרן בייזע געזעצן פאַר יידן. אָבער די בהלה, וואָס האָט אַרומגענומען פּוילן אין דער לעצטער צייט ערב דעם אונטערגאַנג פֿון איר פּאָליטישער אומאָפּהענגיקייט און פרייהייט, האָט טרויעריק געווירקט אויך אויפֿן גורל פֿון דער יידישער באַפעלקערונג. אָט די־דאָזיקע בהלה האָט גורם געווען צו אַ פירכטערלעכער מאַטעריעלער און מאָראַלישער ירידה. ס׳איז פאַרשוואונדן יעדע אַכטונג צום געזעץ, דער עצם געזעץ איז ווי ניט געוואָרן. עס האָט גענומען הערשן בלויז דער ווילן פֿון די פּריצים, וואָס האָבן פֿון טאָג צו טאָג געענדערט זייערע גלוסטן, פאַנטאַזיעס און קאַפּריזן. דער ייד, וואָס איז אין איין מאָמענט געווען חשוב ביים פּריץ, איז אין צווייטן מאָמענט געטראָטן געוואָרן מיט די פיס אָן שום אַיינזען. הייַנט איז ער געווען אַ בכּבודיקער

פּרנס אין דער קהילה, און מאָרגן איז ער געגאַנגען איבער די הייזער, אויב אויפן פּריץ איז אָנגעפאַלן די משוגעת. הייגט איז דער ייד געווען דער גאַנצער פּאַרוואַלטער איבער די גיטער פון פּריץ, און מאָרגן איז אויפן פּריץ אַרויף אַ שגעון און ער האָט באַפוילן זיינע כלאָפּעס אויסציען דעם יידן אויפן ברעט און שלאָגן אים מכות אַכזריות אָדער שמייסן אים ווילד ביז צום פאַרשמייסן. עס האָבן אויך ניט געפעלט קיין בלוט־בלבולים מיט אַלע זייערע באַגלייטער. דאָס אַלץ האָט איבערגעלעבט אויך די פאַמיליע פון שלמה מיימון. דער גירוש האָט אינגאַנצן דערשלאָגן די משפּחה, וואָס איז שוין נאָכדעם קיינמאָל צו זיך ניט געקומען. דאָס אַלץ ווידער האָט זיך געלייגט אויף דער נשמה פון דעם יונגן שלמה און געהאַט אַ צעטרייסלדיקע ווירקונג אויף זיין לעבן.

דאָס אויסערגעוויינלעך פעיקע יינגל איז איבערגעגעבן געוואָרן דעם צופאַל, און פון יעמאָלט אָן האָט ער זיין גאַנץ לעבן מלחמה געהאַלטן מיטן צופאַל, וואָס האָט אים געטריבן פון דאָרף צו דאָרף, פון שטאָט צו שטאָט און פון לאַנד צו לאַנד.

כדי צו פאַרבעסערן זיין מאַטעריעלן מצב, האָט זיין פאָטער אים חתונה געמאַכט צו עלף יאָר, און צו פערצן איז שלמה שוין אַליין געוואָרן פאָטער. דער גאַנצער ענין חתונה איז געווען אַ מקח טעות, און שלמה איז געצוואונגען געווען צו זוכן פרנסה פאַר זיין פאַמיליע. קיין שום מלאכה האָט ער געוויינלעך ניט געקענט, איז ער, ווי דער מנהג איז ביי יידן, געוואָרן אַ מלמד — אויף קאָנדיציעס.

אין אָט די אַלע שווערע באַדינגונגען האָט מיימון ניט אויפגעהערט צו לערנען מיט התמדה, וואָס האָט ווייניק איר גלייכן. ער האָט געלערנט אין די טעג, ווען ער האָט נאָר געכאַפּט אַ פרייע מינוט, און געלערנט אין די נעכט, גאַנץ אָפט גאַנצע נעכט דורך, און ער האָט איינגעזאַפּט אין זיך די גאַנצע תלמודישע ליטעראַטור, די קבלה און די גאַנצע מיטלאַלטערלעכע פילאָסאָפישע און וויסנשאַפטלעכע ליטעראַטור אין העברעיש. בפרט האָט ער דורכגעשטודירט דעם רמבמס „מורה נבוכים", וואָס האָט געמאַכט אויף אים אַזאַ רושם, אַז ער האָט אים פאַרגע־

טערט; ער פלעגט זיך שווערן מיטן נאָמען פון ר׳ משה בן מימון און האָט זיך אַליין געגומען רופן מיטן נאָמען „מיימון״. אויף אַ משונהדיקן אופן האָט ער זיך, פון זיך אַליין, אויסגעלערנט דעם דייטשן אלף־בית, האָט אויף פאַרשיידענע וועגן באַקומען דייטשע וויסנשאַפטלעכע ביכער, דורכגעשטודירט זיי, און מיט אים איז גע־שען אַן איבערקערעניש. פון אַ פרומען יינגל אַ מאמין איז ער גע־וואָרן אַ כופר. ער האָט שוין מער ניט געקאָנט און ניט געוואָלט בלייבן ביי דער מלמדות, ער האָט תכלית שנאה פיינט באַקומען די פיזישע שמוץ, די אומוויסנקייט און די ווילדע אָבערגלויבנס פון זיין סביבה, — און האָט פעסט באַשלאָסן אַוועקצולאָזן זיך קיין דייטשלאַנד, דעם קוואַל פון וויסן, און דאָרטן זוכן אַ ציל פאַר זיין לעבן. געחלומט האָט ער וועגן שטודירן מעדיצין און נאָכן ענדיקן און איינאָרדענען זיך אַראָפּברענגען צו זיך זיין פאַמיליע. דאָס זיינען אָבער געווען אַלץ חלומות.

נאָך אַ סך און לאַנגע וואַנדערונגען און איבערגעלעבטע דחקות און עינויים פון וועג און רדיפות מצד די פאַנאַטיקער איז שלמה מיימון סוף־כל־סוף אין אָנהייב זומער 1777 אָנגעקומען קיין קיניגסבערג, וואָס איז יעמאָלט געווען די ערשטע סטאַציע פאַר די אויסוואַנדערער פון ליטע.

ס׳איז קיין ספק ניט, אַז ווען דער דאָזיקער מאַן, וואָס האָט זיך אויסגעצייכנט מיט הפלאדיקער געניאַליטעט און איז פון געבאָרן באַשטימט געווען צו ווערן אַ גרויסער מענטש, — אַז ווען ער וואָלט אין דייטשלאַנד געפונען מענטשן, וואָס וואלטן פאַרשטאַנען זיין גרויסן ווערט און אויף אים אויפמערקזאַמקייט געלייגט, וואָלט מען אָן ספק אין זיינע יונגע יאָרן (ער איז יע־מאָלט אַלט געווען דריי און צוואַנציק יאָר) געקאָנט איינפלאַנצן אין אים די גוטע מידות פון דער אמתער קולטור. ער וואָלט אַריין אין לעבן פון דער קולטורעלער געזעלשאַפט און וואָלט ניט אומגעוואַנדערט און ניט געפּטרט זיינע כוחות אין אָרעמקייט און דחקות. ווען ער איז געקומען קיין דייטשלאַנד, איז זיין הארץ געווען גוטה צו התפעלות און ער איז פעיק געווען אָנצו־נעמען אַלץ וואָס גוט און איידל איז. ער האָט אָבער אין דעם

לאַנד פון זיין אידעאַל געהאַט א בייזע באַגעגעניש. די ייִדישע משכּילים האָבן געקוקט אויף אים ווי אויף אַ „באַרבאַר", ווי אויף אַ בייז וואונדער. ווי ער אַליין שילדערט זיך, איז ער גע־גאַנגען קרועה־בלואה און שמוציק; זיין יידיש האָט ביי די משכּילים אין די אויערן געקלונגען ווי אַ „העסלעכער זשאַרגאָן". האָבן זיי אויף אים קיין אַכט ניט געלייגט און איבערגעלאָזן אים זיין אייגענעם גורל.

די קיניגסבערגער משכּילים האָבן אַוועקגעשיקט מיימונען קיין בערלין, — די בערלינער קהילה האָט אים אָבער ניט אַריינגעלאָזן צו זיך. האָט זיך פאַר אים אָנגעהויבן א ניי נע־ונד־לעבן. דערווייל זיינען די יאָרן אים אַוועק, ער האָט ניט געהאַט די מעגלעכקייט צו נעמען זיך צו אַ סיסטעמאַטישן שטודיום און ער איז געבליבן ניט אַהין און ניט אַהער.

אין 1779 איז מיימון ווידער געקומען קיין בערלין, וואוהין מ'האָט אים דעם מאָל יאָ אַריינגעלאָזן. דאָ איז ער באַקאַנט גע־וואָרן מיט מענדלזאָנען, וואָס האָט דערקענט זיינע גרויסע כּשרונות און האָט אויסגעפועלט ביי רייכע משכּילים־מעצענאַטן אַ שטיצע פאַר אים. מ'האָט אים געעצהט צו נעמען זיך פאַר אַ בילדונגס־פאַך, פאַר מעדיצין, אָבער עס האָבן דערצו אים גע־פעלט די סיסטעמאַטישע גימנאַזיאַלע ידיעות. אים איז אָבער, ווי ער האָט זיך אַליין מודה געווען, דאַן שוין אויך זייער שווער געווען צו שטודירן מעדיצין, ווייל אים האָט געצויגן צו פילאָסאָפיע און ווייל אים איז געווען שווער צו לערנען זיך, בעת ער האָט געפילט אַ טריב צו לערנען אַנדערע. בכן איז ער געבליבן אָן אַ פאַך און ער איז אָנגעוויזן געווען אויף דער תּמיכה פון די מעצענאַטן. דידאָזיקע הערן זיינען אָבער באַלד אָפּגעקילט און מיד געוואָרן אים צו שטיצן. אין דער זעלביקער צייט האָבן משכּילישע לעבּיונגען, פון קנאה צו זיינע פעיקייטן און צו זיין גוטן נאָמען, שעלמיש גענומען אים פאַרפירן אויף שלעכטע וועגן, בכדי אים צו קאָמפּראָמעטירן אין די אויגן פון מענדל־זאָנען און זיינע פריינד און אַזוי אַרום גורם זיין צום אָפּנעמען זייער שוץ פון אים. דאָס איז זיי אויך געלונגען, מענדלזאָן האָט

זיך אָפּגעזאָגט פון אים, און ער האָט געמוזט פאַרלאָזן בערלין.

מיימון איז אָבער אומשולדיק געווען. ער איז געווען נאַאיוו, אומפּראַקטיש, לייכט באַאיינפלוסט פון גוטס און פון שלעכטס.

איצט האָט זיך בײַ אים ווידער אָנגעהויבן אַ ריי וואַנדערונגען איבער דייטשלאַנד און האָלאַנד. ער האָט לגמרי אָנגעוואָרן דעם מאַטעריעלן באָדן פון אונטער זיינע פיס, איז געפערלעך קראַנק געוואָרן און אַריינגעפאַלן אין אַ טיפן יאוש. איז אים מיאוס געוואָרן זיין פאַרלאָרן לעבן און ער האָט איינמאָל געפּרוּווט אַרויפלייגן אויף זיך אַ האַנט און שטאַרבן מיט אַ מאַטעריעלן טויט, אַ צווייטן מאָל ווידער איז אים איינגעפאַלן אַ משוגעת צו שמדן זיך און שטאַרבן מיט אַ מאָראַלישן טויט. ער האָט אָבער אין דער זעלביקער צייט דערקלערט דעם פּאַסטאָר, אַז אין עצם האַלט ער, אַז די יידישע רעליגיע איז באַגרינדעט אויף אַן אמתערן יסוד ווי די קריסטלעכע און אַז דער גאַנצער צוועק פון זיין שריט איז צו פאַרבעסערן דורכן טויף זיין מאַטעריעלע לאַגע. דער פּאַסטאָר האָט דערויף ניט מסכים געווען און דער ענין האָט זיך געענדיקט מיט גאָרנישט.

דאַן האָט ער זיך נאָך אַמאָל אומגעקערט קיין בערלין, וואו ער האָט ווידער געפּרוּווט באַקומען אַ באָדן אונטער די פיס, אָבער זיין לעבן איז געווען אינגאַנצן צעבראָכן און ער האָט אין פאַרצווייפלונג ווידער פאַרלאָזן בערלין. אַ געוויסע צייט האָט ער מיט דער הילף פון דעם דיכטער אפרים קו באַקומען אַ שטיקל מנוחה אין ברעסלוי.

אין יאָר 1788 האָט ער אַ פּערטן מאָל זיך צוריקגעקערט קיין בערלין. מענדלזאָן איז שוין ניט געווען צווישן די לעבעדיקע, און מיימונס מאַטעריעלע לאַגע איז געוואָרן קאַטאַסטראָפאַל. דאָ זיינען געקומען אים צו הילף די באַרימטע משכילים אליעזר בן־דוד, מארקוס (מרדכי) הערץ און שאול אָשר. די הילף איז אָבער געווען אַ קליינע און מיימון האָט געלעבט אין האַלבן הונגער.

מיימונס לעבן אין דייטשלאַנד איז געווען אַ לאַנגע אומאויפהערלעכע קייט פון וואַנדערונגען, דחקות, הונגער, געפער־

לעכע קראַנקהייטן און יאוש. דאָך האָט ער קיינמאָל ניט אויפ־געהערט צו לערנען. ער האָט אונטער דער צייט באַקומען אַן אַפּטייקער־צייגניש און אַ מאַטורע, געהערט לעקציעס אין אוני־ווערזיטעט, דורכגעשטודירט אַלע פילאָסאָפישע סיסטעמען, האָט פאַרעפנטלעכט אַ ריי פילאָסאָפישע ווערק און צום סוף, בעת ער איז צום פערטן מאָל געווען אין בערלין, האָבן די קאַנטיאַנער בן־דוד און הערץ אים צוגעצויגן צו דער נייער פילאָסאָפיע פון קאַנט. מיימון האָט מיט אַ יוגנטלעכן ברען זיך אַרויפגעוואָרפן אויף דער „קריטיק דער ריינען פערנונפט" און ניט אָוועקגעלייגט זי ביז ער האָט זיך ניט דערגרונטעוועט ביז אין דער טיפסטער טיף פון אירע דערהייבנסטע ענינים.

דאַן האָט ער אָנגעשריבן און פאַרעפנטלעכט זיינע השגות אויף געוויסע יסודות פון קאַנטס פילאָסאָפיע. דאָס ווערק האָט געמאַכט אַ רושם אויף דער גאַנצער פילאָסאָפישער דייטשלאַנד, אויף קאַנטן אַליין, אויף געטען און אַנדערע גדולים. דער נאָמען שלמה מיימון איז געוואָרן באַרימט ווייט און ברייט. געטע, וואָס האָט ניט ליב געהאַט קיין מענטשן, בפרט יידן, האָט אויסגע־דריקט זיין פאַרלאַנג צו פאַרבעטן צו זיך דעם הונגערליידנדיקן פילאָסאָף פון ליטע. אָבער באַלד איז געקומען דער גראַף האַנס וויל העלם אַדאָלף פאָן קאַלקרייט (1766—1830), אַ געלערנטער און אַ ליבהאָבער פון וויסנשאַפט, און האָט איינגע־לאַדן מיימונען צו זיך אין זיין מאַיאָנטעק ניידערסדאָרף אין שלעזיע. ער האָט אים געגעבן אַ באַקוועמע דירה און פולע פרייהייט צו עסן און טרינקען וואָס ער וויל, ווען ער וויל און וואו ער וויל אויף זיין חשבון, און האָט איבערגעגעבן אינגאַנצן אין זיין רשות זיין רייכע ביבליאָטעק. מיט גרויס געדולד האָט דער גראַף געליטן אַלע משונהדיקע גענג פון דעם פילגעליטענעם און עקסצענטרישן מיימון.

דאָרטן איז מיימון פון אויסצערונג אינגיכן געשטאָרבן (22 נאָוו. 1800 יאָר) אויפן 46־טן יאָר פון זיין לעבן, — ביים פולן באַוואוסטזיין און רויק. זיין טויטן קערפּער האָט מען אָוועקגע־פירט קיין גלאָגוי, בכדי צו ברענגען אים צו קבר ישראל.

אָבער די פאַנאַטישע פירער פון דער קהילה האָבן מבזה געווען דעם בר־מינן פון דעם גרויסן נפטר און אים מקבר געווען „קבורת חמור“ הינטערן צוים...

אַזוי האָט געלעבט און אַזוי האָט געליטן און אַזוי איז דערנידעריקט געוואָרן אַ מאַן, וואָס אַלע גדולים פון זיין דור האָבן נ'ט דערגרייכט צו די קנעכלעך פון זיינע פיס.

* *
*

אָן הילף און אָן שטיצע, נייערט בלויז מיט זיין שטאַרקער ליבשאַפט צו וויסנשאַפטלעכער פאַרפולקומענהייט, וואָס האָט אין אים געברענט ווי אַ געטלעכע פלאַם, איז מיימון אין אַ קורצער צייט אויפגעשטיגן אויפן העכסטן שפיץ פון פילאָסאָפיע. די גע־שיכטע פון פילאָסאָפיע קאָן אים ניט און טאָר אים ניט פאַר־בייגיין, ווייל ער איז דער ווייטערדיקער טריט פון קאַנטן.

וואָס האָט אָבער שלמה מיימון צוגעגעבן צו קאַנטס שיטה?— דער ענטפער וועט זיין קורץ. די קריטיציסטישע פילאָסאָפיע באַ־זירט זיך אין עצם אויף דער אַלגעמיינער הנחה, אַז די נאַטור פונם אָביעקט, ווי ער ווערט פאָרגעשטעלט אין די באַגריפן, איז ניט דער אמתער אָביעקט, נייערט די פאָרם זיינע, ווי מיר באַגרייפן אים דורך אונזערע חושים. היות אָבער אונזערע חושים האָבן ניט דעם כּוח צו געבן אונז דעם מהות פונם אָבּ־יעקט, ווי ער איז, נייערט ווי ער דוכט זיך אונז אויס, דעריבער איז ניט בלויז מיר האָבן ניט קיין ריכטיקן באַגריף פון דער נאַטור פון דעם אָביעקט אין אמתן, נייערט מיר מוזן נאָך באַהויפּטן, אַז מיר וועלן קיינמאָל ניט קומען צו באַגרייפן די טבע פונם אמתן אָביעקט און אַז שטענדיק וועלן מיר וויסן נאָר זיין פאָרם, אָבער ניט זיין מהות. — דאָס איז קלאָר אין קאַנטס שיטה. ער האָט אָבער ניט קלאָר געמאַכט זיין מיינונג וועגן דער מציאות פונם אָביעקט: צי עקזיסטירן ווירקלעך זאַכן מחוץ לגבול פון אונזער שכל. נאָר אונזער שכל באַגרייפט זיי ניט, סיידן דורך די חושים, און דעריבער איז זייער בילד, ווי עס איז איינגעשטעלט אין אונזער שכל, ניט קיין אמת בילד;

אָדער מיר ווילן זאָגן, אַז אין דער אמתן עקזיסטירן גאָר ניט קיין זאַכן מחוץ לגבול פון אונזער שכל, און נאָר אונזער שכל שאַפט עס אונז דידאָזיקע בילדער.

אין דער צווייטער אויפלאַגע פון זיין ווערק האָט קאַנט אַרויסגעזאָגט זיך קלערער, אַז לויט זיין באַנעם איז יאָ דאָ אַן עקזיסטענץ מחוץ לגבול פון אונזער שכל, נאָר אונזער שכל איז משיג בלויז די פאָרם פונם אָביעקט, אָבער ניט זיין מהות.

מיימון האָט אויך אַזוי פאַרשטאַנען קאַנטס רייד, דעריבער האָט ער געקריגט אויף אים בלויז טיילווייז. קאַנט האָט געהאַלטן, אַז אויב דער אָביעקט זעט זיך אונז ניט, איז ער על כל פנים משפיע אויף אונז. די חושים באַגרייפן ניט דעם אָביעקט אין זיין נאַטור און מהות, נייערט אין זיין פאָרם; אָבער דער אָביעקט איז משפיע אויף די חושים, באופן זיי זאָלן אים באַ-גרייפן, זאָל זיין אפילו אַ ניט ריכטיק באַגרייפן. אויב דער אָביעקט וואָלט ניט געווען, וואָלטן אונזערע חושים ניט געוואָרן באַווירקט און מושפע אים צו באַגרייפן. דעריבער קענען מיר אין קאַנטס שיטה געפינען אַ ראיה פאַר דער עקזיסטענץ פון די זאַכן מחוץ לגבול פון אונזער שכל, הגם מירן קיינמאָל ניט דער-גיין זייער נאַטור און מהות. קעגן אָט דעם עיקר איז אַרויסגע-טראָטן מיימון. ער האָט באַהויפּט, אַז ניט בלויז עס איז אונז אוממעגלעך צו באַגרייפן די עקזיסטענץ פון די זאַכן אין זייער מהות און נאַטור מחוץ לגבול פון אונזער שכל, נייערט מיר האָבן אפילו ניט קיין ראיה פאַר זייער עקסיסטענץ לויט דער נאַטור פון אונזערע באַגריפן. קאַנטס ראיה איז אַ טעותדיקע, ווייל אויך אונזער פילן די השפעה פון די אָביעקטן איז ניט אויפגעקלערט, — אונזער פילן איז בלויז דער אורטייל און עדות פון אונזער שכל. מיר מיינען, אַז פאַר די חושים איז אוממעגלעך צו באַגרייפן עפּעס, סיידן זיי האָבן באַקומען אַ השפעה פון עפּעס אַן אָביעקט מחוץ לגבול פון אונזער שכל, און דאָס איז עס די סיבה פונם געפיל און פון דעם באַוואוסטזיין. דאָס איז דאָך אָבער מער ניט ווי אונזער אורטייל, קיין פּאָזיטיווער באַווייז אָבער איז נאָך ניטאָ. אויף דער פראַגע על-כן: „צי עקזיסטירט באמת

אַן אָביעקט מחוץ לגבול פון אונזער שכל?" ענטפערט דעריבער מיימון: מעגלעך, אַז עס עקזיסטירט, אָבער מיר ווייסן ניט און מיר קענען ניט וויסן. — פיכטע איז נאָכדעם געקומען צום לעצטן עקסטרעם און האָט באַהויפּט: וויבאַלד מיר ווייסן ניט און מיר קענען ניט וויסן, — איז שוין ממילא געקומען דער באַווייז, אַז עס עקזיסטירט ניט. — דאָס איז דער תמצית פון די חילוקי דעות צווישן קאַנטן און מיימונען פון איין זייט און צווישן מיימונען און פיכטען פון דער אַנדער זייט. ווער עס איז גערעכט, איז אַן אַנדער שאַלה. בכל אופן איז פיכטע שוין אָפּגעפרעגט געוואָרן.

מיימון איז אַרויסגעטראָטן אויך קעגן קאַנטס טעאָריע פון מאָראַל. קאַנט האָט געלערנט, אַז פאַרגעניגן איז קעגן מאָראַל, ווייל די מאָראַל באַזירט זיך דאָך אויף דעם נוצן פון יענעם און אויף אונזער פאַרהעלטעניש צו יענעם, בעת דער פאַרגעניגן איז אונזער אייגנליבע. מיימון האָט געזאָגט, אַז עס זיינען פאַראַן פאַרשיידענע אַרטן פאַרגעניגנס פון מענטשן. דער מאַטעריעלער פאַרגעניגן פאַלט ניט אַרונטער אונטערן גדר „גוטס און שלעכטס" אָן און פאַר זיך, נייערט מצד זיין פאַרהעלטעניש צום צווייטן מענטשן. אויב דער פאַרגעניגן ברענגט ניט קיין שאָדן אונזער מיטמענטשן, איז אין אים קיין שום שלעכטס ניטאָ; ברענגט ער אָבער עמיצן אַנדערן יאָ שאָדן, דאַן איז ער ניט שלעכט אָן און פאַר זיך, נייערט מצד דער פאַרהעלטעניש צו יענעם. אַ פאַרגעניגן קאָן הייגט זיין דערלויבט, לויט דער טבע פון די היינטיקע באַדינגונגען, און מאָרגן קען ער זיין פאַרווערט, לויט דער נאַטור פון די מאָרגנדיקע געשעענישן. איין פאַרגעניגן אָבער איז אינגאַנצן מאָראַליש — דער גייסטיקער פאַרגעניגן. — דערמיט האָט מיימון זיך אומגעקערט צוריק צו אַריסטאָטעלעס שיטה, אַז דער עיקר אין דער מענטשלעכער שלימות איז דאָס וויסן און דער געלייטערטער באַוואוסטזיין.

שלמה מיימון איז געווען און געבליבן אַ בעל-חלומות און אַ אידעאַליסט. צום פּראַקטישן לעבן האָט ער ניט געטויגט און האָט געהאַט דורכפאַלן אויף שריט און אויף טריט. זיין גליק איז געווען, וואָס אין די לעצטע יאָרן פון זיין לעבן האָט זיך אויף

אים מרחם געווען דער גראַף קאָלקרייט און אים געגעבן די מעגלעכקייט צו אַרבעטן און צו פאַרעפנטלעכן זיינע געניאַלע ווערק, וואָס האָבן אים געמאַכט אַן אייביקן נאָמען. אַניט — וואָלט זיין נאָמען אינגאַנצן פאַרגעסן געוואָרן.

אַלע באַדינגונגען פון זיין טרויעריקן לעבן האָבן אים געשטויסן אַלץ טיפער אין תהום פון אונטערגאַנג, אָבער מיט וואונדערבאַרער געניאַליטעט האָט ער פאָרט גובר געווען אַלע הינדערנישן און אים איז געלונגען אַרויפצושטייגן אויף אַן אומגעהייערער גייסטיקער הייך, כאָטש אין זיין מאַטעריעלער לאַגע איז ער כל ימיו פאַרבליבן אויף דער נידעריקסטער מדרגה. אויב אים וואָלט אָפגעגאָלטן אַוועקצושטעלן זיך אויף אַ פעסטן באָדן אין לעבן, וואָלט זיין נאָמען פאַררעכנט געוואָרן צווישן די יחידי סגולה, וואָס זייער צאָל איז זייער קליין אין דער געשיכטע פון פעלקער. און דאָס איז גאָר ניט געווען אַזוי ווייט פון דער מעגלעכקייט, ווען די דייטשע יידן, די משכילים, וואָס צו זיי איז ער געלאָפן נאָך הילף, וואָלטן מיט אים ניט באַגאַנגען זיך מיט אכזריות און בזיונות. קיינמאָל האָט דער דייטשער יידנטום ניט באַהאַנדלט אַזוי פאַרברעכעריש און שענדלעך מענטשן פון גייסט, ווי ער האָט באַהאַנדלט שלמה מיימונען. מיימונס חסרונות זיינען גרעסטנטיילס געקומען פון זיין ביטערן לעבן, — זיינע מעלות אָבער זיינען די פרוכט פון זיין מאָראַלישער זעלבסטדערציִונג אין די פיינלעכסטע אומשטאַנדן. וואָס מען דערציילט וועגן זיינע חסרונות, איז ס'רוב טענדענץ, גוזמאָ, רכילות; פאַרקערט, וואָס מען דערציילט וועגן זיינע מעלות — איז הוילער אמת. ווען יידן וואָלטן געוואוסט, ווער מען זיי האָבן געהאַט, און געשטיצט אים און געלאָזט אַנטוויקלען זיינע געניאַלע כשרונות, וואָלט פון שלמה מיימון אַרויס אַ צירונג פאַר זיין פאָלק און פאַר דער מענטשהייט אין פולן זין פון וואָרט.

די זייטן אין זיין אַוטאָביאָגראַפיע, וואו ער שילדערט די ריינקייט און די שיינקייט פון דעם יידישן פאַמיליענלעבן אין פוילן און ליטע אין XVIII יר״ה און וואו ער טאַדלט סאַרקאַסטיש דאָס ניט-ריינע און ניט-שיינע פאַמיליענלעבן פון די משכילים אין

דייטשלאַנד, ווי אויך די זייטן, וואו ער פֿאַרטיידיקט דעם גראַנדיאָזן קולטור־היסטאָרישן יידישן מאָנומענט—דעם תּלמוד— קעגן די עם־הארצותדיקע אָנפאַלער און לעסטערער — און די ריינע יידישע עטיק בכלל, — אָט די זייטן ווייזן זיין קריסטאַל־ריינע נשמה, וואָס איז געבליבן אומבאַפלעקט, ניט געקוקט אויפן זומפּ, וואוהין די קליינמענטשעלעך האָבן אים, דעם תּמים, אַריינ־געשליידערט.

מיט וואָס פאַר אַ שטילער איינגעהאַלטענער ליבע צו זיין פאַמיליע עס ווייט פון זיינע קורצע כאַראַקטעריסטישע ווערטער וועגן זיין אומווילן צו שיידן זיך מיט זיין פרוי און זון.

אַפילו זיין פּרווו אָנצונעמען דעם קריסטנטום דערווייזט כּלל ניט זיין אַפּטריניקייט. פאַרקערט, עס איז באַוואונדערונגס־ווערט זיין שטאָלצע און ווירדיקע האַלטונג ביים פאַסטאָר. אַ גע־רודפטער זיין גאַנץ לעבן, אַ צעקרענקטער, ליידנדיק די שאַנד פון הונגער, האָט ער גראָד דערוויזן, אַז דער אמת איז אים טייַ־ערער פון אַלץ אין לעבן, פון זיין אייגענעם לעבן. ער האָט זיך אַליין ניט געשאָנעוועט אין זיין אויטאָביאָגראַפיע, אויפגעדעקט אַלע זיינע מאָראַלישע וואונדן אויפריכטיק און אָן רחמנות צו זיך אַליין. ער האָט ניט געוואוסט, וואָס דאָס איז חניפה, און אויב ער האָט צוזאַמען מיט די חסרונות פון זיין פאָלק באַגייסטערט אַרויסגעשטעלט אויך זיינע נאָך מער מעלות,—דאַן הייסט עס, אַז ער האָט טיף אין הארצן הייס געליבט זיין פאָלק. ער איז דאָך פאָרט סוף־כּל־סוף פון אים ניט אַוועק. אָבער מיט וואָס פאַר אַ דאַנק־באַרקייט האָט זיין פאָלק אים באַצאָלט ביי זיין לעבן און נאָך זיין טויט! צווישן אַלע רייכע יידן האָט זיך ניט געפונען קיינער, וואָס זאָל אים אַריינגעמען צו זיך, און בלויז אַ קריסטלעכער גראַף האָט עס געטאָן. און נאָך זיין טויט האָבן יידן זיין כּבוד געלעסטערט און האָבן ניט באַנומען, אַז דאָס איז אַן אויסערגע־וויינלעכע דערהייבענע נשמה געווען! — — —

ער האָט פירכטערלעך און אָן אַ שיעור געליטן פון מענטשן, פון אייגענע ווי פון פרעמדע, און ער איז געווען זייער פאַרבי־טערט; אָבער עס איז פּשוט צום שטוינען, ווען מען לייענט זיין

וידוי און מ'זעט קלאָר אַרויס, אַז פאַרביטערט איז ער געווען פיל מער קעגן דעם סדר פון לעבן, ווי קעגן די מענטשן, וואָס ער האָט פון זיי דירעקט געליטן. ער האָט געשווינט אַפילו די פריצים פון דעם פירשט ראַדזיווילס טיפּ, האָט באַמיט זיך צו פאַרענט־פערן זייערע שיינע מעשים מיטן אַלגעמיינעם פּאָליטישן און מאָ־ראַלישן צעפאַל פון יענער צייט. ער האָט ליב געהאַט פּוילן, איר שאָטן איז נאָכגעגאַנגען נאָך אים אומעטום, וואוהין ער איז גע־גאַנגען, און ער האָט אומעטום געשפּירט זיך ווי איר בירגער. ער האָט איינס פון זיינע וויכטיקסטע ווערק אַפילו געווידמעט דעם יעמאָלטיקן ראש פון פּוילן. און וואָס פאַר אַ באַלויבונג האָט דאָס דאָזיקע פּוילנס שטיפקינד באַקומען פאַר זיין אויפריכ־טיקער הייסער ליבע!

ער איז אַ גוטער מענטש געווען, אָט דער שלמה מיימון, מיט אַן איידעלן כאַראַקטער. אונטער דעם לבוש פון אַ געיאָגטן ישובניק פון אונטער נעסוויזש, אונטער דער מאַסקע פון אַ „באַר־באַר", האָט געלעבט און געליטן אַ וואַרים ליבנדיק צאַרט האַרץ, פול מיט אַ לפאַרגעבן, מיט די איידלסטע עטישע און עסטעטישע געפילן, ווי מ'קען עס ביים טיפערן אַריינדרינ־גען אַרויסזען פון די פאַקטן פון זיין לעבן און פון זיין עצם וידוי.

זיין פילאָסאָפישער געדאַנקענגאַנג איז געווען אומגעהייער טיף, ווי ווייט טיף עס איז בכלל דער מענטשלעכער געדאַנק; ער האָט מיט זיין גייסטיקן בליק דורכגעשפּאָלטן די ווייטסטע ווייטן און די טיפסטע טיפן פונם וועלטאַל, האָט געוואַגט מער ווי אַלע ביז אים געוועזענע דענקער און אַרויסגעזאָגט די קאָפּ־שווינדלדיקסטע רעיונות; אָבער אין אַלע זיינע איבערקאָסמישע נסיעות האָט ער מיטגענומען פאַר באַגלייטער די עטישע און עסטעטישע דיסציפּלינען, ווי דאָס דרינגט באַשיינפערלעך אַרויס פון זיינע הערלעכע טראַקטאַטן וועגן עטיק און עסטעטיק.

העכער אָבער, ליבער און טייערער פון אַלץ איז ביי אים גע־ווען, ווי שוין דערמאָנט, דער אמת. פאַר אים האָט ער זיך מוסר נפש געווען בפועל ממש. דאָס איז צו זען באַזונדערס פון זיין

לעצטן געשפּרעך מיט מענדעלזאָנען. ווען ער וואָלט געפּועלט ביי זיך אומגעטריי צו ווערן זיין אייגענער נשמה, וואָלט ער אוועק־געשטעלט געוואָרן אויף אַן אַנדערער, אומגעהייער הויכער מדרגה פונם געזעלשאַפטלעכן לייטער. ער איז אָבער געטריי גע־בליבן זיך, זיין אמת, און האָט פאַר אים זיין לעבן אָפּגעגעבן. ער האָט אָבער אינטואיטיוו געשפּירט, אַז מ׳וועט אים ניט פאַר־שטיין, אַז מ׳וועט אים פאַלש פאַרשטיין, אַז מ׳וועט אומגערעכ־טיק אים פאַרמשפּטן, און עס וועט ליידן דערפון דער אמת, דער אָביעקטיווער, אַבסאָלוטער אמת, — און ער האָט באַ־שלאָסן, פּונקט ווי זשאַן זשאַק רוסאָ, איבערצוגעבן דער וועלט זיין לעבנסגעשיכטע, וואָס זאָל ווייזן בולט און קלאָר די גאַנצע קייט לאָגישע סיבות און לאָגישע אָדער אומלאָגישע צו־פאַלן, וואָס האָבן גורם געווען צו דער טראַגעדיע פון זיין לעבן.

ווען שלמה מיימון וואָלט ניט אָנגעשריבן זיינע העכער זעכציק גראַנדיאָזע פילאָסאָפישע ווערק און וואָלט איבערגעלאָזן פאַר די צוקינפטיקע דורות בלויז די איינע „לעבנסגעשיכטע“ זיינע, וואָלט זי אַליין שוין געקלעקט צו שאַפן אים אַן אייביקן רומפולן נאָמען צווישן די קלאַסיקער פון דער וועלט־ליטעראַטור. אין דעם איינעם ווערק אַליין האָט ער אַרויסגעוויזן דעם גאַנצן גלאַנץ פון זיינע פילאָסאָפישע און קינסטלערישע כשרונות. דאָ האָט ער געגעבן בילדער, וואָס זיינען לעבעדיק און פריש נאָך ביז צום היינטיקן טאָג, בילדער, וואָס עטעמען מיט היסטאָרישן און קינסטלערישן אמת, — פּערל פון עכטער קינסטלערישער שיינקייט. דאָס איז אַ קונסט־ווערק פון ערשטער מדרגה, וואָס דייטשלאַנדס גרעסטער וואָרט־גאון גע טע האָט פאַר אַזאַ עס אָנערקענט און אַריינגעזעצט דעם מחבר זיינעם, מיימונען, אינעם פּאַנטעאָן פון די דייטשע קלאַסיקער. שלמה מיימון אָבער איז דאָך געווען אונזערער בלב ונפש, מיט זיין גאַנצן האַרץ און גייסט, — בכן לאָמיר אים אַריינגעמען אויך אין דעם פּאַנ־טעאָן פון אונזער ליטעראַטור. ער וועט, כ׳לעבן, ניט פאַרשעמען אירע קאָריפייען, וואָס האָבן, אגב, ניט ווייניק געטרונקען פון

זיין לעבעדיקן קוואַל. שוין לאַנג צייט, דער נאָמען שלמה מיימון זאָל ווערן פּאָפּולער אין אונזער פאָלק. דערמיט וועט דער אומ־געדעכט פאַרשריענער און פאַריאָגטער גאון באַקומען עֲלִיַּת נשמה.

א. י. גאָלדשמידט.

ווילנע, 1 נאָוו. 1927.

# רשימה פון שלמה מײמונס װערק.

## א) ביכער און כתב־ידן אין העברעיש.

1. „גבעת המורה", אַ קאָמענטאַר אויף מורה נבוכים, 1־טער טײל, בערלין תקנ"א (1791) מיט אַ הקדמה — קורצע געשיכטע פון דער פילאָסאָפיע; 2־טע אויפלאַגע װין 1828; 3־טע — זולצבאַך 1890.
2. „ביאור פילוסופי על פירוש המשניות להרמבם", אײן קאַפּיטל אויף מסכת אָבות פאַרעפנטלעכט אין „המאסף" תקמ"ט (1789), אונטערגעשריבן „שלמה", מיט אַ בריװ צו די אַרויסגעבער (מיט דער פולער אונטערשריפט: שלמה בן יהושע ממדינת ליטא); אַנדערע קאַפּיטלעך געדרוקט אין אַנדערע יאָרגענג „המאסף"; שפּעטער אַרויס אינגאַנצן אין דײטש.
3. „חשק שלמה" אין פינף טײל, פילאָסאָפישע קאָמענטאַרן אויף רבנו ניסים, אבן־עזרא, ר׳ בחיי, אויך פילאָסאָפישע חקירות װעגן מעשה בראשית און אַלגעברע (כ"י, דערמאָנט אין אברהם גײגער, „צײטשריפט פיר װיסענשאַפט אונד לעבען" 1866).
4. „תעלומות חכמה", אויך „אוצרות חיים", איבער מאַטעמאַטיק און פיזיק (כ"י, אויך דערמאָנט בײ גײגער).
5. „תורת המטימטיקה" או „כללי החשבון, אלגברא ואנאליזיס" (כ"י).
6. „קורות היהודים" באַנאַש, איבערגעז. פון פראַנצ. (כ"י).
7. „תורת הטבע", נאַטורװיסנשאַפט, לויט ניוטאָנס שיטה (כ"י).
8. „מועדי בוקר", איבערז. פון מענדלזאָנס „מאָרגענשטונדען" (כ"י).

און נאָך אײניקע פאַרלאָרענע מאַנוסקריפּטן.

## ב) ביכער אין דייטש.

1. „פערזוך איבער דיע טראַנסצענדענטאַלפילאָזאָפיע“, בערלין 1790.
2. „פילאָזאָפישעס ווערטערבוך“, בערלין 1791.
3. „אַנקינדיגונג אונד אַופפאָרדערונג צו איינער אַללגעמיינען רעוויזיאָן דער וויסענשאַפטען“, בערלין 1792.
4. „בעקאָן פאָן ווערולעם: נויעס אָרגאַנאָן“, בערלין 1793.
5. „זאַלאָמאָן מאַימאָנס לעבענסגעשיכטע“, 1-טער טייל, בערלין 1792; 2-טער טייל דיטאָ 1793; 2-טע אויפלאַגע מינכען 1911.
6. „אַנפאַנגסגרינדע דער ניוטאָנישען פילאָזאָפיע“ פון ד״ר פעמבערטאָן, מיט אָנמערקונגען און הקדמה פון ש. מיימון, בערלין 1793.
7. „שטרייפערייען אים געביעטע דער פילאָזאָפיע“, בערלין 1793
8. איבער דיע פראָגרעססען דער פילאָזאָפיע“, בערלין 1793.
9. „פערזוך איינער נויען לאָגיק“, בערלין 1794; 2-טע אויפלאַגע בערלין 1798.
10. „קריטישע אונטערזוכונגען איבער דען מענשליכען גייסט“, לייפציג 1797.
11. „דיע קאַטעגאָריען דעס אַריסטאָטעלעס“, בערלין 1794, 2-טע אויפלאַגע דיטאָ 1798.

## ג) 25 גרויסע פילאָסאָפישע אַרטיקלען
### אין די פאָלגנדיקע דייטשע צייטשריפטן:

1. „בערלינישעס זשורנאַל פיר אַופקלערונג“, יאָרגענג 1789, 1790 און 1792.
2. „בערלינישע מאָנאַטסשריפט“ 1789, 1794 און 1795.
3. „דויטשע מאָנאַטסשריפט“ 1791.
4. „קראָנאָס“ 1801.
5. „מאַגאַצין פיר ערפאַהרונגסזעעלענקונדע“ 1791, 1792, 1793.
6. „נויע בערלינישע מאָנאַטסשריפט“ 1799, 1800, 1801.

7. נויעס מוזעאום דער פילאָזאָפיע אונד ליטעראַטור" 1803, 1804.
8. „פילאָזאָפישעס זשורנאַל דער געזעלשאַפט דויטשער געלעהר- טער", 1795.

ד) 19 אָדער 20 דייטשע מאַנוסקריפטן.

## שריפטן און נאָטיצן וועגן שלמה מיימון.

1. פיכטע: „איבער דען בעגריף דער וויססענשאַפטסלעהרע", ווייטאר 1794.
2. ווילהעלם פאָן הומבאָלדט: „בריעפע אן שיללער".
3. שיללער אן געטהע.
4. שיללער אן קערנער.
5. לאַצארוס בענדאַוויד: „איבער זאַלאָמאָן מאַמאָן", אין „נאַציאָנאַלצייטשריפט פיר וויססענשאַפט, קונסט אונד גע- ווערבע", 1801.
6. ד"ר ז. ה. וואָלף: „מאַימאָניאַנא" (מאַטעריאַלן צו מיימונס ביאָגראַפיע), בערלין 1813.
7. געטע וועגן מיימון אין דער „מאַימאָניאַנא".
8. ערדמאַנן: „געשיכטע דער נויערען פילאָזאָפיע", ב. 3, 1853.
9. דיכאָ: „ענטוויקעלונג דער דויטשען שפעקולאַציאָן זייט קאַנט", 1846.
10. דיטאָ: „גרונדריס דער געשיכטע דער פילאָזאָפיע", 1871.
11. א. גייגער: „יידישע צייטשריפט פיר וויסענשאַפט אונד לעבען", 1866, ב. IV, ז"ז 189—199.
12. עדואַרד צעללער: „געשיכטע דער דויטשען פילאָזאָפיע זייט לייבניץ", מינכען 1873.
13. קאַרל ראָזענקראַנץ: „געשיכטע דער קאַנטישען פילאָ- זאָפיע", לייפציג 1840.
14. אויגוסט מעלצנער: „זאַלאָמאָן מאַימאָנס ערקענטניס-

טהעאָרעטישע פערבעסערונגספערזוכע דער קאַנטישען פילאָזאָפיע", גרייפסוואַלד 1889.

15. גאָאַק: „פילאָזאָפיעגעשיכטליכעס לעקסיקאָן", 1879.

16. לודוויג ראָזענטאַל: „ז. מאַימאָנס פערזוך איבער די טראַנסצענדענטאַלפילאָזאָפיע", אין „צייטשריפט פיר פילאָזאָפיע", 1893.

17. ז. רובין: „די ערקעננטניס-טהעאָריע מאַימאָנס", בערן 1897.

18. צימערמאַנן: „דער יודע קאַנטס" אין „דויטשע רעווי" 1878.

19. ה. וויטטע: „זאַלאָמאָן מאַימאָן", בערלין 1876.

20. קונאָ פישער: „געשיכטע דער נויערן פילאָזאָפיע", ב. V, 1884.

21. איבערוועג-הייניצע: „געשיכטע דער נויערן פילאָזאָפיע", 1907.

22. ווינדעלבאַנד: „געשיכטע דער נויערן פילאָזאָפיע", לייפציג 1907, ב. II, ז"ז 202—206.

23. Arvéde Barine: „Un juif polonais" אין „Revue des deux mondes" 1889, ב. 55, ז"ז 771—802.

24. „Из автобиографии Соломона Маймона", "Еврейская Библиотека", 1871—1872 אייניקע הערות.

25. „תולדות שלמה מימון", איבערזעצונג און הקדמה פון י. ח. טביוב, פאַרל. „תושיה", וואַרשאָ, 1898/9.

26. י. מ. יאָסט: „געשיכטע דער איזראַעליטען", 9-טער ב. ז' 100, בערלין 1828.

27. גרעץ: „געשיכטע דער יודען", ב. XI, ז"ז 142=154; „דברי ימי היהודים", לעצטער באַנד, איבערז. פון י. א. טריוואַש, ז"ז 104—111, און די ציונים.

28. ס. מ. דובנאָוו: "Всеобщая история евреев", פעט. 1906, ב. III, ז"ז 332 און 333.

29. „צייטשריפט פיר די געשיכטע דער יודען דויטשלאַנדס", ב. I, 1884.

30. פאַרל. "Мир", מאָסקווע 1914, "История евреев в России" ב. 1 (XI), ז"ז 497 און 498.

31. ד״ר י. ל. קאַנטאָר: „דור המאספים״, אין „מאסף״, ביילאַגע צום „האסיף״, וואַרשע תרמ״ז, ז״ז 8—15.

32. פאַביוס מיזעס: „קורות הפילוסופיא החדשה״ (אַפּאָלאָגיע), לייפּציג 1887, ז״ז 84 און 96—119.

33—36. ד״ר שמעון בערנפעלד: „דור תהפוכות״, 1־טער טייל, וואַרשע תרנ״ז, ז׳ 35; דיטאָ 2־טער ט. תרנ״ח, ז״ז 33—68; „שלמה מימון״, אין „השלח״, 1901, ב. 7, ז״ז 226—234; „דעת אלהים״, ספר רביעי — „הקבלה והפילוסופיא החדשה״, ז׳ 364; „קעמפּפענדע גייסטער אים יודענטום״, בערלין 1907, ז״ז 59—119.

37. איזידאָר בעק: „די עטישען אַנשאַונגען פאָן זאַלאָמאָן מאַימאָן״,ווירצבורג 1896.

38. אוּאַ טסאָן: „סאָלאָמאָן מאַימאָן״, טאָראָנטאָ (קאַנאַדע) 1890.

39. ד״ר דוד ניימאַרק: „תולדות הפילוסופיא בישראל״, ב. I, ז׳ 361.

40. ד״ר נחום סלושץ: „קורות הספרות העברית החדשה״, ב. I, ז׳ 36.

41. „עליות אליהו״ (ביאָגראַפיע פון ווילנער גאון) ז״ז 61—64, אַ בריוו, וואָס איז על פּי טעות צוגעשריבן שלמה מיימונען.

42. בערטהאָלד אויערבאַך: „דיכטער אונד קאַופמאַן״ („אפרים קו״, העבר. איבערז. פון י. ח. טביוב, פאַרל. „אַחיאָסף״, וואַרשע תרנ״ד, ז״ז 254—259).

43. ישראל זאַנגוויל: „Ghetto tragedies״ 1898; אין זעלביקן יאָר רוסישע איבערזעצונג אין „Восход״; אין 1908 אַוטאָריזירטע דייטשע איבערזעצונג דורך ד״ר היינס האַנס עוועררס אין בערלין א״ט: „מאַימאָן דער נאַרר אונד נאַטאַן דער וויזע״; דאָס זעלביקע איבערגעזעצט אויף יידיש דורך א. פרומקין אין 1910 אין לאָנדאָן ביי ב. רודערמאַן א״ט: „מימון דער נאַר און נתן דער חכם״.

44. „אוצר ישראל“ (העבר. ענציקלאָפעדיע), הלק ששי, תרע״א, ז״ז 173—175.
45. „Jewish Enc.“ ב. VIII, ז״ז 266—269.
46. „Евр. Энцикл.“ ב. X, ז״ז 527—531.
47. „לעקסיקאָן פון דער יידישער ליטעראַטור, פרעסע און פילאָ־לאָגיע“ פון ז. רייזען, ווילנע 1927, ב. II, ז. 16.
48. „קול מבשר“ 1871 און 1872, פאַרקירצטע באַארבעטונג פון ש. מיימונס אַווטאָביאָגראַפיע דורך דוד כהנא, די הערה.

א. י. גאָלדשמידט.

ווילנע, 1 נאָוו. 1927.

# אינהאלט

## ערשטער טייל


זייט

ארייַנפיר — — — — — — — — — — — — — — — — 3

1. מיין זיידנס באַלעבאַטישקייט — — — — — — — — — — — — 8

2. די ערשטע זכרונות פון מיין קינדהייט — — — — — — — — — — 19

3. הויזלעכע דערציונג און זעלבסטבילדונג — — — — — — — — — — 22

4. די חדרים. די פרייד פון זיי דערלייזט צו ווערן איז גורם אַ קראַנק־
הייט אין אַ פוס — — — — — — — — — — — — — — 33

5. מיין משפחה פאַלט אַריין אין אַ גרויסן אומגליק, און אַן אַלטער די־
נער, אַ קריסט, ווערט פאַר זיין געטריישאַפט צו זיין יידישן באַ־
לעבאָס באַגראָבן „קבורת חמור" — — — — — — — — — — 38

6. אַ נייער וואוינאָרט און נייע צרות. דער לימוד פון תלמוד — — 43

7. די פרייד געדויערט ניט לאַנג — — — — — — — — — — — — 49

8. דער תלמיד ווייס מער פונם רבין, אַ גנבה לויטן נוסח פון רוסאָ, וואָס
ווערט צום סוף אַנטדעקט. דער רשע שאַפט זיך איין און דער
צדיק קליידט זיך אָן — — — — — — — — — — — — — 54

9. יוגנט־ליבע און שידוכים. „שיר השירים" אַלס שדכן. אַ נייער אופן
פון פרנסה. די שוואַרצע פאָקן — — — — — — — — — — — 59

10. מ'רייסט זיך איבער מיר. איך באַקום צוויי ווייבער מיט אַ מאָל און
צום סוף גנבעט מען מיך גאָר אַרויס פון פאָטערס הויז — — — 64

11. מיין חתונה אויפן עלפטן לעבנסיאָר מאַכט מיך פאַר אַ שקלאַף פון מיין
פרוי און פאַרשאַפט מיר קלעפ מצד מיין שוויגער. אַ רוח בצורת בשר־ודם 72

12. די סודות פון מאַן־און ווייב־לעבן. פירשט ראַדזיוויל אָדער וואָס
אין פוילן איז מעגלעך — — — — — — — — — — — — — 77

13. מיין שטרעבונג צו השכלה — אין אַן אומאויכהערלעכן געראַנגעל מיט
כל המינים נויט און צרות — — — — — — — — — — — 87
14. איך לערן חכמת הקבלה און ווער צום סוף גאָר אַ דאָקטאָר — — 91
15. איבערבליק איבער דער אַנטוויקלונג פון דער יידישער רעליגיע פון
איר אָנהייב ביז די נייסטע צייטן — — — — — — — — — — 109
16. פרומקייט און וועגן פון תשובה — — — — — — — — — — 136
17. פריינדשאַפט און פילאָסאָפירונגען — — — — — — — — — 142
18. דאָס לעבן אויף קאָנדיציע — — — — — — — — — — — 149
19. דאָ דערציילט זיך וועגן אַ געהיימער געזעלשאַפט, דעריבער איז דער
קאַפּיטל אַ לאַנגער — — — — — — — — — — — — 156
20. המשך פון פאַריקן קאַפּיטל, אויך עטוואָס וועגן רעליגיעזע מיסטעריעס 186
21. מיינע נסיעות קיין קיניגסבערג, שטעטין און בערלין, בכדי זיך פאַר-
פולקומען אין קענען מענטשן — — — — — — — — — — 201
22. די לעצטע מדרגה פון עלנד און פיין און די ישועה — — — — — 212

# ערשטער טייל.

## אַרײַנפיר.

די אייגוואוינער פון פוילן קענען איינגעטיילט ווערן אין זעקס קלאַסן אָדער שטאַנדן: העכערער אַדל, נידעריקערער אַדל, האַלבאַדעליקע, מעשטשאַנעס, פויערים און יידן.

דער העכערער אַדל באַשטייט פון די גרויסע גוטבאַזיצער און פון די העכערע מלוכה־באַאמטע. דער נידעריקערער אַדל קען, אמת, אויך באַזיצן אייגענע גיטער און פאַרנעמען אַלע אַמטן אין דער מלוכה, אָבער מחמת דער אָרעמקייט זיינער קען ער זיך דערצו ניט דערשלאָגן. די האַלבאַדעליקע טאָרן ניט פאַרמעגן פריי קיין אייגענע גיטער און ניט פאַרנעמען קיין העכערע שטעלעס אין דער מלוכה, מיט וואָס זיי אונטערשיידן זיך פונם איבעריקן אַדל. אמת, דער האַלבאַדעליקער באַזיצט דאָ און דאָרטן וואָסערע־ס'איז מאַיאָנטקעס, אָבער ער געפינט זיך אין אַ געוויסער אָפּהענגיקייט פון דעם פריץ, אין וועמעס געביט עס ליגן דידאָזיקע גיטער, דען ער מוז אים דערפאַר צאָלן אַ יערלעכן צינז.

דער מעשטשאַנעס־שטאַנד (בירגערשטאַנד) איז דער אָרעמסטער און שפּלסטער צווישן אַלע איבעריקע שטאַנדן. אמת, די מעשטשאַנעס זיינען ניט קיין לייב־אייגענע, זיי געניסן אייניקע רעכט און האָבן אַפילו אַן אייגענעם געריכט, אָבער היות זיי פאַרמעגן ס'רוב ניט קיין גיטער, וואָס זאָלן אַריינטראָגן געצוג הכנסות, און באַשעפטיקן זיך ניט ווי געהעריק מיט קיין

מלאכה, מיט קיין שום פּראָפעסיע, פאַרבלייבן זיי תּמיד אין אַ בּוּוידיקן און געדריקטן מצב.

די לעצטע צוויי שטאַנדן, די פּויערים און די יידן, זיינען די ניצלעכסטע אין לאַנד. די פּויערים באַשעפטיקן זיך מיט ערדאַרבעט, מיט האָדעווען בהמות, מיט בינענצוכט א. אַז. וו., קורץ, מיט אַלץ, וואָס די ערד ברענגט אַרויס. די יידן פאַרנעמען זיך מיט מסחר און אינדוסטריען, זיי זיינען בעל־מלאכות, בּעקער, בּרויער, שענקער וכדומה. זיי זיינען אויך די איינציקע אַרענ־דאַרס אין די שטעט און דערפער, מיטן אויסנאַם פון די קלוי־סטערשע מאַיאָנטקעס, וואו די גלחים האַלטן פאַר אַ חטא צו געבן אַ יידן די מעגלעכקייט זיך צו דערנערן און גיבן דעריבער אָפּ זייערע פעלדער אין אַרענדע בעסער די פּויערים; און כאָטש די אַרענדירטע גיטער גייען צו גרונד, ווייל די פּויערים זיינען לחלוטין ניט אַזוי פעיִק און פלייסיק ווי די יידן, און די גלחים האָבן דערפון גרויס היזק, פונדעסטוועגן טראָגן זיי דאָס גערן אַריבער מיט קריסטלעכער געדולד.

אין סוף פון פאָריקן יאָרהונדערט זיינען די פאַכט־גיטער אין פוילן שרעקלעך געפאַלן — מחמת דער אומוויסנקייט פונם גרעסטן טייל פוילישע פּריצים, מחמת זייער אונטערדריקן די לייבאייגענע און מחמת עס איז לגמרי ניט אָפּגעהיט געוואָרן קיין עקאָנאָמיע. ס׳איז דערגאַנגען אַזוי וויט, אַז אַן אַרענדע, וואָס ברענגט איצט איין אַן ערך טויזנט פוילישע גילדן, פלעגט מען דענסטמאָל אָנבאָטן אַ יידן פאַר צען גילדן, און דאָך האָט דער ייד, מחמת נאָך גרעסערער אומוויסנקייט און אָפּגעלאָזנקייט, ניט געקענט שוין מער דערנערן זיך פון דער דאָזיקער שפּאָט־ביליקער אַרענדע. אָבער איין צופאַל האָט לגמרי געענדערט דעם מצב הענינים. צוויי ברידער, געקומענע פון גאַליציע, וואו די יידן זיינען בכלל אַ סך איבערגעשפּיצטער ווי אין ליטע, האָבן אונ־טערן נאָמען „דערזשאַווצעס״ אָדער הויפּט־חוכרים געגומען אין אַרענדע אַלע מאַיאָנטקעס פונם פירשט ראַדזיוויל, און מיט אומ־געוויינלעכן פלייס און בעסערער פירונג פון דער ווירטשאַפט האָבן זיי ניט בלויז געבראַכט די דאָזיקע גיטער אין אַ בעסערן

צושטאַנד, נאָר זייענדיק אין אַ קורצער צייט אויף אַליין רייך געוואָרן.

זיי האָבן געהעכערט דעם אַרענדע-פּרייז, ניט אַכטנדיק אויפן ווייגעשריי פון זייערע שטאַמברידער, און זיי פּלעגן איינ-מאָנען דאָס אַרענדע-געלט פון זייערע סוב-אַרענדאַטאָרס מיט אומברחמנותדיקער שטרענגקייט. זיי פּלעגן אַליין השגחה געבן אויף די פּאַכט-גיטער, וואָס האָבן זיך געפונען אונטער זייער רשות, און אַז זיי פּלעגן געפינען אַ סוב-אַרענדאַטאָר ליגנדיק פון פוילקייט אָדער שיכורערהייט אויפן אויוון, אָנשטאָט צו אַר-בעטן און מיט פלייס און עקאָנאָמיע צו פאַרבעסערן זיין אַרענדע צוליב דער אייגענער טובה און לטובת דעם באַלעבאָס פון מאַ-יאָנטעק,—פּלעגן זיי באַפעלן אַראָפּצושלעפּן אים פון אויוון און מיט שמיץ אים אויפצוועקן פון זיין לעטאַרגישן שלאָף. אַזאַ באַ-האַנדלונג מצד די הויפּט-חוכּרים האָט טיף אויפגעבראַכט זייערע פאָלקסברידער, וואָס האָבן זיי געקרוינט מיטן נאָמען טיראַנען.

דידאָזיקע טיראַניע האָט אָבער געהאַט זייער אַ גוטע ווירקונג. דער אַרענדאַר, וואָס איז פריער ניט געווען ביכולת צו באַצאָלן צום געהעריקן טערמין זיינע צען גילדן אַרענדע, ניט אַריינפאַלנדיק אַפריער אין קייטן, האָט איצט, אַדאַנק די נגישות פון די הויפּט-חוכּרים, באַקומען אַזאַ התעוררות צו ענערגישער טעטיקייט, אַז ער איז געווען אין שטאַנד פון די הכנסות פונם אַרענדירטן מאַיאָנטעק ניט בלויז מפרנס צו זיין בהרחבה זיין הויזגעזינד, נאָר חוץ דעם אויך צו באַצאָלן אָנשטאָט די צען גילדן—פיר הונדערט, פינף הונדערט און אַן אַנדערשמאָל אַפילו טויזנט גילדן אַרענדע.

די יידן ווידער קענען איינגעטיילט ווערן אין דריי קלאַסן: אויף ניט-געלערנטע מענטשן, וואָס באַשעפטיקן זיך מיט מסחר און מיט כּל המינים מלאכות און אַרבעט; אויף גע-לערנטע, וואָס מאַכן זייער תּורה פאַר זייער פּראָפעסיע, און אויף לומדים, וואָס גיבן אָפּ זייער לעבן נאָר אויף לערנען, פאַרנעמען זיך ניט מיט קיין שום פּראָפעסיע און ווערן אויסגעהאַלטן אויפן חשבון פונם האַנדלס-אינדוסטריעלן קלאַס. דער צווייטער קלאַס

באַשטייט פון רבנים, דיינים, ראשי־ישיבות, מגידים, מלמדים וכדומה. דער דריטער קלאַס באַשטייט פון די „עילויים", וואָס מיט זייערע אויסערגעוויינלעכע כשרונות און גרויסער בקיאות און חריפות אין לערנען רופן זיי אַרויס אַ טיפן יראת־הכבוד ביי די ניט־געלערנטע; דידאָזיקע ניט־געלערנטע נעמען זיי אַריין צו זיך אין הויז, נעמען זיי פאַר איידעמס און האַלטן אויס מיט קעסט אין משך פון עטלעכע יאָר זיי און זייערע ווייבער מיט די קינ־דער. נאָכדעם אָבער ווי עס ענדיקן זיך די באַשטימטע יאָרן פון קעסט, איז די אישה מחוייב מפרנס צו זיין איר הייליקן בטלן מיט זייערע סך קינדער (דען דער דאָזיקער קלאַס פרוכפּערט זיך דווקא און מערט זיך שטאַרק), און זי האַלט נאָך דידאָזיקע שווערע שליחות אירע פאַר אַ גרויסן זכות און פאַר אַ גרויסן כבוד.

עס איז אפשר ניטאָ נאָך אַזאַ לאַנד, וואו רעליגיאָנס־פריי־הייט און רעליגיעזע שנאה זאָלן זיין אַזוי גלייך שטאַרק, ווי אין פוילן, די יידן האָבן דאָ פולע פרייהייט אָפּצוהיטן זייער רעליגיע און געניסן פון אַלע אַנדערע בירגערלעכע רעכט, האָבן אַפילו רעכט אויף אַן אייגענער יוריסדיקציע. פון דער אַנדער זייט איז דאָ די רעליגיעזע שנאה אַזוי שטאַרק, אַז דער עצם נאָמען ייד איז צו שאַנד און צו שפּאָט, און דידאָזיקע פאַראַכטונג—די ירושה פונם באַרבאַרישן מיטלאַלטער—האָט זיך נאָך געהאַלטן אין מיינע צייטן, אַן ערך מיט דרייצן יאָר צוריק. דידאָזיקע כלומרשטיקע סתירה לאָזט זיך אָבער זייער גוט דערקלערן, ווען מען טראַכט זיך אַריין אינם מקור פון דער רעליגיעזער פרייהייט און פונם רעליגיעזן האַס, וואָס הערשן צוגלייך אין לאַנד. די רעליגיעזע און בירגערלעכע פרייהייטן, וואָס זיינען געגעבן געוואָרן די יידן אין פוילן, זיינען ניט קיין רעזולטאַט פון אַכטונג צו די אַלגעמיינע מענטשן־רעכט, און פונקט אַזוי זיינען פון דער אַנדער זייט די שנאת־הדת און די רדיפות בשום אופן ניט דער פועל־יוצא פון אַ קלוגער פּאָליטיק, וואָס שטרעבט אָפּצו־ראַמען יענע אַלע עלעמענטן, וואָס קענען שעדלעך זיין פאַר דער מאָראַל און וואוילשטאַנד פון דער מלוכה. אי דאָס אי יענץ איז אַ רעזולטאַט פון פּאָליטישער עם־הארצות און פוילקייט, וואָס

הערשן אין לאנד. היות די יידן, ניט געקוקט אויף זייערע אלע חסרונות, זיינען גראד די איינציק-נוצלעכע מענטשן אין לאנד אויף די געביטן פון מלאכה און מסחר, איז די פוילישע נאציע געווען געצוואונגען, בכדי צו באפרידיקן אירע אייגענע הצטרכותן, צו געבן די יידן אלע מעגלעכע זכיות, און דאך האבן פון דער אנדער זייט די גייסטיקע אומוויסנקייט און די פוילקייט געמוזט אומפארמיידלעך ארויסרופן רעליגנעזע שנאה און רדיפות.

# ערשטער קאַפּיטל.

## מיין זיידנס באַלעבאַטישקייט.

מיין זיידע היימאַן יוסף האָט געהאַלטן אין אַרענדע אייניקע דערפער אין שכנות פון דער שטאָט מירץ, אין די נחלאות פונם פירשט ראַדזיוויל. פאַר זיין זיצאָרט האָט ער זיך אויסגעקליבן דעם דאָרף סוקאָוויבאָרג אויפן ניעמאַן. חוץ אייניקע קליינע פויערשע הויפן, איז דאָ נאָך געווען אַ וואַסערמיל, אַ קליינער האַפן און סקלאַדן פון סחורה פאַר די שיפן, וואָס פלעגן קומען פון דער פרייסישער שטאָט קיניגסבערג. דאָס אַלץ, ווי אויך אַ בריק הינטערן דאָרף און אַ פּאַראָם אויף דער אַנדער זייט פונם ניעמאַן, האָט געהערט צו דער אַרענדע, וואָס האָט זיך דענסטמאָל געצאָלט אַן ערך טויזנט גילדן און איז געווען מיין זיידנס חזקה. דידאָזיקע אַרענדע האָט אַיינגעבראַכט גרויס הכנסה צוליב די סקלאַדן סחורות און צוליב דעם, וואָס זי האָט זיך געפונען אויפן גרויסן טראַקט. וואָלט מיין זיידע געווען אַ ענערגישער און טעטיקער מענטש און וואָלט ער געהאַט ידיעות אין הלכות עקאָנאָמיע, וואָלט ער געקענט ניט בלויז בהרחבה מפרנס-זיין זיין פאַמיליע, נאָר אויך מאַכן אַ גרויס פאַרמעגן. אָבער די שלעכטע אָרדענונגען אין לאַנד און דער פולשטענדיקער מאַנגל אין אַלע נייטיקע ידיעות, ווי אַרויסצובאַקומען נוצן פון דער ערד, זיינען געווען דערצו אַ גרויסער שטער.

מיין זיידע האָט אַריינגעזעצט זיינע ברידער פאַר סובאַרענדאַרס אין די דערפער, וואָס האָבן געהערט צו זיין פאַכט. זי-

האָבן שטענדיק געוואוינט ביי מיין זיידן אין הויז, מיטן אויסרייד, אַז זיי העלפֿן אים כלומרשט אין זיינע סך געשעפֿטן, און צום סוף יאָר האָבן זיי אַפֿילו ניט געוואָלט באַצאָלן דאָס אַרענדע־געלט, וואָס האָט פֿון זיי געקומט.

די בנינים, וואָס האָבן געהערט צו מיין זיידנס פּאַכט, זיינען שוין געווען חרוב פֿון אַלטקייט און מ׳האָט זיי געדאַרפֿט רעמאָנטירן. אויך דער האָפֿן און די בריקן זיינען געווען אין אַ שלעכטן צושטאַנד. אמת, לויטן אַרענדע־קאָנטראַקט איז דער גוטסבאַזיצער מחויב געווען אַלץ צו פֿאַרריכטן און ברענגען אַלע חרובע בנינים אין געהעריקן צושטאַנד, אָבער דער אָדון הגדול איז, ווי אַלע פּוילישע מאַגנאַטן, כּל ימיו געזעסן אין ווארשע און האָט בכן ניט געקענט לייגן די געהעריקע אַכט אויף צו פֿאַרריכטן און רעמאָנטירן זיינע גיטער. זיינע פֿאַרוואַלטערס ווידער האָבן דער עיקר געהאַט מער אין זינען די אייגענע טובה און די פֿאַרבעסערונג פֿונם אייגענעם מצב, איידער די פֿאַרבעסערונג פֿונם פּריצס מאַיאָנטקעס. זיי האָבן געדריקט זייערע אונטערטאַנען דורך כּל המינים שווערע שטייערן, האָבן פֿאַרנאַכלעסיקט די שוין אָפּגעגעבענע באַפֿעלן פֿונם פּירשט צו פֿאַרריכטן די מאַיאָנטקעס, און די סומעס, וואָס זיינען דערויף באַשטימט געווען, האָבן זיי פֿאַרווענדט צום אייגענעם געברויך. אמת, מיין זיידע האָט טאָג־איין טאָג־אויס געמאָלדן וועגן דעם די פֿאַרוואַלטערס און פֿאַרזיכערט, אַז אים וועט אוממעגלעך זיין צו באַצאָלן די אַרענדע, אויב אַלץ וועט ניט געבראַכט ווערן אין דער געהעריקער אָרדענונג, ווי דאָס פֿאָדערט דער קאָנטראַקט. אָבער קיין זאַך האָט ניט געהאָלפֿן. מ׳האָט אַפֿילו שטענדיק צוגעזאָגט, אָבער די הבטחות זיינען קיינמאָל ניט ערפֿילט געוואָרן. דער פּועל־יוצא דערפֿון איז געווען, אַז לא די וואָס דער אַרענדירטער מאַיאָנטעק איז געקומען אין אַ פֿולשטענדיקער ירידה, נאָר מיין זיידע האָט דערפֿון געליטן נאָך אַ סך אַנדערע צרות.

היות דער דאָזיקער דאָרף, ווי שוין דערמאָנט, איז געשטאַנען אויפֿן גרויסן טראַקט, וואו עס פֿאָרן דורך אַ סך מענטשן, און די בריקן האָבן זיך געפֿונען אין אַ שלעכטן צושטאַנד, האָט עס ניט זעלטן געטראָפֿן, אַז דידאָזיקע בריקן האָבן זיך געבראָכן

גראָד, ווען עס זיינען איבער זיי דורכגעפאָרן פוילישע פריצים מיט זייערע סוויטעס, און פערד און רייטער זיינען אריינגעפאַלן אין זומפּן. אין אַזוינע פאַלן פלעגט מען געוויינלעך ארויספּאָדערן דעם אָרעמען אַרענדאַר, מען פלעגט אים אַוועקלייגן לעבן בריק, אָקערן זיין רוקן מיט אַ פערדן-קאַם און איזדיעקעווען זיך איבער אים אַזוי לאַנג, ביז זיי האָבן דערפילט, אַז זיי האָבן זיך שוין צוזאַט נוקם געווען.

מיין זיידע האָט דעריבער געטאָן אַלץ, וואָס אים איז מיגלעך געווען, כּדי אויף ווייטער אויסצומייכן אַזוינע רשעות. ער האָט אַוועקגעשטעלט אויף שטענדיקער שמירה ביים בריק איינעם פון זיינע הויזלייט, וואָס האָט געדאַרפט שנעל מודיע זיין אין הויז יעדן מאָל, ווען אַ פוילישער פריץ איז דורכגעפאָרן דעם בריק און עס האָט פּאַסירט אַן אומגליק, בכדי ער זאָל קענען מיט זיין גאַנצער פאַמיליע באַצייטנס באַהאַלטן זיך אין נאָענטסטן וועלדל. אין פולן שרעק פלעגן אַלע דענסטמאָל אַוועקלויפן פון הויז, און ניט זעלטן האָבן אַלע געמוזט פאַרברענגען אַ גאַנצע נאַכט דורך אונטער פרייען הימל, ביז זיי פלעגן ערשט אויף מאָרגן איינציקווייז פאָרזיכטיק זיך אומקערן צוריק אַהיים.

אַזאַ שטייגער לעבן האָט געדויערט עטלעכע דורות. מיין פאָטער פלעגט אָפט דערציילן וועגן אַזאַ פאַל, וואָס האָט פּאַסירט, ווען ער איז נאָך געווען אַ קינד פון אַכט יאָר. די גאַנצע פאַמיליע איז אַנטלאָפן אין איר געוויינלעכן מקום-מקלט. מיין פאָטער אָבער, וואָס האָט דערפון גאָרנישט געוואוסט און האָט זיך געשפּילט הינטערן אויוון, איז געבליבן אַליין אין שטוב. ווען דער צאָרנדיקער פריץ מיט זיין סוויטע איז אריינגעקומען אין שענק און קיינעם ניט געפונען, אויף וועמען אויסצוגיסן כּל חמתו, האָט ער געהייסן דורזוכן אַלע ווינקעלעך, ביז מ׳האָט סוף-כּל-סוף געפונען מיין פאָטער הינטערן אויוון. דער פריץ האָט אים געפרעגט, צי ער וויל טרינקען בראַנפן. און אַז ער האָט זיך אָפּגעזאָגט, האָט דער פריץ זיך צעשריען: „אויב דו ווילסט ניט טרינקען קיין בראַנפן, זאָלסטו טרינקען וואַסער!" ער האָט געהייסן תיכף ברענגען אַ פולן עמער וואַסער און האָט מיט שמיץ פון אַ בייטש

געצוואונגען מיין פאָטער אים אינגאַנצן אויסצוטריקען. נאַטירלעך האָט מיין פאָטער פון דער דאָזיקער מעשה באַקומען „קדחת רביעית“, וואָס האָט געדויערט כמעט אַ גאַנץ יאָר און לגמרי אונטערגעגראָבן זיין געזונט.

אַ ענלעכע מעשה האָט געטראָפן, ווען איך בין געווען אַ קינד פון דריי יאָר. אַלע זיינען זיך צעלאָפן פון הויז, און דאָס דינסטמיידל, וואָס האָט מיך געטראָגן אויף די הענט, האָט זיך אויך געאײַלט צו אַנטלויפן. און אַז זי האָט דערזען, אַז די משרתים פונם אָנגעקומענעם פריץ יאָגן זיך נאָך איר, האָט זי זיך דערשראָקן און גענומען לויפן נאָך שנעלער, און אין גרויס איילעניש און שרעק מיך אַרויסגעלאָזן פון די הענט. איך בין געבליבן ליגן אויף דער ערד ביים וועלדל און ביטער געוויינט, ביז אַ פאַרבייגייענדיקער פויער האָט מיך צום גליק אויפגעהויבן און מיך גענומען צו זיך אין הויז. ערשט נאָכדעם, ווען אַלץ האָט זיך שוין געהאַט צוריק באַרויִקט און די פאַמיליע איז שוין געווען געקומען צוריק אַהיים, האָט זיך די דינסט דערמאָנט, אַז זי האָט מיך לויפנדיק פאַרלאָרן, און האָט אויסגעבראָכן אין אַ יאָמערלעכן געוויין און געבראָכן די הענט. מ'האָט מיך אומעטום געזוכט און ניט געקענט געפינען, ביז צום סוף איז געקומען דער פויער פון דאָרף און מיך צוריקגעבראַכט צו מיינע עלטערן.

אין אַזוינע פאַלן פלעגט מען ניט בלויז איבערלעבן שרעק און מהומה, נאָר אויך ליידן היזקות, דען דער פריץ און זיינע לייט פלעגן צעראַבירן דאָס הויז, וואָס איז געווען פאַרלאָזן פון זיינע איינוואוינער. זיי פלעגן אויסטרינקען ביר, בראַנפן און מעד, וויפיל זיי האָבן נאָר געקענט אַריינגעמען אין זיך, און אַן אַנדערשמאָל פלעגט זייער רציחה דערגיין אַזוי ווייט, אַז זיי פלעגן עפענען די שפונטן פון די פעסער און אַרויסלאָזן די משקאות ביזן לעצטן טראָפן; תבואה און עופות פלעגן זיי צונעמען און אַוועקפירן מיט זיך א. אַז. וו.

ווען מיין זיידע וואָלט ניט געווען קיין עקשן און, אָנשטאָט צו משפטן זיך מיטן שטאַרקערן פון זיך, בעסער דערליטן דידאָזיקע אומגערעכטיקייט און דעם דערמאָנטן בריק בעסער רעמאָנ־

טירט אויף אייגענע הוצאות, וואָלט ער געקענט אויסמיידן דידאָ־
זיקע אַלע רשעות און צרות. ער האָט זיך אָבער תּמיד בּאַרופן
אויף זיין קאָנטראַקט, און דער פּאַרוואַלטער האָט געשפּאָט פון
זיין אומגליק.

איצט עטלעכע ווערטער וועגן דער אינעווייניקסטער ווירט־
שאַפט פון מיין זיידן. דער לעבנס־שטייגער, וואָס ער האָט גע־
פירט אין זיין הויז, איז געווען זייער פשוט. די יערלעכע הכנסה
פון די אַקערפעלדער, לאָנקעס און גרינסגערטענער, וואָס האָבן
געהערט צו זיין אַרענדע, איז געווען עד בלי די גיט בלויז פאַר
די אייגענע הצטרכותן פון דער פאַמיליע, נאָר אויך פאַר דעם
בירברויז און פאַר דער בראַנפנברענעריי; ביי אים איז אַפילו
יערלעך איבערגעבליבן אַ סך תּבואה און היי צום פאַרקויפן. זיין
בינענצוכט איז געווען איבערגענוג פאַר זיין מעדבּרויעריי. אַחוץ
דעם האָט ער נאָך געהאַט אַ סך בהמות.

די הויפּט־מאכלים אין הויז זיינען בּאַשטאַנען אין גראָבן
קאָרנברויט געמישט מיט קלייען, אין מילכיקע שפּייזן און אין
שפּייזן פון מעל און גאָרטנגרינסן; פליישיקע מאכלים פלעגן זיין
אַ זעלטנהייט. בגדים האָט מען געטראָגן פון שלעכטן ליין און
גראָבן טוך. נאָר די פרויען האָבן זיך געקליידט אַ ביסל בעסער,
און אויך מיין פאָטער, וואָס איז געווען אַ תּלמיד־חכם, האָט גע־
מוזט פירן אַן אַנדער שטייגער לעבן.

די מצוה פון הכנסת־אורחים איז דאָ אָפּגעהיט געוואָרן זייער
שטאַרק. ווען אַ ייד פלעגט דורכפאָרן דורך דעם דאָזיקן אָרט (און
דאָס פלעגט טרעפן אַלע ווייל, ווייל די געגנט איז געווען זייער אַ
בּאַלעבטע און יידן פלעגן דאָ אין זייערע אייגענע פורן אומפאָרן
שטענדיק פון אָרט צו אָרט), פלעגט ער מוזן פאַרקערן אין
קרעטשמע, און מען פלעגט אים גלייך מקבל פּנים זיין פאַרן
הויז מיט אַ גלעזל בראַנפן; מיט דער רעכטער האַנט פלעגט מען
אים געבן שלום און מיט דער לינקער — דאָס גלעזל משקה. נאָכ־
דעם האָט זיך דער אורח געדאַרפט וואַשן די הענט און זעצן זיך
צום טיש, וואָס איז געווען תּמיד געגרייט.

פונדעסטוועגן וואָלט דאָס אויסהאַלטן זיין גרויסע פאַמיליע

און דידאָזיקע ברייטע גאַסטפריינדלעכקייט ניט געקענט האָבן קיין באַזונדערע ווירקונג אויף דער פאַרערגערונג פון מיין זיידנס וואוילשטאַנד, ווען ער וואָלט נאָר דערביי אַיינגעפירט אין הויז אַן אויסגערעכנטערע ווירטשאַפט. ער האָט אָבער געלעבט אָן חשבון, און דאָס איז געווען דער מקור פון זיין אומגליק.

אין קליינינקייטן איז מיין זיידע דווקא געווען נאָך כמעט צו שפּאָרזאַם און האָט דעריבער פאַרזען וויכטיקערע זאַכן. ער האָט, למשל, געהאַלטן פאַר אַן אויסבערענגעריי צו געברויכן אין הויז וועקסענע אָדער חֵלֶבנע ליכט; אָנשטאָט דעם האָט מען גע־מוזט ניצן דינינקע קינעלעך, וואָס איין עק פלעגט מען אריינ־שטעקן אין וואַנט און דעם אַנדערן פלעגט מען אָנצינדן. ניט זעלטן פלעגן דערפון אַרויסקומען שריפות און אַ סך היזקות, וואָס קענן זיי זיינען די הוצאות אויף ליכט געווען אַ נישטיקייט.

די שטוב, וואו מ'האָט געהאַלטן ביר, בראַנפן, מעד, הע־רינג, זאַלץ און אַנדערע סחורות, וואָס האָבן געהאַט אַן אָפּגאַנג טאָג־טעגלעך אין קרעטשמע, האָט ניט געהאַט קיין פענסטער, נאָר פשוט עפענונגען, וואָס דורך זיי פלעגט אַריינקומען ליכט. דאָס האָט ניט זעלטן גערייצט די מאַטראָסן און די בעלי־עגלות, וואָס פלעגן זיך אויפהאַלטן אין קרעטשמע, אַריינצוכאַפּן זיך אין דער דאָזיקער שטוב און אָן געלט אָנצוטרינקען זיך מיט בראַנפן און מיט מעד. עס פלעגט טרעפן אַפילו נאָך ערגערס: ניט איינמאָל האָבן דידאָזיקע שיכורע העלדן, מחמת מורא געכאַפּט צו ווערן, ביים מינדסטן גערויש געמאַכט די פליטה, ניט פאַרמאַכנדיק די צאַפּנס פון די געעפנטע פעסער, אַרויסגעשפרונגען דורך די לע־כער, דורך וואַנען זיי זיינען אַריין, און געלאָזן די משקאות רי־נען אויף דער דיל. אויף אַזאַ אופן האָבן זיך ניט זעלטן אויס־געגאָסן גאַנצע פעסער בראַנפן און מעד.

די שפּייכלערס האָבן ניט געהאַט קיין געהעריקע שלעסער און פלעגן זיך פאַרשליסן מיט הילצערנע ריגלען. דעריבער, און באַזונדערס מחמת דידאָזיקע שפּייכלערס זיינען געווען אַ ביסל דערווייטערט פון דער הויפּט־וואוינונג, האָט יעדערער געקענט נעמען פון דאָרטן אַלץ, וואָס זיין האַרץ האָט נאָר געגלוסט,

אַפילו אָוועקפירן גאַנצע פורן תבואה. די שטאַלן פון די שעפסן האָבן אומעטום געהאַט לעכער, דורך וואַנען וועלף פונם נאָענטן וואַלד האָבן געקענט אַריינדרינגען אַהין און באַקוועם פאַרצוקן שאָף, וויפיל זיי האָט זיך נאָר געוואָלט.

די קי פלעגן זיך זייער אָפט אומקערן פון די פיטער-פלעצער מיט ליידיקע אַייטערס. לויט דעם אָבערגלויבן, וואָס האָט דאָרטן געהערשט, האָט מען אין אַזוינע פאַלן געזאָגט, אַז די מילך איז אָפּגענומען געוואָרן ביי די בהמות דורך אַ כישוף — אַ צרה, וואָס „קענען איר קען מען גאָרנישט טאָן”.

מיין באָבע, אַ גוטע פשוטע פרוי, פלעגט אָפט, אַ מידע פון אירע שווערע אַרבעטן אין דער הויז-ווירטשאַפט, זיך לייגן שלאָפן אין די קליידער אויפן אויוון, מיט פולע קעשענעס געלט, קיינמאָל ניט צו וויסן וויפיל. דאָס האָט אויסגענוצט די דינסט און פלעגט אויסליידיקן דער באָבעס קעשענעס אויף העלפט. דאָך האָט מיין באָבע זעלטן באַמערקט די גנבה, סיידן ווען די דינסט האָט איבערגעכאַפּט די מאָס.

דידאָזיקע אַלע צרות וואָלט מען דאָך געקאָנט לייכט אויסמיידן: מ'האָט נאָר געדאַרפט פאַרריכטן די בנינים, די פענסטער, די לאָדנס און די שלעסער; געהעריק השגחה געבן אויף די פיל פאַרשיידענע עסקים, וואָס זיינען געווען שייך צו דער אַרענדע, ווי אויך פירן אַ גענויען דין-וחשבון פון דער הכנסה און הוצאה. אָבער וועגן דעם האָט מען קיינמאָל ניט געטראַכט. און פאַרקערט, אין קלייניקייטן איז מיין זיידע שטרענג קאַרג געווען: אַז מיין פאָטער — אַ מענטש אַ תּלמיד-חכם און אייניקערמאַסן אַ דערצויגענער אין שטאָט — פלעגט זיך באַשטעלן אַ רבנישן בגד, וואָס מ'האָט דערצו בייטיק געהאַט אַ שטאָף אַן עטוואָס שענערן ווי געוויינלעך, — פלעגט מיין זיידע ניט דורכלאָזן דעם פאַל און האַלטן אַ לאַנגע מוסר-דרשה וועגן די הבלים פון עולם-הזה.

— אונזערע אָבות, — פלעגט ער דענסטמאָל זאָגן, — האָבן פון אַזוינע ניי-מאָדישע מלבושים ניט געוואוסט, און זיי זיינען דאָך געווים פרומע לייט געווען. און דו פאָדערסט גאָר פון

מיר אַ קאַמלאָטענעם לייבסערדאַק, לעדערנע הויזן, און דווקא מיט קנעפּ, און נאָך אַזוינע שיינע קליידער. דו וועסט דאָך מיך סוף-כּל-סוף נאָך ברענגען צו בעטלברויט. איך וועל נאָך איבער דיר אין קייטן אַוועק. אָך, איך אָרעמער, אומגליקלעכער מענטש! וואָס וועט פון מיר ווערן?

מיין פאָטער האָט זיך דענסטמאָל באַרופן אויף די רעכט און פּריווילעגיעס פון די תּלמידי-חכמים, האָט אויסערדעם אויך דערוויזן, אַז ביי אַ גוט איינגעאָרדנטער באַלעבאַטישקייט איז גאָר ניט וויכטיק, צי מ'לעבט עטוואָס בעסער אָדער פּשוטער, און אַז מיין ויידנס אומגליק קומט גאָר ניט דערפון, וואָס ער פאַר-לעבט צופיל, נאָר דערפון, וואָס איבער אָפּגעלאָזנקייט ברענגט ער, אַנדערע זאָלן אים באַראַבעווען. דאָס האָט אָבער אויף מיין זיידן ניט געמאַכט קיין איינדרוק. ער האָט ניט געקאָנט ליידן קיין שום נייע איינפירונגען, — בכן האָט אַלץ געמוזט בלייבן ביים אַלטן.

מיין זיידן האָט מען אין זיין וואוינאָרט געהאַלטן פאַר אַ רייכן מאַן, און ער וואָלט טאַקע באמת געקענט זיין אַ גביר, אויב ער וואָלט נאָר פאַרשטאַנען אויסצונוצן די גוטע געלעגנ-הייטן. דעריבער האָבן אים אַלע מקנא געווען און אים פיינט געהאַט, אפילו זיין אייגענע פאַמיליע; זיין פריץ האָט אים פאַר-לאָזן; די פאַרוואַלטערס האָבן אים בעדריקט אויף טריט און אויף שריט מיט וואָס זיי האָבן נאָר געקענט, אפילו זיינע אייגענע בני-בית און משרתים האָבן אים, ווי פרעמדע, אָפּגענאַרט און באַגנבעט. בקיצור, ער איז געווען דער אָרעמסטער גביר אין דער גאַנצער וועלט.

דערצו האָבן אים געטראָפן נאָך גרעסערע אומגליקן, וואָס איך קען זיי דאָ ניט פאַרשווייגן. דער רוסישער פּאָפּ אין יענעם דאָרף איז געווען זייער אַ באַרישער און אומוויסנדער מענטש, וואָס האָט קוים געקענט לייענען און שרייבן. ער איז שטענדיק געזעסן אין קרעטשמע, געזויפן בראַנפן צוזאַמען מיט די פּויערים, זיינע צאָן-קדשים, און אַלעמאָל געהייסן פאַרשרייבן אויפן חשבון, קיינמאָל גאָר ניט טראַכטנדיק צו באַצאָלן דעם חוב. מיין זיידן

איז דאָס סוף־כל־סוף דערעסן געוואָרן, און ער האָט באַשלאָסן אים מער ניט צו געבן אויף באָרג. דער פּאָפּ איז דערפון אויפ־געבראַכט געוואָרן און האָט גענומען טראַכטן נאָר וועגן נקמה.

ער האָט באַלד ווירקלעך געפונען אַ מיטל אויסצופירן זיין פּלאַן פון נקמה, וואָס איטלעכער אָרנטלעכער מענטש וועט געוויס אויפשוידערן פון אים, אָבער די גלחים אין פּוילן אין יע־נער צייט פלעגן אים זייער אָפט אויסנוצן. דאָס איז דער מיטל פון ע ל י ל ת־ד ם. מיין זיידע האָט געזאָלט באַשולדיקט ווערן אין דערמאָרדן אַ קריסט און ווערן אָנגעקלאָגט אין קרימינעלן גע־ריכט. דאָס איז געשען אויף אַזאַ אופן: אין דער אומגעגנט פון דעם דאָרף האָט געוואוינט אַ קריסט אַ יעגער, וואָס פלעגט פּאַנ־גען ביים ניעמאַן ביבערס, און ער פלעגט אַמאָל ברענגען בי־בערס געהיים צו פאַרקויפן מיין זיידן (דען דער ביבערפאַנג איז געוועזן אַ קיניגלעכע רעגאַליע, און אַלע געפאַנגענע ביבערס האָט מען געמוזט אָפּשיקן אין הויף). איינמאָל איז דער דאָזיקער יעגער געקומען צו מיין זיידנס הויז אין האַלבער נאַכט, האָט אָנגעקלאַפּט אין טיר און געהייסן אַרויסרופן מיין זיידן. ער האָט אים גע־וויזן אַ פולן זאַק, וואָס איז געווען גאַנץ שווער אויפצוהייבן, און געזאָגט מיט אַ געהיימענישפולער מינע:

— דאָ האָב איך דיר געבראַכט אַ וואוילע שטיק.

מיין זיידע האָט געוואָלט אָנצינדן פייער, באַקוקן דעם ביבער און דורכקומען מיטן פויער וועגן מקח. אָבער דער פויער האָט געזאָגט, אַז דאָס אַלץ איז ניט נייטיק, אַז מיין זיידע קען איבערלאָזן ביי זיך דעם ביבער און וועגן מקח וועלן זיי שוין מושווה ווערן שפּעטער. מיין זיידע האָט ניט חושד געווען קיין שום בייז, האָט גענומען דעם זאַק אומגעעפנט, אַוועקגעלייגט אָן אַ זייט און צוריק געלייגט זיך שלאָפן. ער האָט אָבער קוים באַ־וויזן ווידער איינצושלאָפן, ווי מ'האָט אים ווידער אויפגעוועקט מיט אַ געקלאַפּעריי און גרויס לאַרעם.

דאָס איז געווען דער דערמאָנטער פּאָפּ מיט עטלעכע פויערים פון דאָרף, און זיי האָבן תּיכף אָנגעהויבן מאַכן אין הויז אונטערזוכונגען אין אַלע ווינקעלעך. זיי האָבן געפונען דעם זאַק,

און מיין זיידע האָט שוין געציטערט פאַרן רעזולטאַט, ווייל ער האָט ניט אַנדערש געגלויבט, אַז דאָס האָט מען אויף אים גע־מסרט ביים הויף פאַר זיין געהיימען האַנדל מיט ביבערס, וואָס ער האָט איצט ניט געקענט לייקענען. ווי גרויס איז אָבער גע־ווען זיין שרעק, ווען מ'האָט געעפנט דעם זאַק און אַנשטאָט אַ ביבער האָט מען דאָרטן געפונען אַ טויטן קערפּער.

מ'האָט מיין זיידן גלייך געבונדן די הענט אויף הינטן, אויף די פיס אים אָנגעטאָן קאַנדאַלן, אים אַרויפגעוואָרפן אויף אַ פור און געבראַכט אין שטאָט מירץ, וואו מ'האָט אים איבערגע־געבן אין קרימינאַל־געריכט. דאָ האָט מען אים געשמידט אין קייטן און איינגעזעצט אין אַ פינסטערער תפיסה.

ביים פאַרהער איז מיין זיידע באַשטאַנען אויף זיין אומ־שולד, האָט דערציילט גענוי מיט אַלע פרטים אַלץ, וואָס ס'איז געשען, און האָט געזעצלעך געפאָדערט, דער ריכטער זאָל אַרויס־רופן אויף פאַרהער אויך דעם ביבער־פאַנגער. אָבער אין ערגעץ האָט מען דעם יעגער שוין ניט געקענט געפינען, — ער איז שוין געווען איבער אַלע בערג. מ'האָט אים גענומען זוכן אומעטום. אָבער דער בלוטדאָרשטיקער קרימינאַל־ריכטער, וואָס אים איז דערווייל לאַנגווייליק געוואָרן צו וואַרטן, האָט דריי מאָל געפייניקט מיין זיידן מיט אַכזריותדיקסטע עינויים, בכדי צו צווינגען אים זיך מודה צו זיין אויף זינד, וואָס ער האָט ניט געטאָן. מיין זיידע איז אָבער געבליבן פעסט ביי דאָס זייניקע, אַז בשייכות צום טויטן קערפּער איז ער לגמרי אומשולדיק.

צום סוף האָט מען געפונען דעם ביבער־פאַנגער. לכתחילה האָט ער געלייקנט שטיין און בנין, נאָר נאָכדעם ווי מ'האָט אויך אויף אים אָנגעווענדט דעם מיטל פון פייניקונג, האָט ער זיך תיכף מודה געווען אין אַלץ. ער האָט אויסגעזאָגט, אַז ער האָט מיט אייניקער צייט צוריק געפונען דעם דאָזיקן בר־מינן אין וואַסער און האָט אים געבראַכט אין דאָרף צום באַגראָבן. אָבער דער פּאָפּ האָט צו אים געזאָגט:

— באַגראָבן אים וועט מען ניט פאַרזאַמען. דו ווייסט, אַז די יידן זיינען אַ טורר־ומורהדיק פאָלק, און דעריבער זיינען זיי

אויף אייביק פֿאַרשאָלטן. זיי האָבן געקרייציקט אונזער האַרן יעזוס קריסטוס, און נאָך עד היום זוכן זיי קריסטלעך בלוט, וואו זיי קענען נאָר געפֿינען, לכבוד זייער פּסח, וואָס זיי האָבן באַשטימט צום אָנדענק פֿון דעם דאָזיקן נצחון. זיי דאַרפֿן האָבן דאָס בלוט צו זייערע מצות. בכן ווּעסטו טאָן אַ גאָטספֿאַרכטיקע זאַך, אויב דו ווּעסט קענען אונטערוואַרפֿן דעם דאָזיקן טויטן קערפּער אין הויז פֿון דעם דאָזיקן פֿאַרשאָלטענעם יידן דעם אַרענדאַר. די ווּעסט, אמת, מוזן אַנטלויפֿן פֿון דאַנען, אָבער מיט דיין פּאַך ווּעסטו אומעטום קענען דיין ווּעלטל באַשטיין.

נאָכדעם ווי דער פּויער האָט זיך אויף אַזאַ אופֿן מודה גע־ווען, האָט מען אים אָפּגעשמיסן מיט ריטער און מיין זיידן האָט מען באַפֿרייט. דער פּאָפּ אָבער איז געבליבן ווייטער פּאָפּ.

צום אייביקן אָנדענק פֿון דער דאָזיקער ישועה, וואָס מיין זיידע איז ניצול געוואָרן פֿון טויט, האָט מיין פֿאָטער אָנגעשריבן אין העברעיש אַ מין עפּאָפּעע, דורכגעפֿלאָכטן מיט לירישע גע־זאַנגען, וואו עס ווערט דערציילט די גאַנצע געשעעניש און ס׳ווערט באַזונגען גאָטס חסד. עס איז אויך געוואָרן צו אַ חוק, אַז דער דאָזיקער טאָג פֿון ישועה זאָל אַלע יאָר געפֿייערט ווערן אין אונזער משפּחה און דערביי זאָל מען פֿאַרלייענען דידאָזיקע עפּאָפּעע, פּונקט ווי מען לייענט אום פּורים די מגילה.

---

# צווייטער קאַפּיטל.

## די ערשטע זכרונות פון מיין קינדהייט.

אויף אַזאַ אופן האָט מיין זיידע אָפּגעלעבט אינגם וואוינאָרט פון זיינע אָבות אַ סך יאָרן. דידאָזיקע אַרענדע איז געוואָרן אַזוי ווי אַן אייגנטום פון דער פאַמיליע. אויפן יסוד פונם יידישן געזעץ פון „חזקה“, דאָס הייסט פונם אייגנטומס-רעכט אויף אַ נחלה, וואָס אַ ייד האָט געהאַלטן אָן הפסקות דריי יאָר, — אַ געזעץ, וואָס ווערט רעספּעקטירט אויך ביי די קריסטן אין דער דאָזיקער געגנט, — האָט קיין אַנדער ייד ניט געטאָרט אויסדינגען דידאָזיקע אַרענדע דורך אַ הוספה אויף דאָס אַרענדע-געלט, דען דאָס האָט געקענט אַרויפציען אויף אים אַ שרעקלעכן חרם. און כאָטש די אַרענדע איז געווען פאַרבונדן מיט אַ סך זאָרג און שווערקייטן און ס'איז אפילו אויסגעקומען צו ליידן פון געוואַלד-מעשים, האָט זי אָבער פון דער אַנדער זייט געגעבן גרויס הכנסה. מיין זיידע האָט געקענט ניט בלויז אַליין לעבן ווי אַ נגיד, נאָר אויך רייך פאַרזאָרגן זיינע קינדער.

זיינע דריי טעכטער האָט ער חתונה געמאַכט מיט וואוילע מענטשן און געגעבן זיי אַ נדן כיד הגביר. זיינע צוויי זין, מיין פעטער משה און מיין פאָטער יהושע, האָבן אויך חתונה געהאַט, און היות ער איז שוין אַלט געווען און זייער אָפּגעשוואַכט פון צרות, וואָס ער איז אויסגעשטאַנען אין לעבן, האָט ער איבערגעגעבן צו פירן די הויז-ווירטשאַפט זיינע ביידע זין צוזאַמען, אָבער ביידע ברידער האָבן זיך לחלוטין אונטערשיידט לויט זיי-

ערע טעמפעראַמענטן און בטיות,—מיין פעטער משה איז געווען שטאַרק געבויט אין קערפּער און שוואַך אין גייסט, און מיין פאָ־טער איז געווען דער פולשטענדיקער היפך פון אים, — און זיי האָבן ניט געקענט גוט האַרמאָנירן צווישן זיך. דעריבער האָט מיין זיידע איבערגעגעבן מיין פעטער אַן אַנדער דאָרף און מיין פאָטער האָט ער איבערגעלאָזן ביי זיך. נאָר אַזוי ווי מיין פאָטער איז געווען אַ תּלמיד־חכם און האָט ניט איבעריקס געטויגט צו פירן די הויזלעכע געשעפטן, האָט ער בלויז געפירט די חשבונות, געשלאָסן אָפּמאַכן, געפירט פּראָצעסן און דגל. מיין מוטער איז, פאַרקערט, געווען זייער אַ לעבעדיקע טיכטיקע פרוי און פעיִק צו כל המינים געשעפטן. זי איז געווען פון נידעריקן וואוקס און אין יענער צייט נאָך זייער יונג.

איין אַנעקדאָט קען איך דאָ ניט אַריבערגיין בשתיקה, ווייל דאָס איז געווען די ערשטע ערינערונג פון מיין קינדהייט. איך בין דעמאָלסט אַלט געווען אַן ערך דריי יאָר. די סוחרים, וואָס האָבן זיך ביי אונז שטענדיק אויפגעהאַלטן, און באַזונדערס די „שאַפּאַרעס”, דידאָקע „איידללייט”, וואָס האָבן זיך באַשעפטיקט מיט טראַנספּאָרטירן שיפן און מיט איינקויפן און ליווערן סחורה פאַר די גרויסע פירמעס,—האָבן מיך זייער ליב געהאַט פאַר מיין לעבעדיקייט און געטריבן מיט מיר כלערליי שפּאַס.

דידאָזיקע לוסטיקע אדונים האָבן מיין מוטער געגעבן אַ צונעמעניש „קוצאַ” (אויף פויליש—אַ קליינגעוויקסיקער זשערעב־טשיקל) פאַר איר קליינעם וואוקס און ספּריטנעקייט. און היות איך האָב אָפט געהערט, ווי מ'רופט זי אַזוי, און ניט געוואוסט די באַדייטונג פון דעם וואָרט, האָב איך צו איר אויך גערופן: „מאַמע קוצאַ”. מיין מוטער האָט עס מיר פאַרווערט און געזאָגט, אַז גאָט באַשטראָפט דעם, וואָס רופט זיין מוטער „מאַמע קוצאַ”. איינער פון דידאָזיקע שאַפּאַרעס, פאַן פּיליעצקי, פלעגט אַלע טאָג קומען צו אונז אין הויז טרינקען טיי און האָט מיך צוגע־צויגן צו זיך דערמיט, וואָס ער פלעגט מיר אַמאָל געבן אַ שטיקל צוקער. איינמאָל אַ פרימאָרגן, ווען איך בין, ווי געוויינלעך, צו־געגאַנגען צום טיש, וואו ער האָט געטרונקען טיי, צו באַקומען

דאָס שטיקל צוקער, האָט ער צו מיר געזאָגט, אַז ער וועט מיר געבן אַ שטיקל צוקער נאָר בתנאי, אויב איך וועל זאָגן „מאַמע קוצאַ". אָבער אַזוי ווי מיין מוטער איז דאָ דערביי געווען, האָב איך ניט מסכים געווען דאָס צו טאָן. דאַן האָט ער אַ וואונק געטאָן צו מיין מוטער, זי זאָל אַרויסגיין אין אַ דערביייִקן צימער. בשעת זי איז שוין געווען אַרויסגעגאַנגען, בין איך צוגעגאַנגען צו אים און געזאָגט אויפן אויער: „מאַמע קוצאַ". ער האָט אָבער פון מיר געפאָדערט, איך זאָל עס זאָגן בקול רם, און ער האָט מיר פאַר־שפּראָכן צו געבן אַזויפיל שטיקלעך צוקער, וויפיל מאָל איך וועל עס זאָגן הויך. דאַן האָב איך געזאָגט: „דער פאַן פּיליעצקי וויל, איך זאָל זאָגן „מאַמע קוצאַ", אָבער איך וויל ניט זאָגן „מ אַ מ ע ק ו צ אַ", ווייל גאָט באַשטראָפט דעם, וואָס זאָגט „מאַמע קוצאַ", — און האָב באַקומען מיינע דריי שטיקלעך צוקער.

מיין פאָטער האָט איינגעפירט אין הויז אַ שענערן שטייגער לעבן, באַזונדערס, ווייל ער האָט געהאַנדלט מיט קיניגסבערג און פּרייסן, וואו ער האָט געהאַט די מעגלעכקייט צו זען אַלערהאַנט שיינע און נוצלעכע זאַכן. ער האָט זיך איינגעשאַפט אין שטוב צינענע און מעשענע געשיר. מ'האָט אָנגעהויבן בעסער צו עסן און שענער זיך צו קליידן ווי פריער. אַפילו מיך האָט מען געקליידט אין פאַרשיידנפאַרביק צייג.

---

# דריטער קאַפּיטל.

## הויזלעכע דערציִונג און זעלבסטבילדונג.

אויפֿן זעקסטן יאָר פֿון מיין לעבן האָט מיין פֿאָטער אָנגעהויבן מיט מיר צו לערנען חומש: „בראשית ברא אלהים את השמים ואת הארץ" (אין אָנהייב האָט גאָט באַשאַפֿן דעם הימל און די ערד). דאָ האָב איך איבערגעריסן מיין פֿאָטער און אים געפֿרעגט: „אָבער, טאַטע, ווער האָט גאָט באַשאַפֿן?"

פֿאָטער: גאָט איז פֿון קיינעם ניט באַשאַפֿן, גאָט איז געווען פֿריער פֿון אַלע אייביקייטן.

איך: איז ער אויך געווען פֿאַר צען יאָרן?

פֿ.: געוויס, ער איז געווען אויך פֿאַר הונדערט יאָרן.

א.: אויב אַזוי, איז גאָט שוין אַלט אפשר טויזנט יאָר?

פֿ.: חלילה, גאָט איז אייביק געווען.

א.: אָבער ער האָט דאָך איינמאָל געמוזט געבאָרן ווערן?

פֿ.: ניין, נאַרעלע! גאָט איז געווען אייביק און אייביק.

דער ענטפֿער האָט מיך, אמת, ניט באַפֿרידיקט, אָבער איך האָב געטראַכט ביי זיך, אַז דער טאַטע ווייס עס געוויס בעסער ווי איך, בכן מוז איך דערמיט מסכּים זיין.

אין דער ערשטער יוגנט, בעת דער שכל איז נאָך אומאַנטוויקלט און דער כּוח הדמיון האַלט, פֿאַרקערט, אין רעכטן בליען, איז דערדאָזיקער גערדאַנקענגאַנג פֿאַר אונז זייער נאַטירלעך.

דער שכל זוכט בלויז צו באַגרייפֿן, צו באַנעמען, דער כּוח־הדמיון אָבער — אַרומצונעמען אַלץ, ד. ה. דער

שכל זוכט בלויז צו פאַרשטיין דעם אופן, ווי אַזוי די זאַך איז אַנטשטאַנען, ניט אַכטנדיק דערויף, צי מיר קענען זיך ווירקלעך פאָרשטעלן אין אונזער פאַנטאַזיע די זאַך, וואָס דער אופן פון איר אַנטשטייונג איז אונז באַקאַנט,—אָדער ניט. דער כוח־הדמיון, פאַרקערט, זוכט אַרומצונעמען אין אַ גאַנצן בילד די זאַך, וואָס דער אופן פון איר אַנטשטיין איז אונז באַקאַנט. למשל, אַן אומענדלעכע ריי צאָלן, וואָס גייט אין פּראָגרעסיע לויט אַ באַשטימטן געזעץ, איז פאַרן שכל פונקט אַזאַ ווירקלעך עקסיסטירנדיקע זאַך (וואָס באַזיצט, לויט דעם דאָזיקן[1] געזעץ, באַשטימטע אייגנשאַפטן), ווי אַן ענדלעכע ריי צאָלן, וואָס פּראָגרעסירט אויך לויט דעם דאָזיקן געזעץ. דער כוח־הדמיון אָבער האַלט פאַר אַ ווירקלעך עקסיסטירנדיקער זאַך דווקא די ריי צאָלן, וואָס האָט אַ סוף, דען די אומענדלעכע קען ער ניט תופס זיין ווי אַ גאַנצע זאַך.

דידאָזיקע באַטראַכטונג האָט אין אַסך יאָרן אַרום, בעת איך האָב פאַרבראַכט אין ברעסלע, ביי מיר געשאַפן אַ געדאַנק, וואָס איך האָב אַרויסגעזאָגט אין אַן אַרטיקל און געוויזן דעם פּראָפעסאָר גאַרווע,—אַ געדאַנק, וואָס אַנטהאַלט אין זיך דעם יסוד פון קאַנטס פילאָסאָפיע, כאָטש איך האָב דענסטמאָל פון דער דאָזיקער פילאָסאָפיע נאָך גאָרנישט געוואוסט. איך האָב דעם דאָזיקן רעיון אַרויסגעזאָגט אַן ערך אויף אַזאַ אופן: די מעטאַפיזיקער פאַלן אומפאַרמיידלעך אַריין אין אַ סתירה מיט זיך אַליין. דער געזעץ, אַז אַלץ האָט אַ גענוגנדיקן גרונד אָדער אַ סיבה[2], איז, ווי דער פילאָסאָף לייבניץ אַליין האָט אָנערקענט (ער איז זיך דאָ סומך אויף אַרכימעדס עקספּערימענט מיט דער וואָגשאָל)[3],—

1) מאַטעמאַטישן.

דער איבערז.

2) געזעץ פון קייטלונג אָדער השתלשלות פון די סיבות: דער פועל־יוצא האָט געהאַט אַ סיבה, די סיבה איז געווען אַ פועל־יוצא פון אַ פריערדיקער סיבה, און אַזוי אָן אַ סוף (אין־סוף). דאָס איז אייגנטלעך אויך דער געזעץ פון עוואָלוציע

דער איבערז.

3) דער רעזולטאַט פון אַרכימעדס עקספּערימענט איז געווען דער הידראָ־

אַ רעזולטאַט פון דערפאַרונג; אָבער על־פּי דערפאַרונג געפינט מען גראָד, אַז איטלעכע זאַך האָט איר סיבה, — בכן איז לאָגיש, אַז ווייל יעדע זאַך האָט איר סיבה, איז ניטאָ אַ זאַך, וואָס זאָל זיין די ערשטע סיבה, ד. ה. אַזאַ, וואָס האָט ניט קיין שום סיבה. אויב אַזוי, טאָ ווי קענען די מעטאַפיזיקער פון דעם דאָזיקן זאַץ אַרויסדרינגען די עקסיסטענץ פון אַן ערשטער סיבה?

נאָכדעם האָב איך געפונען דידאָזיקע טענה אין קאַנטס פילאָסאָפיע אַ סך ברייטער דערקלערט. דאָ ווערט אָנגעוויזן, אַז די סיסטעם פון סיבות אָדער די פאָרם פון היפּאָטעטישע זאַצן[1], וואָס דורך איר קענען מיר געפינען די קעגנזייטיקע פאַרהעלטענישן פון די געגנשטאַנדן אין דער נאַטור, פאַרגלייכנדיק דאָס פריערדיקע מיטן שפּעטערדיקן, דאָס אומקלאָרע מיטן קלאָרן, — אַז אָט די סיסטעם קען אַפּריאָרי געברויכט ווערן בלויז אין ענינים פון דערפאַרונג. די ערשטע סיבה, — וואָס אַנטהאַלט אַ פולשטענדיקע אומענדלעכע ריי סיבות און אַנטהאַלט בכן פאַקטיש אַ סתירה, ווייל דאָס אומענדלעכע קען קיינמאָל ניט ווערן פולשטענדיק, — איז ניט קיין ענין פאַרן שכל, נאָר אַ אידעע פון דער מענטשלעכער פאַרנונפט, אָדער, לויט מיין אייגענער טעאָריע, אַ פיקציע פונם כּוח־הדמיון, וואָס באַנוגנט זיך ניט מיט דער בלויזער דערקענטעניש פונם געזעץ[2], נאָר זוכט תופס צו זיין

סטאַטישער געזעץ, אַז אַ קערפּער, וואָס איז אַראָפּגעלאָזן אין וואַסער, ווערט־אָן אין זיין וואָג אַזויפיל, וויפיל עס וועגט דער היקף פונם וואַסער, וואָס איז אַרויסגעשטויסן געוואָרן דורכן קערפּער.

דער איבערז.

[1]) היפּאָטעזע — אַ השערה, וואָס ווערט געמאַכט צו דערקלערן דערשיינונגען אויפן גרונד פון ניט פולשטענדיקע ראיות און מוז באַשטעטיקט ווערן דורך פאַקטן פון דערווירקלעכקייט. קומט זי אין אַ סתירה מיט דער דערפאַרונג, פאַלט זי אָפּ ווי אַן אומוויסנשאַפטלעכע. היפּאָטעטישע זאַצן הייסן אַזעלכע, וואָס באַשטייען פון אַ תנאי און אַן אויספיר. למשל: אויב עס איז דאָ A, איז דאָ אויך B.

דער איבערז.

[2]) געזעץ פון סיבות.

דער איבערז.

אין איין בילד די פארשיידנארטיקע דערשיינונגען, וואָס זיינען אונטערוואָרפן דעם געזעץ, כאָטש דאָס בילד גופא איז סותר יע־נעם געזעץ.

---

אן אנדערש מאָל האָב איך געלייענט אין חומש די געשיכטע מיט יעקבן און עשון. מיין פ טער האָט מיר דערביי ציטירט א תלמודישע אגדה בזה הלשון: יעקב און עשו האָבן צווישן זיך צעטיילט אַלע גיטער פון דער וועלט. עשו האָט זיך אויסגעקליבן די גיטער פון עולם הזה און יעקב — די גיטער פון עולם הבא. און היות מיר שטאַמען פון יעקבן, מוזן מיר זיך אָפּזאָגן פון יעט־ווידער פרעטענזיע אויף די פאַרבייגייענדיקע גליקן פון דער נאַ־רישער וועלט.

דערויף האָב איך מיך אָפּגערופן מיט כעס, אַז עס וואָלט קליגער געווען, אויב יעקב וואָלט בעסער אויסגעקליבן די גיטער פון דער וועלט.

דערויף האָט מיר מיין פאָטער, צום באַדויערן, געענט־פערט: „דו ביסט אַ פאַרדאָרבענער יונגאַ!“ און תיכף נאָך די ווער־טער מיך נאָך מכבד געווען מיט אַ פייערדיקן פאַטש. מיינע ספקות זיינען, אמת, דערמיט ניט אָפּגעשאַפט געוואָרן, עס האָט אָבער געווירקט, איך זאָל אַנטשוויגן ווערן.

איינמאָל איז צו אונז געקומען אין דאָרף דער פירשט ראַדזיוויל, אַ גרויסער ליבהאָבער פון יאַכט, צוזאַמען מיט זיין טאָכטער (וואָס האָט שפּעטער חתונה געהאַט פאַרן פירשט ראַ־וואוצקי) און מיט זיין סוויטע, בכדי בייצוּוואוינען די יאַכט אין דער געגנט.

נאָך מיטאָג איז די יונגע פירשטין צוזאַמען מיט אירע הויפדאַמען, קאַמערדינער און לאַקייען אריין אָפּרוען זיך גראָד אין דעם צימער, וואו איך בין געזעסן הינטערן אויוון. איך בין נשתומם געוואָרן זעענדיק די גרויסע פראַכט און דעם גלאַנץ פון דעם הויפישן פערסאָנאַל, אריין אין התפעלות פון דער שיינקייט פון די אויסטערלישע פאַרשוינען און פון זייערע מיט זילבער און

גאָלד אויסגעהאַפטע קליידער, און מיינע אויגן האָבן ניט געקענט זיך אָנזעטיקן פון זען. אויסער זיך פון פרייד, האָב איך אויסגעשריען: „אוי, ווי שיין!" אין דער רגע איז גראָד אָנגעגאַנגען מיין פאָטער, וואָס האָט דאָס געהערט, און בכדי מיך צו באַרויִקן און באַפעסטיקן אין די פּרינציפּן פון אונזער אמונה, האָט ער מיר אייַנגערוימט אין אויער: „נאַרעלע! אויף יענער וועלט וועט די דוכּסל (די פירשטין) ביי אונז די פּעטשערע (דעם אויוון) הייצן". מ'קען זיך גאָרניט פאָרשטעלן, וואָס פאַר אַ געפילן דידאָזיקע דערקלערונג האָט ביי מיר אַרויסגערופן. פון איין זייט האָב איך געגלויבט מיין פאָטער און האָב מיך זייער געפרייט מיטן צוקינפטיקן גליק אין גן-עדן; אָבער אין דערזעלבער צייט האָב איך זייער מיטלייד געהאַט מיט דער אָרעמער פירשטין, וואָס איר איז, נעבעך, באַשערט פאַרמשפּט צו ווערן אויף אַזאַ בזיונותדיקער אַרבעט. פון דער אַנדער זייט אָבער האָט עס מיר בשום אופן זיך ניט געלייגט אויפן שכל, אַז דידאָזיקע שיינע און רייכע פירשטין, אויסגעפּוצט אין אַזאַ פּרעכטיקן קאָסטיום, זאָל הייצן דעם אויוון ביי אַן אָרעמען יידן. דאָס האָט מיך אַריינגעבראַכט אין אַ גרויסער פאַרלעגנהייט, ביז עס האָט זיך מיר גזדמן געווען געווען אַ שפּיל, וואָס האָט מיר אַרויסגעשלאָגן פון קאָפּ דידאָזיקע געדאַנקען.

פון מיין קינדהייט אָן האָב איך געהאַט אַ גרויסע נטיה און אַ פעיִקייט צום צייכענען. כאָטש אין מיין פאָטערס הויז איז מיר קיינמאָל ניט אויסגעקומען צו זען קיין ווערק פון דער דאָזיקער קונסט, אָבער אויפן שער-בלאַט פון אייניקע העברעישע ספרים האָב איך געפונען האָלצשניט פון פלאַנצן, פייגלעך וכדומה. דידאָזיקע פּאָליטיפּאַזשן זיינען מיר זייער געפעלן געוואָרן און איך האָב מיך גענומען קאָפּירן זיי מיט אַ שטיקל קרייט אָדער קויִל. באַזונדערס האָט פאַרשטאַרקט אין מיר דידאָזיקע נטיה אַ העברעיִשער פאַבל-בוך, וואו די ווירקנדיקע פּערסאָנאַזשן (די בעלי-חיים) ווערן פאָרגעשטעלט דורך אַזוינע האָלצשניצונגען. איך האָב אָפּגעקאָפּירט אַלע פיגורן מיט דער גרעסטער גענויקייט. מיין פאָטער האָט, אמת, באַוואונדערט מיין פעיִקייט צו דעם, דאָך האָט ער צוגלייך

אויך געשריען אויף מיר בזה הלשון: „ווילסט גאָר ווערן אַ מאָ־לער? דו מוזט לערנען גמרא און ווערן אַ רבי! ווער עס פאַר־שטייט גמרא, דער פאַרשטייט אַלץ״.

דידאָזיקע תשוקה און פעיִקייט צו דער מאָלערקונסט האָט זיך ביי מיר אַרויסגעוויזן אַזוי שטאַרק, אַז, ווען איך האָב נאָר געקאָנט, פלעג איך מיך אַרויסגנבענען פון דער היים, אַוועקגיין אין פריצס פּאַלאַץ אין דאָרף ה״, וואוהין מיין פאָטער האָט זיך געהאַט אַריבערגעקליבן, און כ׳פלעג דאָרטן קאָפּירן די פיגורן פון די שיינע טאַפּעטן פון די ווענט. דער פּאַלאַץ איז שטענדיק געשטאַנען ליידיק, ווייל דער פריץ האָט ערגעץ אַנדערשוואו גע־וואוינט און איז זעלטן געקומען אַהער אויף אַ באַזוך.

איינמאָל אין מיטן ווינטער האָט מען מיך דאָ אין אַ זאַל גע־פונען אַ האַלב פאַרפראָרענעם שטיין פאַר אַ וואַנט. אין איין האַנט האָב איך געהאַלטן פּאַפּיר (ווייל אין צימער איז קיין מעבל ניט געווען) און מיט דער אַנדער האַנט האָב איך אָראָפּגעצייכנט די פיגורן פון דער וואַנט. און דאָך משפט איך איצט וועגן זיך, אַז אויב מען וואָלט דענסטמאָל אַנטוויקלט מיינע פעיִקייטן אויף דעם געביט, וואָלט איך געוואָרן אַ גרויסער מאָלער, אָבער מיינע ווערק וואָלטן זיך ניט אויסגעצייכנט מיט קיין גענויקייט, ד. ה. איך וואָלט מיט לייכטקייט אָנגעוואָרפן די הויפט־שטריכן פון אַ בילד, אָבער ביי מיר וואָלט ניט געקלעקט קיין געדולד גענוי און פאַרענדיקט עס אויסצואַרבעטן.

מיין פאָטער האָט אין זיין לערנצימער געהאַט אַן אַלמער מיט ספרים. ער האָט מיר, אמת, פאַרווערט צו לייענען אַלע אַנ־דערע ספרים. אויסער דעם תלמוד, אָבער דאָס האָט ניט געהאָלפן. היות מיין פאָטער איז ס׳רוב צייט געווען פאַרעסקט מיט הויזלעכע ענינים, האָב איך אויסגענוצט דידאָזיקע צייט.

מיט נייגעריקייט האָב איך מיך אַ נעם געטאָן צום אַלמער, דורכגעבלעטערט אַלע ספרים, און אַזוי ווי איך האָב שוין גאַנץ גוט פאַרשטאַנען העברעיִש, האָב איך אין אייניקע ספרים באַקו־מען מער אינטערעס ווי אין תלמוד.

און דאָס איז געווען גאַנץ נאַטירלעך. אויסער דער אָפּטיי-לונג פון יוריספּרודענץ, זיינען די איבעריקע אָפּטיילונגען פון תּלמוד טרוקן און אומפאַרשטענדלעך פאַר אַ קינד. קענען דען פאַר אַ קינד האָבן אַ אינטערעס די דינים וועגן קרבנות, וועגן רייניקונג און טבילות, וועגן כּשר און טריף, וועגן ימים-טובים א. אַז. וו., וואו ס'ווערן דורכגעפירט שאַרפע פּלפּולים מיט דער דינסטער דיאַלעקטיק אָפּט וועגן גאַנץ אומוויכטיקע זאַכן? למשל: מיט וויפיל ווייסע אָדער שוואַרצע האָר ווערט פּסול די פּרה אדומה? וועלכע זיינען די סימנים פון הויטקראַנקהייטן און די מיטלען פון זייער רייניקונג? וועלכע קליידער האָט אָנגעטאָן דער כּהן-גדול פריער און וועלכע שפּעטער? — און נעמט איצט און פאַרגלייכט דידאָזיקע מטעמים, וואָס מען שטאָפּט מיט זיי די יוגנט ביז צום דערעסן, מיט געשיכטע, וואו עס ווערט אויף אַ באַלערנדיקן און אָנגענעמען אופן איבערגעגעבן וועגן נאַטיר-לעכע געשעענישן, אָדער מיט דער וויסנשאַפט וועגן דעם בנין פון דער וועלט, וואָס פאַרברייטערט אונזערע בליקן אויף דער נאַטור און ברענגט אַריין דעם גאַנצן וועלטאַל אין אַ וואויל איינגעאָרדנטע סיסטעם, א. דגל., — פאַרגלייכט דאָס אַלץ און זייט מסכּים, אַז איך בין אין מיין אויסוואַל געווען גע-רעכט.

פון אַלע ספרים, וואָס איך האָב געפונען ביי מיין פאָטער, זיינען מיר אַמבעסטן געפעלן געוואָרן די ווייטער אויסגערעכנטע: אַ העברעישע כראָניק „צמח דוד“ (די שפּראָצונג פון דוד) פונם באַרימטן פּראָגער רב-הכּולל ר' ד ו ד ג אַ נ ז, וואָס איז אויך גע-ווען דער מחבר פון אַן אַסטראָנאָמישן בוך, וואָס וועגן אים ווערט גערעדט ווייטער, — אַ מענטש זייער אַ קלוגער און געשעצטער, וואָס האָט געהאַט דעם כּבוד באַקאַנט צו זיין מיטן גרויסן אַסטראָ-נאָם ט י כ אָ ד י ב ר אַ ה ע און מיט אים צוזאַמען צו מאַכן אַסט-ראָנאָמישע אָבסערוואַציעס אויף דער קאָפּענהאַגענער אָבסער-וואַטאָריע; דעם „יוסיפון“, וואָס מען שרייבט אים צו על-פּי טעות צו יוסף פלאַוויוס; אַ געשיכטע פון די רדיפות אויף די יידן

אין שפּאַניע און פּאָרטוגאַל[1]), און אַ ספר איבער אַסטראָנאָמיע, וואָס האָט מיך צוגעצויגן מער ווי אַלץ.

דאָ[2]) האָט זיך פאַר ו'יר געעפנט אַ נייע וועלט, און איך האָב מיך אַרויפגעוואָרפן אויף דעם בוך מיט דער גרעסטער תשוקה און התמדה.

שטעלט אייך פאָר אַ זיבניאָריק קינד, וואָס האָט נאָך קיינמאָל גאָרנישט געזען און געהערט וועגן די ערשטע יסודות פון מאַטעמאַטיק, און אים איז פּלוצלונג אַריינגעפאַלן אין האַנט אַן אַסטראָנאָמישער חיבור, וואָס האָט צוגעצויגן זיין גאַנצע אויפמערקזאַמקייט, אָבער קיינער קען אים ניט געבן וועגן דעם קיין שום אָנווייזונגען (מיין פאָטער האָב איך ניט געטאָרט אויס־זאָגן מיין תשוקה צו חכמה, און חוץ דעם איז ער גאָר ניט גע־ווען ביכולת צו געבן וועלכע ס'איז ידיעות); ווי האָט דאָס גע־מוזט צעפלאַמען זיין גייסט, וואָס האָט געלעכצט נאָך וויסנשאַפט! און די רעזולטאַטן האָבן דאָס נאָכדעם קלאָר אַרויסגעוויזן.

היות איך בין נאָך דאַן אַ קינד געווען און די צאָל בעטן אין מיין פאָטערס הויז איז געווען זייער מצומצם, האָט מען מיר דערלויבט צו שלאָפן מיט מיין אַלטער באָבען אין איין בעט (וואָס איז געשטאַנען אין דעם דערמאָנטן לערנצימער). און אַזוי ווי איך האָב געמוזט דעם גאַנצן טאָג אָפּגעבן זיך מיט לערנען גמרא און ניט געטאָרט אַפילו אין האַנט נעמען קיין שום אַנדער ספר, האָב איך די נעכט באַשטימט פאַר מיינע אַסטראָנאָמישע באַטראַכטונגען.

בכן, איז אַלעמאָל, ווען די באָבע פלעגט זיך לייגן שלאָפן, פלעג איך מיר אָנצינדן אַ פרישע קינעלע, פלעג מיך שנעל אַ לאָז טאָן צום אַלמער און אַרויסנעמען פון דאָרטן מיין געליבט אַסטראָנאָמיש בוך. די באָבע האָט, אמת, דערפאַר אויף מיר גע־

---

[1]) דאָ מיינט דער מחבר, משמעות, דעם „עמק הבכא" פון ר' יוסף הכהן.

דער איבערז.

[2]) אינם אַסטראָנאָמישן בוך.

דער איבערז.

שריען, ווייל איר איז נעבעך, געווען קאַלט צו שלאָפן אין בעט אליין, אָבער איך האָב ניט געאַכט דערויף און האָב ווייטער געלערנט מיט התמדה, ביז עס האָט אויסגעברענט די גאַנצע קינעלע.

נאָכדעם ווי איך האָב אַזוי געאַרבעט עטלעכע נעכט, האָב איך צום סוף באַקומען אַ באַגריף וועגן דעם הימל-געוועלב און פאַרשטאַנען די אָנגעצייכנטע קרייזן, וואָס זיינען צוגעטראַכט געוואָרן אויף צו דערקלערן די אַסטראָנאָמישע דערשיינונגען. דאָס איז געווען אָנגעצייכנט אין בוך בלויז אין איין איינציקער פיגור, און כדי בעסער צו פאַרשטיין די פאַרשיידנאַרטיקע קרייזן, וואָס קענען אין אַ פלאַכקייט-פיגור געצייכנט ווערן נאָר אין גראָדע ליניעס, האָט דאָ דער מחבר געגעבן דעם לעזער אַ גוטע עצה — ענטוועדער זיך איינצושאַפן אַ רעכטן גלאָבוס, אָדער אַליין זיך צו מאַכן אַ ספּערע-אַרמילאַריס[1].

איך האָב בכן געפאָלגט די עצה און זיך גענומען מאַכן אַזאַ ספערע-אַרמילאַריס פון געפלאָכטענע ריטער. נאָכדעם ווי איך האָב דידאָזיקע אַרבעט פאַרענדיקט, בין איך ערשט געווען ביכולת צו פאַרשטיין דאָס גאַנצע בוך. אָבער אַזוי ווי איך האָב מיך געמוזט היטן, מיין פאָטער זאָל זיך ניט דערוויסן פון דער דאָזיקער באַשעפטיקונג מיינער, האָב איך אַלע נאַכט פאַרן שלאָפן גיין באַהאַלטן מיין ספערע-אַרמילאַריס אין אַ ווינקל הינטערן אַלמער.

---

1) ספּערע-אַרמילאַריס האָט געהייסן אַן אַפּאַראַט, וואָס איז אין אַלטערטום געברויכט געוואָרן אין דער פאָרם פון אַ זאַמלונג רינגען, וואָס האָבן פאָרגעשטעלט די וויכטיקסטע בויגנס פון דער הימלישער ספערע: דעם עקוואַטאָר, די עקליפּטיק (כלומרשטיקע קרייז-ליניע אויפן הימל, וואָס איבער איר קומט פאָר, לויטן טעותדיקן גלויבן פון די אוראַלטע אַסטראָנאָמען, די יאָריקע באַוועגונג פון דער זון אַרום דער ערד) א. אנד., און די באַוועגונג פון די הימלישע קערפּערס, דער עיקר פון דער זונענסיסטעם. אין געוויסע פרטים פאַרבייט דער דאָזיקער אַפּאַראַט אַ גלאָבוס, נאָר אין היינטיקער צייט איז ער אַרויסגעשטויסן געוואָרן דורך די פּינקטלעכערע אינסטרומענטן.

דער איבערז.

מיין באָבע, וואָס האָט עטלעכע מאָל באַמערקט, ווי איך בין אינגאַנצן פאַרטיפט אין לייענען און פון צייט צו צייט וואַרף איך בליקן אויף עפּעס אַ קויל, אַ געפּלאַכטענע פון ריטער אין דער פאָרם פון אַ נעץ, — איז שטאַרק צעשראָקן געוואָרן. זי האָט געגלויבט ניט אַנדערש, אַז איר אייניקל איז פון זינען אַראָפּ.

זי האָט דעריבער געפונען פאַר נייטיק מודיע צו זיין וועגן דעם מיין פאָטער און האָט אים געוויזן דעם אָרט, וואו איך פלעג באַהאַלטן מיין מאַגישן אינסטרומענט. מיין פאָטער האָט תיכף פאַרשטאַנען, וואָס דאָס באַטייט. ער האָט גענומען אין האַנט דעם גלאָבוס און מיך גערופן צו זיך. אַז איך בין געקומען, האָט ער זיך צו מיר געווענדט מיט אָט די ווערטער:

— וואָס האָסטו זיך דאָס געמאַכט פאַר אַ שפּיל־צאַצקע?

איך: דאָס איז אַ כּדור[1].

פ.: וואָס באַטייט דאָס?

איך האָב אים דערקלערט דעם געברויך פון אַלע קרייז־ליניעס צום פאַרשטיין די דערשיינונגען פון הימל.

מיין פאָטער איז אַפילו געווען אַ גרויסער למדן אין דער תורה, אָבער צו וויסנשאַפטן האָט ער ניט געהאַט קיין באַזונדערע פעיִקייטן,—בכן האָט ער ניט געקענט באַנעמען אַלץ, וואָס איך האָב אים געוואָלט דערקלערן. באַזונדערס האָט אים געוואונדערט די פאַרגלייכונג פון מיין ספערא־אַרמילאַריס מיט דער פיגור, וואָס אין בוך, און ווי פון גראָדע ליניעס האָבן זיך געקענט בילדן קרייז־ליניעס. אָבער ער האָט דערשפּירט, אַז איך ווייס דעם ענין קלאָר.

ער האָט אַפילו אָנגעשריען אויף מיר, וואָס איך האָב עובר געווען אויף זיין פאַרבאָט ניט צו פאַרנעמען זיך מיט קיין שום אַנדער זאַך אויסער תלמוד, פונדעסטוועגן האָט ער זיך אין האַרצן געפרייט, וואָס זיין יונגער זון איז, אָן אַ לערער און

1) כּדור — אויף העברעיש אַ גלאָבוס.

אָן שום פאַרבילדונג, פון זיך אַליין געווען בכּוח דורכצואַרבעטן אַ גאַנץ ווערק פון אַ וויסנשאַפט. און דערמיט האָט זיך פאַרענדיקט דער גאַנצער פּראָצעס.

---

# פערטער קאַפּיטל.

## די חדרים. די פרייד פון זיי דערלייזט צו ווערן איז גורם אַ קראַנקהייט אין אַ פוס.

מיין עלטערן ברודער, יוסף, און מיך האָט מען אַוועקגעשיקט אין חדר אין דער שטאָט מירץ. מיין ברודער, וואָס איז אַלט געווען אַן ערך צוועלף יאָר, איז אָפּגעגעבן געוואָרן צום דענסט־מאָל באַרימטן מלמד ר׳ יאָסל, ביי וועמען ער איז אויך געווען אויף קעסט. דער דאָזיקער ר׳ יאָסל איז געווען אַ שרעק פאַר אַלע יונגעלייט, אַ שטראָף פון גאָט. ער האָט באַהאַנדלט זיינע תלמידים מיט אומדערהערטער אַכזריות, האָט זיי פאַרן קלענסטן חטא געשמיסן ביז בלוט, ניט זעלטן אָפּגעריסן אַן אויער און אויסגעשלאָגן אַן אויג. און ווען נאָכדעם פלעגן צו אים קו־מען די עלטערן פון די געליטענע און פאָדערן אַ דערקלערונג, פלעגט ער אָן נשיאות פנים, רייך צי אָרעם, וואַרפן אין זיי שטיינער אָדער וואָס עס האָט זיך אים געמאַכט אונטערן האַנט און יאָגן זיי מיט זיין שטעקן פון זיין הויז איבערן גאַס ביז זייער וואוינונג. אַלע, וואָס האָבן ביי אים געלערנט, זיינען דעריבער געוואָרן אָדער אידיאָטן אָדער לומדים מופלגים.

איך בין דענסטמאָל אַלט געווען בלויז זיבן יאָר, און בין דעריבער אָפּגעגעבן געוואָרן צו אַן אַנדער מלמד.

דאָ געפין איך פאַר נייטיק צו דערציילן וועגן אַ פאַל, וואָס ווייזט פון איין זייט די קראַפט פון ברידערלעכער ליבע און

פון דער אַנדער זייט—דעס גייסטיקן צושטאַנד פון אַ קינד, וואָס שוועבט צווישן האָפענונג אויף אַ פאַרלייכטערונג פון זיין שווערן מצב און צווישן שרעק, דער מצב זאָל נאָך ניט ערגער ווערן. איך בין איינמאָל געקומען פון חדר מיט פאַרוויינטע אויגן, וואָס איז געוויס געווען ניט אָן אַ גרונד. מיין ברודער האָט עס באַמערקט און האָט ביי מיר געפרעגט די סיבה. לכתחילה האָב איך מיך געקווענקלט אים צו דערציילן, אָבער צום סוף האָב איך געזאָגט: „איך וויין דערפאַר, וואָס מ'טאָר ניט אויסזאָגן פון חדר". מיין ברודער האָט מיך זייער גוט פאַרשטאַנען, איז זייער אויפגעבראַכט געוואָרן אויף מיין רבין און האָט געוואָלט גיין אויסגיסן אויף אים כל חמתו. איך האָב אָבער אים געבעטן דאָס ניט צו טאָן, ווייל מ'קען דערוואַרטן, דער רבי זאָל באַשטראָפן פאַרן עצם אויסזאָגן פון חדר.

איצט וועל איך אייך עטוואָס דערציילן וועגן דעם מהות פונם חדר איבערהויפט. דער חדר איז געוויינלעך אַ קליינע ענגע דירה פול מיט רויך, און די קינדער זיינען צעזייט און צעשפּרייט טיילווייז אויף די בענק, טיילווייז אויף דער הוילער ערד. דער מלמד זיצט אויפן טיש אין אַ שמוציקן העמד, האַלט צווישן די פיס אַ שאָל, וואו ער רייבט מיט אַ גרויסן שטעקן שמעקטאַ-באַק, און קאָמאַנדירט מיטן שטעקן אין דערזעלביקער צייט זיין פאָלק. די באַהעלפערס מאַכן זייערע איבונגען מיט די קינדער איטלעכער אין זיין ווינקל און באַהאַנדלען זיי פונקט אַזוי דעס-פּאָטיש, ווי דער מלמד אַליין. פון דעם פרישטיק, מיטאָג א. אַז. וו., וואָס מען פלעגט שיקן די קינדער אין חדר, פלעגן דידאָזיקע פאַרשווינען צונעמען דעם גרעסטן טייל פאַר זיך; אָן אַנדערש מאָל פלעגן די אָרעמע קינדער דערפון אַפילו גאָרנישט באַקומען און פלעגן נאָך מוזן שווייגן מחמת מורא פאַר נקמה מצד דידאָ-זיקע אַכזרים. אין אָט דידאָזיקע חדרים זיינען די קינדער געווען פאַרשפּאַרט פון פרימאָרגן ביז אין אָוונט און האָבן גאָר ניט גע-האַט קיין פרייע רגע, אויסער פרייטאָג און ראש-חודש נאָך האַלבן טאָג.

וואָס שייך דעם עצם לימוד, פלעגט מען לייענען עברי

גראַד אויסלערנען גאַנץ גוט. דערפאַר אָבער גייט צו דער סדר־הלימוד פון דער העברעישער שפּראַך זייער משונהדיק. דקדוק ווערט אין חדר ניט געלערנט, נאָר די קינדער מוזן דערגיין די געזעצן פון דער שפּראַך דורכן לערנען תנ״ך און פאַרטייטשן די פסוקים אויף יידיש, פונקט ווי, למשל, אַ מענטש פון המון ביי די אומות העולם לערנט אויף זייער אַן אומפולשטענדיקן אופן אויס די גראַמאַטיק פון זיין מוטערשפּראַך בלויז דורכן ריידן אַליין. ס׳איז אויך ניטאָ קיין ווערטערבוך פון דער העברעישער שפּראַך. בכן הייבט מען אָן מיט די קינדער תיכף צו לערנען חומש. און היות דער חומש איז אייַנגעטיילט אין אַזויפיל סדרות, וויפיל וואָכן ס׳איז דאָ אין יאָר (בכדי מ׳זאָל די חמשה חומשי תורה, וואו מען לייענט אַלע שבת אין שול אַ סדרה, קענען פאַרענדיקן אין משך פונם יאָר), ווערן אַלע וואָך געלערנט בלויז די ערשטע עטלעכע פסוקים פון דער ערשטער פרשה פון דער וואָך, און דאָס פאַרטייטשט דער מלמד אויף אַ פאַרקריפּלטן אופן קעגן אַלע גראַמאַטיקאַלישע געזעצן פון דער שפּראַך. און אַנדערש קען עס אויך גאָרניט זיין. דאָס העברעישע ווערט איבערגעזעצט און דערקלערט אויף דער מוטערשפּראַך; די יידישע מוטערשפּראַך אין פּוילן איז אָבער אָרעם און פול גראַמאַטיקאַלישע פעלערן, — בכן מוז די העברעישע שפּראַך, וואָס ווערט דורך איר געלערנט, אויך נאַטירלעך איבערגעגעבן ווערן אויף אַ קרומען און אומפּינקטלעכן דרך. אויף אַזאַ אופן באַקומט דער תלמיד פונקט אַזוי ווייניק ידיעות פון דער שפּראַך, ווי פונם עצם אינהאַלט פונם חומש. חוץ דעם האָבן די חכמי התלמוד אָנגעבונדן אָן תנ״ך כל המינים לע־גענדעס און דרשות. דער אומוויסנדער מלמד גלויבט אָבער באמונה שלמה, אַז די לעגענדעס און דרשות זיינען דאָס דער ווירקלעכער פשט פון די פסוקים און קיין אַנדער זין האָבן זיי ניט, און דער תלמיד גלויבט זיין רבין און דער אמתער פשט בלייבט אים אומבאַקאַנט און אומפאַרשטענדלעך. למשל, אין ספר בראשית שטייט: „וישלח יעקב מלאכים אל עשו אחיו״ (און יעקב האָט געשיקט שלוחים צו עשו זיין ברודער), — איז די תלמודיסטן, וואָס האָבן געלעבט נאָך נפלאות, געפעלן געוואָרן צוצוגעבן, אַז די דאָזיקע שלוחים זיינען געווען

מלאכים. דען כאָטש דאָס וואָרט „מלאכים" באַטייט אין העברעיש אויך שלוחים, פונדעסטוועגן האָבן דידאַקטיקע וואונדערזוכער בעסער אויסגעקליבן די באַדייטונג מַלְאָכִים אין ענגן זין פון וואָרט, מחמת די באַדייטונג שלוחים אַנטהאַלט דאָך אין זיך קיין וואונדער ניט. דער תלמיד גלויבט, אַז דאָס וואָרט „מלאכים" באַטייט ניט אַנדערש ווי הימלישע וועזנס, און די נאַטירלעכע באַדיי־טונג פונם וואָרט (שלוחים) גייט ביי אים פאַרלאָרן. בלויז דעם, וואָס שטודירט אַליין די ספרי דקדוק און די גראַמאַטיש־קריטישע פירושים אויף תנ"ך, למשל, דעם רד"ק (ר' דוד קמחי) און דעם אבן עזרא (וואָס דער רוב לומדים לערנט זיי ניט), קען ביס־לעכווייז געלינגען צו דערלערנען די העברעיִשע שפּראַך און צו פאַרשטיין דעם ריכטיקן פשט פון תנ"ך.

אַזוי ווי די קינדער זיינען פאַרמשפּט אָפּצוחושכן זייערע בליענדיקע יאָרן אין אַזאַ גיהנום פון אַ שול, איז לייכט זיך פאָרצושטעלן, מיט וואָס פאַר אַ פרייד און אַנטציקונג זיי וואַרטן אויף זייער באַפרייונג. מיך און מיין ברודער פלעגט מען אַלע־מאָל אויף די גרויסע ימים־טובים אָפּנעמען אַהיים, און בעת איינער פון אַזוינע פריילעכע נסיעות האָט פּאַסירט אַ פאַל, וואָס האָט זיך פאַר מיר געענדיקט זייער ביטער. איינמאָל פאַר שבועות איז אונזער מוטער געקומען אין דער שטאָט, וואו מיר האָבן געלערנט, איינצוקויפן פאַרשיידענע זאַכן פאַר די הצטרכותן פון הויז. און נאָך איר ענדיקן אירע עסקים האָט זי אונז מיטגענומען אַהיים. דער געדאַנק וועגן דער באַפרייונג פון חדר און דער אויסזען פון דער שיינער נאַטור, וואָס ווייזט זיך אין דער דאָזי־קער צייט אַרויס אין איר בעסטער פּראַכט, האָבן אונז אַריינגע־בראַכט אין אַזאַ פרייד און התפעלות, אַז מיר האָבן זיך אַריינ־געוואָרפן אין אַלערליי הפקרותדיקע שטיפעריַיען. אַז די פור איז געווען שוין ניט ווייט פון אונזער דאָרף, איז מיין ברודער אַרויס־געשפּרונגען פון וואָגן און האָט גענומען לויפן צופוס. איך האָב געוואָלט נאָכמאַכן דעם דאָזיקן געוואַגטן שפּרונג פון מיין ברו־דער, איך האָב אָבער צום אומגליק ניט געהאַט גענוג כוח דער־צו. שפּרינגענדיק בין איך דעריבער אַראָפּגעפאַלן און געבליבן

ליגן האַרט לעבן דעם וואָגן, אַזוי אַז מיינע פיס זיינען אויסגע-קומען צווישן די רעדער און אַ ראָד איז אַריבערגעפאָרן איבער מיין לינקן פוס און אים שרעקלעך צעקוועטשט. מ׳האָט מיך גע-בראַכט אַהיים קוים אַ לעבעדיקן. מיין פוס איז געוואָרן איינ-געצויגן און איך האָב אים גאָר ניט געקאָנט באַוועגן.

מ׳האָט זיך ווענן דעם בּאַראַטן מיט אַ יידישן דאָקטאָר. כאָטש ער האָט ניט שטודירט אין קיין אוניווערסיטעט און האָט ניט פאַרטיידיקט קיין דיסערטאַציע, נאָר ער האָט זיינע מעדיצי-נישע ידיעות זיך דערוואָרבן בלויז דינענדיק ביי אַ דאָקטאָר און האָט דורכגעלייענט אייניקע מעדיצינישע ביכער אין דער פּויליּ-שער שפּראַך,—פונדעסטוועגן איז ער געווען זייער אַ גוטער און פּראַקטישער דאָקטאָר און האָט מיט גרויס הצלחה קורירט זיינע פּאַציענטן. ער האָט געזאָגט צו מיינע עלטערן: „איך האָב איצט ניט ביי זיך קיין צוגעגרייטע רפואות (דען די אַפּטייק איז געווען קרוב צוואַנציק מייל ווייט פון דעם אָרט) און איך קען דעריבער ניט פאַראָרדענען קיין מיטלען לויט די געזעצן פון מעדיצין, דאָך וואָלט איך אייך אויף דער הייסער מינוט געראָטן צו געברויכן אַ לייכטן הויזמיטל. זאָל מען טויטן אַ הונט און אַריינלייגן דעם קראַנקן פוס אין זיינע געדערים עטלעכע מאָל,—וועט געוויס קו-מען אַ פאַרלייכטערונג“. מ׳האָט געפאָלגט זיין עצה און דער רע-זולטאַט איז געווען ווי געוואונטשן, אַזוי אַז אין אייניקע וואָכן אַרום האָב איך ווידער געקענט באַוועגן מיין פוס און טרעטן מיט אים אויף דער ערד, און ביסלעכווייז בין איך אינגאַנצן געזונט געוואָרן.

איך דענק, אַז עס וואָלט ניט שלעכט געווען, ווען די מע-דיצינער וואָלטן אויפמערקזאַם געוואָרן אויף אַזעלכע הויזמיטלען, וואָס מען געברויכט מיט גוטן ערפאָלג אין די געגנטן, וואו עס זיינען ניטאָ קיין געהעריקע דאָקטוירים און אַפּטייקן. עס וואָלט אַפילו ניט געשאַדט צו דעם צוועק צו מאַכן אַהין ספּעציעלע עקס-קורסיעס. איך ווייס אַ מאַסע ביישפּילן אַזעלכע, וואָס מ׳קען זיי בשום אופן ניט אָפּלייקענען מיט דער האַנט. דאָך איז עס צו מיין ענין ניט שייך, און איך קער זיך אום צוריק צו מיין געשיכטע.

# פינפטער קאַפּיטל.

## מיין משפּחה פאַלט אַריין אין אַ גרויסן אומגליק, און אַן אַלטער דינער, אַ קריסט, ווערט פאַר זיין געטריישאַפט צו זיין יידישן באַלעבאָס באַגראָבן „קבורת חמור".

ווי שוין דערמאָנט, האָט מיין פאָטער געפירט מסחר מיט קיניגסבערג אין פּרייסן. איינמאָל האָט ער דאָ געקויפט אייניקע טונען זאַלץ און הערינג און אויפגעלאָדן אויף אַ שיף פונם פירשט ראַדזיוויל. אַז ער איז געקומען אַהיים און האָט געוואָלט אָראָפּנעמען זיינע סחורה, האָט דער פאַרוואַלטער פון שיף שאַכנאַ, אַ פּוילישער פּריץ, געלייקנט שטיין און ביין; ער האָט גאָר פון מיין פאָטער קיין שום סחורה ניט באַקומען. האָט מיין פאָטער אים געוויזן דעם שטר-קבלה אויף דער סחורה, וואָס ער, דער פאַרוואַלטער, האָט אים אַליין אַרויסגעגעבן, — האָט דער פּריץ אַרויסגעריסן די קוויטאַנציע פון מיין פאָטערס האַנט און אַריינגעוואָרפן זי אין פייער. מיין פאָטער האָט פאַר זיך קיין אַנדער אויסוועג ניט געפונען, ווי נאָר צו פאַרפירן וועגן דעם אַ פּראָצעס, וואָס האָט געדאַרפט פאַרשלינגען אַ סך צייט און הוצאות, אָבער ער איז געצוואונגען געווען אָפּצולייגן אים ביזן קומענדיקן יאָר, ווייל ער האָט געמוזט געשעפטסהאַלב פאָרן נאָך אַמאָל קיין קיניגסבערג. דאָ האָט מען אים אין פּאָשלינע-אַמט,

לויט זיין בקשה, אַרויסגעגעבן אַ באַשטעטיקונג, אַז ער האָט ווירקלעך אויפגעלאָדן די אויבנדערמאָנטע סחורה אויפן פּירשט ראַדזיווילס שיף אונטער דער פּאַרוואַלטונג פון דעם פּאַן שאַכנאַ. אויפן יסוד פון דער דאָזיקער באַשטעטיקונג איז דער פּאַרוואַלטער אַרויסגערופן געוואָרן אין געריכט, אָבער ער האָט ניט געפונען פאַר נייטיק צו מעלדן זיך, און מיין פאָטער האָט געוואונען דעם פּראָצעס אין דער ערשטער, צווייטער און דריטער אינסטאַנץ. אָבער ביים דעמאָלסטיקן שלעכטן צושטאַנד פון דער פּוילישער יוסטיץ איז מיין פאָטער ניט געווען ביכולת צו דערשלאָגן זיך, דער דאָזיקער פּסק-דין זאָל דורכגעפירט ווערן, און ניט געקוקט אויף זיין רעכט, האָט ער אַפילו ניט באַקומען אומגעקערט די געריכטס-הוצאות, וואָס עס האָט אים אָפּגעקאָסט דער דאָזיקער געוואונענער פּראָצעס.

דערצו איז נאָך איבערן פּראָצעס דער פּאַן שאַכנאַ אים געוואָרן אַ דם-שונא און האָט אים גערודפט מיט כל המינים תהבולות. נאָך ערגער איז געוואָרן די לאַגע דערמיט, וואָס דער דאָזיקער דורכגעטריבענער אויסוואורף האָט דורך כּלערליי שווינד-לען און אינטריגעס זיך דערשלאָגן, אַז דער פּירשט ראַדזיוויל האָט אים באַשטימט פאַר אַ פאַרוואַלטער איבער אַלע זיינע נחלאות, וואָס ליגן אינם ראַיאָן פון דער שטאָט מירץ. דאַן האָט ער באַשלאָסן אומצוברענגען מיין פאָטער און האָט נאָר געוואַרט אויף אַ שעת-הכושר אויסצופירן זיין נקמה.

און דערדאָזיקער שעת-הכושר איז באַלד געקומען. דערצו האָט אים געהאָלפן אַ געוויסער ייד, וואָס מ׳האָט אים גערופן „שווער-זען״ לויטן נאָמען פון זיין אַרענדירטן מאַיאָנטעק און וואָס האָט אין גאַנצן קאַנט געהאַט אַ נאָמען ווי דער מנוולדיקסטער רשע מרושע. דער דאָזיקער אַרענדאַר שווערזען איז געווען אַ גראָבער עם-הארץ, האָט אַפילו קיין יידיש ניט געקענט און גערעדט אויף אַ שלעכטן רוסיש. זיין געשעפט איז באַשטאַנען דער-עיקר אין באָכשפּירן אַלע פאַכטן אין דער גאַנצער געגנט, און וואו ער האָט נאָר באַמערקט אַן אַרענדע, וואָס גיט גוטע הכנסה, האָט

ער זי אויסגעדונגען דורך א הוספה אויף דאָס אַרענדע־געלט און דורך געבן שוחד די פּאַרוואַלטערס. ניט געקוקט אויף די געזעצן פון חזקה, פלעגט ער אַרויסטרייבן די אַלטע געזעצלעכע חוכרים פון זייערע פּאַכטן, און ער איז אויף אַזאַ אופן אַלץ רייכער געוואָרן. אַזוי האָט ער אָפּגעלעבט אין גרויס עשירות און גליק ביז טיפן עלטער.

דער דאָזיקער מנוול האָט שוין לאַנג געהאַט אַן אויג אויף מיין זיידנס פּאַכט און האָט בלויז געוואַרט אויף אַ גינסטיקער געלעגנהייט, צו געפינען עפּעס אַן אויסרייד און אַרויסרייסן זי פאַר זיך. צום אומגליק איז מיין זיידנס ברודער יעקב, וואָס האָט געוואוינט אין אַן אַנדער דאָרף, וועלכער האָט אויך געהערט צו מיין זיידנס אַרענדע, שולדיק געווען געלט דעם דאָזיקן רשע. און אַזוי ווי ער האָט קיין מעגלעכקייט ניט געהאַט איינצוצאָלן דעם חוב — אַן ערך 50 טאָלער — צום באַשטימטן טערמין, איז שווערזען תּיכף געקומען מיט פּאַראָבקעס פון הויף און אים מתרה געווען, אַז באם ער וועט אים ניט באַצאָלן דעם חוב, וועט ער ביי אים צונעמען דעם גרויסן קעסל, וואָס איז געווען מיין עלטערפעטערס גאַנצע עשירות. דער עלטערפעטער האָט תּיכף שטילערהייט אַרויפגעלייגט דעם קעסל אויף אַ וואָגן, אַוועקגעפאָרן דערמיט אין איילעניש צו מיין זיידן אין דאָרף און אים באַהאַלטן דאָרטן ערגעץ אין אַ זומפּ הינטערן הויז.—און קיינער ביי אונז אין הויז האָט פון דער גאַנצער מעשה קיין שום ידיעה ניט געהאַט. אָבער זיין מלווה, וואָס האָט נאָכגעשפּירט זיינע טריט, איז געקומען צו מיין זיידן אין וואוינונג און האָט אויסגעזוכט אין אַלע ווינקעלעך,—דעם קעסל אָבער האָט מען אין ערגעץ ניט געקענט געפינען. אויפגעבראַכט פון דעם דאָזיקן דורכפאַל און ברענענדיק מיט אַ פייער פון נקמה אויף מיין זיידן, וועמען ער האָט חושד געווען, אַז ער האָט עס אים געשטערט צו געפינען דעם קעסל, — איז ער אַוועקגעריטן אין שטאָט אַריין, געבראַכט דעם פּאַן פּאַרוואַלטער אַ געהעריקע מתנה און אים אָנגעבאָטן פאַר מיין זיידנס פּאַכט אַרענדע־געלט אינצווייען

מער, און חוץ דעם נאָך אַ פרייוויליקע יערלעכע רעכטע מתּנה פאַרן פאַן פאַרוואַלטער גופא.

דער פאַן שאַכנאַ האָט זיך זייער דערפרייט מיט אַזאַ אָנבאָט, און געדענקענדיק די חרפּה, וואָס מיין פאָטער, אַ ייד, האָט אים, אַ פוילישן איידלמאַן, אָנגעטאָן דורכן פריער דערמאָנטן פּראָצעס, האָט ער תּיכף אויף דער שטעל אונטערגעשריבן דעם מנוול שווערזען אַ קאָנטראַקט, וואָס דורך אים האָט ער אים ניט בלויז אָפּגעגעבן מיין זיידנס פאַכט מיט אַלע זכיות נאָך איידער ס'האָט זיך געענדיקט מיין זיידנס אַרענדע-טערמין, נאָר ער האָט ביי מיין זיידן אויך אָפּגערויבט זיין גאַנץ פאַרמעגן: די שפּייכלערס פול תּבואה, די בהמות וכדומה, — און דעם דאָזיקן רויב זיך צעטיילט מיטן נייעם אַרענדאַר.

מיין זיידע האָט אויף אַזאַ אופן געמוזט מיט זיין גאַנצער משפּחה אין מיטן ווינטער פאַרלאָזן זייער היים, וואו זיי האָבן געוואוינט אַ סך יאָרן, און צו וואַנדערן פון אָרט צו אָרט, ניט וויסנדיק וואו זיך אַ נייעם מקום-מנוחה צו געפינען. דער אַרויספאָר פון מיינע עלטערן פון דאָרף איז געווען זייער אַ רירנדיקע, האַרצרייסנדיקע סצענע. אַלע שכנים אַרום האָבן געיאָמערט און געקלאָגט אויף אונזער גורל.

אַן אַלטער אַכציקיאָריקער געטרייער דינער אונזערער, מיטן נאָמען גאַווריליאָ, וואָס, ווען מיין זיידע איז נאָך אַ קינד געווען, האָט ער אים אויף די הענט געטראָגן, — האָט ניט אַנדערש געוואָלט מיטפאָרן מיט אונז. און כאָטש מ'האָט אים געשילדערט די שטרענגע קעלט פונם ווינטער, אונזער אומגליקלעכע לאַגע און די אומבאַוואוסטקייט און אומזיכערקייט פון אונזער צוקינפטיקן גורל, האָט עס גאָרניט געהאָלפן. ער האָט זיך אָוועקגעלייגט פאַרן טויער, וואו אונזערע פורן האָבן געדאַרפט דורכפאָרן, און האָט אַזוי לאַנג געיאָמערט און געוויינט, ביז מ'איז געצוואונגען געווען אים מיטצונעמען. ער איז אָבער ניט לאַנג געפאָרן מיט אונז. זיין טיפע עלטער, דער צער, וואָס ער האָט געהאַט פון אונזער אומגליק, און דער שטרענגער ווינטער האָבן אים געגעבן דעם לעצטן קלאַפּ. ער איז געשטאָרבן,

ניט באַווייזנדיק דורכצופאָרן מיט אונז צוזאַמען אַפילו קיין צוויי מייל, און אַזוי ווי קיין שום קאַטאָלישע און קיין שום רוסישע געמיינדע האָט אים ניט געוואָלט אָננעמען אויף איר בית־הקברות (ער איז געווען אַ פּרייס פון לוטעראַנישן גלויבן), איז ער אויף אונזערע הוצאות באַערדיקט געוואָרן אויפן פרייען פעלד.

# זעקסטער קאַפּיטל.

## אַ נייער וואוינאָרט און נייע צרות. דער לימוד פון תּלמוד.

אַזוי זיינען מיר געצויגן און אומגעוואַנדערט אין לאַנד, ווי די בני־ישראל אין אַראַבישן מדבר, ניט ווִיסנדיק, וואו און ווען מיר וועלן געפינען אַ מקום־מנוחה. צום סוף זיינען מיר געקומען אין אַ דאָרף, וואָס האָט געהערט צו צוויי פּריצים. איין פּריץ האָט שוין זיין חלק געהאָט פאַרדונגען, דער אַנדערער אָבער האָט ניט געקענט פאַרפּאַכטן זיין חלק, ווייל ער האָט געוואָלט אַפריער אויסבויען אויף זיין לאַנד אַ קרעטשמע. מיין זיידע איז פאַרמאַטערט געוואָרן פון אַרומוואַנדערן ווינטערצייט מיט אַ גאַנצער פאַמיליע און האָט באַשלאָסן צו נעמען אין אַרענדע דידאָזיקע קרעטשמע, וואָס דאַרף זיך נאָך אויסבויען, מיט אַלץ וואָס געהערט צו איר, און דערווייל, ביז דאָס הויז וועט פאַרטיק ווערן, דורכצושלאָגן זיך ווי עס וועט נאָר מעגלעך זיין. מיר זיינען דעריבער געצוואונגען געווען צו באַזעצן זיך אין אַ שפּייכלער. דער אַרענדאַר פון צווייטן האַלבן דאָרף האָט געטאָן אַלץ וואָס מעגלעך, כּדי ניט צו דערלאָזן אונז באַזעצן זיך אין דעם דאָזיקן אָרט, אָבער אַלע זיינע תּחבולות האָבן אים ניט געהאָלפן. דאָס הויז איז פאַרטיק געוואָרן, מיר זיינען אַהין אַריינגעצויגן און האָבן אָנגעהויבן אונזער ווירטשאַפט.

צום אומגליק, איז דאָ אַלץ געגאַנגען מיט די פוטער אַראָפּ, קיין זאַך האָט זיך ניט איינגעגעבן. דערצו איז נאָך צוגעקומען

דאָס, וואָס מיין מוטער, פון דער נאַטור אַן אשת־חייל און אַן אַרבעטסליבנדיקע, האָט דאָ געהאַט וויניק צו טאָן און האָט גע־גומען שפּירן אַ לאַנגווייליקייט. דידאָזיקע לאַנגווייליקייט און די דאגות־החיונה האָבן זי אַריינגעבראַכט אין אַ צושטאַנד פון מרה־שחורה, און ביסלעכווייז איז זי גאָר געשטערט געוואָרן. אין דעם דאָזיקן צושטאַנד האָט זי זיך געפונען עטלעכע חדשים. אַלע רפואות און אַלע סגולות זיינען געווען אומזיסט. צום סוף איז מיין פאָטער איינגעפאַלן אַ געדאַנק אַוועקצופירן זי קיין נ אָ װ אָ־ג ר אָ ד צו אַ באַרימטן דאָקטאָר, וואָס האָט זיך אָפּגעגעבן מיט קורירן גייסטיק־קראַנקע.

די הייל־מעטאָדן פון דעם דאָזיקן מעדיקער זיינען מיר אַפילו אומבאַקאַנט, ווייל איך בין דענסטמאָל נאָך צו יונג געווען און איך האָב ניט געהאַט ניט קיין ווילן ניט קיין יכולת צו מאַכן וועגן דעם אונטערזוכונגען; אָבער דאָס קען איך מעלדן אויף זי־כער, אַז בנוגע מיין מוטער און ס'רוב פּאַציענטן פון דעם מין האָט זיין קוראַציע געבראַכט גליקלעכע רעזולטאַטן. מיין מוטער האָט זיך אומגעקערט אַהיים פריש און געזונט, און פון דענסט־מאָל אָן האָט זי מער קיינמאָל ניט געהאַט קיין שום אַטאַקן פון דעם מין.

גלייך נאָך דעם האָט מען מיך אַוועקגעשיקט אין דער ישיבה קיין א י װ ע נ ע ץ, פופצן מייל פון אונזער וואוינאָרט, און דאָ האָב איך אָנגעהויבן שטודיר־ן דעם תלמוד.

דער לימוד פון תלמוד איז דער הויפּט־צוועק פון דער ווי־סנשאַפטלעכער דערציִונג ביי אונזער פאָלק. עשירות, קער־פּערלעכע מעלות און כל המינים כשרונות האָבן אַפילו אין זיינע אויגן יאָ אַ ווערט און ווערן לפי־ערך געשעצט; אָבער די ווערדע פון אַ למדן שטייט ביי אים העכער פון אַלץ. אויף אַלע התמנותן און בכבודיקע שטעלעס אין דער קהילה האָט ער דעם ערשטן זכות. אַז ער קומט אַריין אויף אַ פאַרזאַמלונג, שטייען אַלע אויף פאַר אים מיט הדרת־הכבוד, ניט געקוקט אויף זיין עלטער און אויף זיין שטאַנד, און מ'גיט אים אָפּ דעם ערשטן פּלאַץ. ער איז דער נאמן און בעל־יועץ, דער געזעצגעבער און דער שופט

פונם פשוטן מענטשן. און ווער עס איז ניט מקבל-פּנים אַ תּלמיד-חכם מיטן געהעריקן כּבוד, האָט ניט, לויט די ווערטער פון תּלמוד, קיין חלק לעולם הבא[1]. דער פּשוטער מענטש טאָר ניט טאָן די קלענסטע זאַך, וואָס איז לויט דער מיינונג פונם געלערנטן אומגעזעצלעך. רעליגיעזע מנהגים, די דינים פון כּשר און טריף, פון קידושין און גטן ווערן באַשטימט ניט בלויז אויפן יסוד פון די שוין עקסיסטירנדיקע אומגעהייערע מאַסן געזעצן, וואָס זיינען אויפגעזאַמלט אין די ספרים פון די פּוסקים, נאָר אויך אויפן גרונד פון די אָנווייזונגען פון די רבנים, וואָס קענען אַלע באַזונדערע פאַלן אַרויסדרינגען פון די אַלגעמיינע דינים פון די פּוסקים. יעדער רייכער סוחר, אַרענדאַר אָדער אינדוסטריעלער, וואָס האָט אַ טאָכטער, ווענדט אָן אַלע מעגלעכקייטן זי חתונה צו מאַכן מיט אַ תּלמיד-חכם. מעג דער דאָזיקער למדן זיין קערפּערלעך מיאוס, קרענקלעך אָדער אומוויסנדיק אין אַלע אַנדערע ענינים, דאָך האָט ער אַלעמאָל די בכורה לגבי אַלע אַנדערע חתנים. דער צוקינפטיקער שווער פון אַזאַ אַנטיקל מוז תּיכּף ביי די תּנאים איינצאָלן דעם חתנס עלטערן אַ געוויסע, פריער אָפּגעמאַכטע סומע; און חוץ דעם נדן, וואָס ער האָט באַשטימט פאַר זיין טאָכטער, מוז ער נאָך אויסהאַלטן די יונגע פּאָר זעקס אָדער אַכט יאָר נאָך דער חתונה מיט קעסט, קליידונג און אַ דירה. אין משך פון דער דאָזיקער צייט ווערט דאָס געלט פון נדן געגעבן אויף פּראָצענט, און דער איידעם דער וואויללערנער זעט ווייטער צו פאַרפולקומען זיך אין דער תּורה אויפן חשבון פונם שווער. און אַז עס ענדיקט זיך דער טערמין פון קעסט, גיט מען אים אָפּ דאָס געלט אין האַנט אַריין און ער—אָדער ער באַקומט עפּעס אַ שטעלע פון אַ כּלי-קודש, אָדער ער ווערט אַ לערנער אַ בטלן. איןביידע פאַלן נעמט די פרוי איבער אויף זיך דעם חוב צו פירן די ווירטשאַפט און די געשעפטן, און זי איז צו-

———

1) ס'איז אָבער כאַראַקטעריסטיש דער מאמר פון זעלביקן תּלמוד, אַז אַ בעל-מלאכה, און בכלל אַן אַרבעטסמאַן, וואָס באַשעפטיקט זיך מיט זיין אַרבעט, איז ניט מחויב אויפצושטיין פאַר קיין שום תּלמיד-חכם.

פרידן, וואָס פאַר אַלע אירע מי און מאַטערניש וועט זי געניסן כאָטש אַ ביסל פון איר מאַנס כבוד אויף דער וועלט און פון זיין חלק עולם הבא.

דער לימוד פון תלמוד ווערט געפירט פונקט אַן אַזאַ סדר, ווי דער לימוד פון תנ"ך. די שפּראַך, אין וועלכער עס איז געשריבן דער תלמוד, איז אַ העברעיִש-אַרמישער דיאַלעקט מיט אַ צומיש פון ווערטער פון פאַרשיידענע אַנדערע אָריענטאַלישע שפּראַכן, אויך פון גריכיש און לאַטיין. ס׳איז ניטאָ קיין ווערטערבוך, וואָס זאָל דערקלערן דעם פירוש-המילות און די אויסדריקן, און נאָך ערגער איז, וואָס, ווייל דער תלמוד איז ניט פונקטירט, ווייס מען אָפט ניט, ווי צו לייענען די ניט ריין-העברעיִשע ווערטער. בכן לערנט זיך דער תלמיד אויס די שפּראַך פון תלמוד, פונקט ווי די ביבלישע שפּראַך, בלויז דורך איבערזעצן („פאַרטייטשן") און אָפטן איבערחזרן די טעקסטן. דאָס איז די ערשטע מדרגה פונם לימוד פון גמרא.

און נאָכדעם ווי דער תלמיד האָט אייניקע צייט מיט דער הילף פון זיין רבין זיך איינגעניִבט אין איבערזעצן, הייבט ער אָן זעלבשטענדיק צו לערנען די גמרא און דערקלערן זיך אַליין. דער רבי גיט אים אויף אַ „שיעור" (אַ לעקציע), וואָס דאַרף צוגעגרייט ווערן צו אַ באַשטימטער צייט. די איינצלנע שווערע ווערטער און אויסדריקן, וואָס באַגעגענען זיך אין דעם „שיעור", דאַרף דער תלמיד וויסן שוין פון זיינע פריערדיקע לעקציעס, אָדער דאָס דערקלערט אים דער רבי, וואָס דינט אים אָנשטאָט אַ ווערטערבוך. דעם אינהאַלט אָבער און דעם גאַנצן צוזאַמענהאַנג פונם אויפגעגעבענעם שיעור מוז דער תלמיד אַליין באַנעמען. דאָס איז די צווייטע מדרגה פונם לימוד התלמוד.

פאַר וועגווייזער דינען דאָ דער-עיקר צוויי פירושים, וואָס דרוקן זיך פון ביידע זייטן טעקסט גמרא. דער מחבר פון איין פירוש איז ר׳ שלמה יִצחָקי (רש"י), אַ גאון מיט גראַמאַטישקריטישע שפּראַך-קענטענישן, מיט ברייטע און גרינדלעכע תלמודישע בליקן און מיט אַן אויסערגעוויינלעכער קורצקייט אין אויסדרוק. דער צווייטער פירוש איז באַוואוסט מיטן נאָמען „תוספות"

(הוסָפות) און איז צונויפגעשטעלט דורך אַ סך מחברים. דער אופן פון זייער אויפקום איז זייער מערקווערדיק. אַ געוויסע גרופּע פון די באַרימטסטע רבנים¹) האָבן צווישן זיך באַשלאָסן צוזאַמען צו שטודירן דעם תּלמוד. מיט דעם צוועק האָט איטלעכער זיך אויסגעקליבן אַ באַזונדערן טייל און אים שטודירט אַזוי לאַנג, ביז ער האָט אים פולשטענדיק דורכגעדרונגען און אַיינגעהאַלטן אין זכּרון. נאָכדעם זייַנען דידאָזיקע אַלע רבנים זיך צונויפגעקומען צוזאַמען און האָבן אָנגעהויבן צוזאַמען צו שטודירן דעם תּלמוד לויטן סדר פון זייַנע מסיכתּות. ווען מ'האָט געהאַט פאָרגעלייענט די ערשטע שטעל און גרינדלעך דערקלערט זי און פעסטגעשטעלט לויט דער תּלמודישער לאָגיק, האָט עמעצער פון די רבנים פאָרגעלייענט יענע ערטער פון זייַן ספּעציעל=אויסגעשטודירטן טייל גמרא, וואָס האָבן געשיינט סותר צו זייַן דידאָזיקע שטעל. דאַן האָט אַן אַנדערער געבראַכט אַ שטעל פון זיין גרינדלעך=אויסגעלערנטן טייל, וואָס האָט אים געגעבן די מעגלעכקייט אויסצוגלייכן דידאָזיקע סתּירה. אַן אַנדערש מאָל איז געקומען אַ דריטער און האָט אָפּגעוואָרפן דעם אויסגלייך פונם צווייטן, און אַ פערטער האָט זיך אָנגעטאָן אַ כּוח מבטל צו מאַכן די השגות פונם דריטן, ביז די פאָרגעלייענטע שטעל איז סוף=כּל=סוף געוואָרן דערקלערט און אָנגענומען בהסכּם כּולם.

מ'קען זיך לייכט פאָרשטעלן, וואָס פאַר אַ הויכע מדרגה שאַרפזין ס'האָט זיך געמוזט פאָדערן, כּדי דורכצושטודירן און דורכצוקאָמענטירן דעם תּלמוד—דאָס דאָזיקע אומגעהייערע ווערק, וואָס באַשטייט פון צענדליקע קאָלאָסאַלע בענדער, מסיכתּות, מיט אַ פאַרשיידנאַרטיקן אינהאַלט, וואו איין און דערזעלביקער ענין ווערט אָפט באַטראַכט אין פאַרשיידענע טיילן און אונטער פאַרשיידענע דעפיניציעס—און אויפן יסוד פון אַן אומפאַרענדערלעכן לאָגישן מעטאָד צו דערגרייכן ריכטיקע רעזולטאַטן און צוריקצופירן צו די ערשטע גרונד=פּרינציפּן.

אויסער רש"י און תּוספות, זייַנען נאָך דאָ אַ סך אַנדערע

¹) אין פראַנקרייך אין XII י"ה.

מפרשים אויפן תלמוד, וואָס גייען אין זייער חריפות אַוועק נאָך פיל ווייטער און טראָגן אריין תיקונים אַפילו אין די דערמאָנטע צוויי פירושים. באמת קען יעדער רב, וואָס האָט נאָר אַ שאַרפן קאָפּ, באַטראַכט ווערן ווי אַ לעבעדיקער קאָמענטאַר אויפן תלמוד.

די גרעסטע אָנשטרענגונג אָבער פונם גייסט פאָדערט זיך, כדי צו מאַכן אַן אויסצוג פון תלמוד, צוזאַמענשטעלן אַ קאָדעקס פון די הלכות, וואָס זיינען אין תלמוד אייגנטלעך ניט געגעבן ווי געניי און שטרענג איינמאָל אויף אַלעמאָל אָפּגעפּסקנטע דינים. דערצו איז אָבער ניט גענוג צו באַזיצן בלויז חריפות, נאָר אויך אין העכסטן גראַד אַ סיסטעמאַטישן שכל. אין דעם דאָזיקן פּרט פאַרדינט אונזער רמב"ם[1] געוויס דעם ערשטן אָרט מיט זיין געזעץ־קאָדעקס „יד החזקה".

די לעצטע מדרגה אין לימוד התלמוד איז דער פּלפּול. ער באַשטייט אין אייביקע וויכוחים וועגן דעם דאָזיקן ווערק אָן אַ תכלית און אָן אַ ציל. ווער עס פאַרמאָגט חריפות, אַ כוח־הדבור און חוצפּה—דער איז דאָ מנצח זיין קעגנער. דער דאָזיקער דרך אין לערנען איז אין די פריערדיקע דורות געווען זייער באַליבט אין די ישיבות; אָבער אין אונזער צייט איז מיט דער ירידה פון די ישיבות שוואַך געוואָרן אויך דער פּלפּול.

דער פּלפּול אין תלמוד איז ענלעך אויפן סקעפּטיציזם אין דער פילאָסאָפיע און איז בכלל אַ שטער פאַר דעם צוועקמעסיקן סיסטעמאַטישן שטודיום.

---

1) רבנו משה בר מיימון (מיימאָנידעס), געבאָרן אין קאָרדאָווע (שפּאַניע) אין 1135 און געשטאָרבן אין קאַירא (מצרים) אין 1204.

דער איבערז.

# זיבעטער קאַפּיטל.

## די פרייד געדויערט ניט לאַנג.

נאָך דער דאָזיקער אָפּווייכונג וועגן דעם לימוד התלמוד קער איך מיך אום צוריק צו מיין געשיכטע.

ווי שוין געזאָגט, האָט מען מיך אוועקגעשיקט לערנען קיין איוועניץ. מיין פאָטער האָט מיר מיטגעגעבן אַ בריוו צום דאָרטיקן הויפּט-רב, וואָס איז געווען אונזערער אַ קרוב, און האָט אים געבעטן אויסצוקלייבן פאַר מיר אַ גוטן ראש-ישיבה און השגחה געבן אויף מיינע פעולות אין לערנען. ער האָט מיך אָבער אָפּגעגעבן צו אַ געוויינלעכן מלמד און מיר געזאָגט, איך זאָל אים באַזוכן אַלע שבת, בכדי ער זאָל מיך פאַרהערן, — און איך האָב עס פּינקטלעך דערפילט. דאָס האָט אָבער לאַנג ניט געדויערט. איינמאָל בעת אַזאַ פאַרהער האָב איך אָנגעהויבן שטעלן דעם רב הארבע קשיות. דער רב האָט מיר דערויף גאַרנישט געענטפערט און מיך בלויז געפרעגט, צי איך האָב די דאָזיקע קשיות געשטעלט אויך מיין רבין?

— געוויס! — האָב איך געענטפערט.

— נו, און וואָס האָט דער רבי דערויף געזאָגט?

— ער האָט מיר גאָרנישט געזאָגט צו דער זאַך, — האָב איך געענטפערט, — נאָר ער האָט מיר געהייסן שווייגן און געזאָגט, אַז אַ ייִנגל דאַרף ניט זיין קיין עזות-פּנים. ער דאַרף נאָר זען צו פאַרשטיין זיין שיעור, אָבער ניט צו פאַרוואַרפן דעם רבין מיט קשיות.

— אזוי גאָר? — האָט דער רב געזאָגט — דיין רבי האָט־קענטיק, צופיל ליב רויִקייט. מיר וועלן עס ענדערן. מהיום והלאה וועל איך אליין מיט דיר לערנען. דאָס וועל איך טאָן נאָר פון פריינדשאַפט וועגן, און איך האָף, אַז ניט דיין פאָטער און ניט דיין פאָריקער רבי וועלן גאָרנישט האָבן קעגן. דעם שכר־לימוד, וואָס דיין פאָטער דאַרף פאַר דיר צאָלן, זאָל דיין רבי באַקומען ווי פריער אינגאַנצן אָן אַ שום אַראָפּרעכענונג.

אויף אַזאַ אופן האָב איך אָנגעהויבן צו לערנען ביים רב אליין. ער האָט מיט מיר געלערנט לחלוטין אויף אַ נייעם דרך. ער האָט מיר ניט אויפגעגעבן קיין וועכנטלעכע שיעורים, וואָס איך זאָל דאַרפן אַ סך מאָל און לאַנג איבערחזרן, ביז זיי זאָלן זיך איינקריצן אין זכרון, און בכלל קיין שום לעקציעס, וואָס דער תלמיד מוז מאַכן פאַר זיך און וואָס איין אייגציק אומבאַדייטנדיק וואָרט אָדער אַ פראַזע, וואָס האָט צום ענין קיין שום שייכות ניט, פאַרהאַלט דערביי אָפּט דעם געדאַנקענגאַנג. זיין שטייגער לערנען האָט זיך אונטערשיידט פון אַלע אַנדערע מע־טאָדן: ער פלעגט מיר אויפגעבן אַ וועלכע־ס׳איז סוגיה פון דער גמרא, איך זאָל עס אויסלערנען פאַר אים אין די אויגן, פלעגט זי מיט מיר פונאַנדערקלייבן און דערקלערן מיר אַזוי פיל, ווי־פיל ס׳איז נייטיק געווען צו באַוועגן מיין שכל אַרבעטן זעלב־שטענדיק, און דורך שאלות און תשובות אָפּגעווענדט מיין אויפ־מערקזאַמקייט פון טפלדיקע זאַכן און קאָנצענטרירט זי אויפן עיקר; אַדאַנק דערדאָזיקער מעטאָדע האָב איך אין אַ קורצער צייט דערגרייכט אַלע דריי מדרגות פונם תלמוד־שטודיום, וואָס זיינען דערמאָנט אין פאָריקן קאַפּיטל.

אַז מיין פאָטער האָט באַקומען פונם רב די ידיעות וועגן די שינויים אין מיין לערנען און וועגן מיינע פעולות, איז ער געווען אויפן זיבעטן הימל פון פרייד. ער האָט אויסגעדריקט דעם דאָזיקן זעלטענעם מענטשן זיין וואַרעמסטן דאַנק דערפאַר, וואָס ניט געקוקט אויף זיין שלעכטן געזונט־צושטאַנד (ער איז געווען שווינדזיכטיק), האָט ער פונדעסטוועגן, בלויז פון פריינדשאַפט וועגן, גענומען זיך די מי אַליין צו לערנען מיט מיר. אָבער־

דידאָזיקע פרייד האָט געדויערט ניט לאַנג. ס'איז נאָך ניט אַוועק קיין האַלב־יאָר נאָך מיין קומען קיין איוועניץ, ווי דער רב איז אַוועק צו זיינע אבות אין דער אייביקייט, און איך בין געבליבן ווי אַ לעמל אָן פאַסטעך.

ווען מיין פאָטער האָט באַקומען דידאָזיקע ידיעה, איז ער געקומען קיין איוועניץ און האָט מיך אָפּגענומען אַהיים, אָבער ניט קיין ה., נאָר קיין *מאָהילנע*, אַן ערך זעקס מייל פון ה., וואוהין מיין פאָטער איז אונטער דער צייט געווען אַריבערגעצויגן. דידאָזיקע איבערוואַנדערונג איז געשען אויף פאָלגנדיקן אופן.

מאָהילנע איז אַ קליינער ישוב אינם נחלאות־געביט פונם פירשט *ראַדזיוויל*, פיר מייל פון זיין רעזידענץ *נעסוויזש*. די לאַגע פון דעם דאָזיקן ישוב איז אַ פּאָרטרעפלעכע: פון איין זייט פליסט דער *ניעמאַן* און פון דער אַנדער זייט שפּרייט זיך אויס אַ וואַלד מיט די בעסטע ביימער, וואָס טויגן אויף צו בויען שיפן; אַדאַנק דעם, איז דער ישוב צוגעפּאַסט אי צום האַנדל אי צום שיפבוי; חוץ דעם איז דער באָדן אין דער דאָזיקער געגנט אַ פרוכטבאַרער און די נאַטור אַ פּרעכטיקע. אָט די אַלע מעלות האָבן ניט געקענט פאַרבלייבן אומבאַמערקט פון פירשט. דער אַרענדאַר פון דעם דאָזיקן אָרט, וואָס האָט דידאָזיקע איינטרעגלעכע פאַכט געירשנט פון זיינע אָבות, האָט זיך מיט כל אַמצי כוחות באַמיט צו פאַרבאָרגן פון פרעמדן אויג די עשירות, וואָס ער האָט זיך דערוואָרבן דורך שיפבוי, האַנדל און דורך פאַרקויפן די פאַרשיידנאַרטיקע שיינע פּראָדוקטן פון דער געגנט, בכדי ער זאָל אַליין קענען געניסן אין דער שטיל; אָבער איינמאָל איז געשען, אַז דער פירשט איז דורכגעפאָרן דורך דער געגנט און איז אַזוי אַנטציקט געוואָרן פון איר שיינקייט, אַז ער האָט אויף דער שטעל באַשלאָסן אויסצובויען דאָ אַ שטאָט. ער האָט צונויפגעשטעלט אַ פּלאַן און געלאָזט פּובליקירן, אַז דער דאָזיקער אָרט ווערט פאַרוואַנדלט אין אַ „סלאָבאָדע“ (פרייע שטאָט), ד. ה. יעדער מענטש קען זיך דאָ באַזעצן און זיך באַשעפטיקן מיט אַלע מעגלעכע געווערבן (מלאכה און מסחר), און

אין די ערשטע זעקס יאָר וועט ער אַפילו פריי זיין פון אַלע אָפּצאָלונגען. אָבער דער דאָזיקער פּלאַן איז לאַנג געבליבן ניט אויסגעפירט — איבער די כל המינים אינטריגעס פונם אַרענדאַר, וואָס האָט געגעבן שוחד אַפילו די יועצים פון פירשט און אויף זיי געווירקט, זיי זאָלן אָפּציען די אויפמערקזאַמקייט פונם פירשט פון זיין פּלאַן.

מיין פאָטער האָט גוט איינגעזען, אַז דער אָרעמער דאָרף ה. איז ניט בכוח צו דערנערן אים מיט זיין פאַמיליע, און ער איז דאָ פאַרבליבן בלויז דערפאַר, ווייל ער האָט ניט געפונען קיין בעסערן וואוינאָרט. און אַז ער האָט זיך דערוואוסט פונם פירשטס באַקאַנטמאַכונג, האָט ער זיך זייער דערפרייט, ווייל ער האָט געהאָפט צו געפינען אין מאָהילנע אַ גוטן מקום-מקלט, און באַזונדערס דערפאַר, ווייל דער אַרענדאַר פון דעם אָרט איז געווען מיין פעטערס אַ שוואָגער. צו דעם צוועק איז מיין פאָטער אַוועקגעפאָרן אַהין צוזאַמען מיט מיין זיידן, האָט אויסגעזאָגט דעם אַרענדאַר זיין כוונה זיך צו באַזעצן מיט זיין הסכם אין מאָהילנע און זיך מיט אים אַן עצה געהאַלטן. דער אַרענדאַר, וואָס האָט תחילת געשראָקן זיך, אַז נאָכן פירשטס כודעה וועלן אָנשטראָמען אַהער מאַסן מענטשן און אים אַרויסשטויסן פון זיין נחלה, האָט זיך איצט דערפרייט, אַז דער ערשטער, וואָס האָט זיך געמאָלדן אויפן פירשטס רוף, איז ניט קיין פרעמדער, נאָר אַ קרוב. ער האָט דעריבער ניט בלויז געגעבן דערצו זיין הסכם, נאָר אַפילו צוגעזאָגט מיין פאָטער צו קומען אים צו הילף מיט וואָס ער וועט נאָר קענען.

בכן האָט זיך מיין פאָטער אַריבערגעצויגן מיט זיין גאַנצער פאַמיליע קיין כאָהילנע און האָט זיך אָנגעהויבן בויען דאָ אַ הויז. אָבער ביז דאָס הויז איז פאַרטיק געוואָרן, איז די פאַמיליע ווידער געצוואונגען געווען צו באַזעצן זיך אין אַ סאַראַי.

דער אַרענדאַר, וואָס האָט אונז תחילת אויפגענומען אַזוי פריינדלעך, האָט, צום באַדויערן, נאָכדעם אינגאַנצן חרטה באַקומען. ער האָט איינגעפונען, אַז זיין מורא אַרויסגעשטויסן צו ווערן פון זיין נחלה דורך פרעמדע מענטשן איז לגמרי אַן אומ-

זיסטע, ווייל עס איז שוין אווק אַ גאַנץ לאַנגע צייט, זינט דער פירשט האָט באַקאַנט געמאַכט זיין פּלאַן, און קיינער, אויסער מיין פאָטער, האָט זיך ניט געמאָלדן. דער פירשט האָט שטענדיק געוואוינט אין וואַרשע אַלס פּוילישער קאַפּיטאַן און ליטווישער וואָיעוואָדע און איז געווען זייער באַשעפטיקט מיט מלוכה־ענינים, — בכן האָט ער גאָר ניט געקענט טראַכטן אַפּילו וועגן אויספירן זיין פּלאַן. די הויפלייט ווידער האָט מען מיט שוחד געקענט בויגן לגמרי אָפּצושאַפן דעם גאַנצן פּלאַן. דידאָזיקע מחשבות האָבן געבראַכט דעם אַרענדאַר צום אויספיר, אַז דער נייער אָנ־געקומענער איז ניט בלויז ניט נייטיק, נאָר אַפּילו צו לאַסט, ווייל ער, דער אַרענדאַר, מוז זיך איצט טיילן מיט אים דאָס, וואָס ער האָט פריער געהאַלטן פאַר זיך אליין. בכן האָט ער אָנגע־הויבן מיט אַלע מיטלען דריקן מיין פאָטער אין זיין טעטיקייט און שטערן אים אין זיין באַזעצן זיך.

מיט דעם צוועק האָט ער זיך אויסגעבויט אַ ניי פּרעכטיק הויז און האָט אויסגעפּועלט אַ באַפעל פון פירשטס הויף, אַז קיין שום פרעמדער טאָר ניט באַקומען קיין בירגער־רעכט, כּל־זמן ער האָט זיך ניט אויסגעבויט פונקט אַזאַ הויז ווי דעם אַרענ־דאַרס. מיין פאָטער איז אויף אַזאַ אופן געווען געצוואונגען אויסצוגעבן זיין קליינעם פאַרמעגן אויף דעם דאָזיקן לגמרי אומ־נוצלעכן בנין און ער האָט ניט געהאַט מיט וואָס צו מאַכן אַ געשעפט.

# אַכטער קאַפּיטל.

## דער תּלמיד ווייס מער פונם רבּין. אַ גנבה לויטן נוסח פון רוסאַ, וואָס ווערט צום סוף אַנטדעקט. דער רשע שאַפט זיך איין און דער צדיק קליידט זיך אָן.

מיין פאָטערס מצב האָט דעריבער פון דרויסן געהאַט אַ שיינעם אויסזען, אָבער דערפאַר גראָד דורך דעם פון אינעווייניק אויסגעזען נאָך טרויעריקער. מיין מוטער איז זייער קנאַפּ געווען ביכולת צו דערנערן אונזער פאַמיליע, ניט געקוקט אויף איר פלייסיקייט און אומדערמידלעכער אַרבעט. מיין פאָטער האָט בכן אויסערדעם נאָך געמוזט זוכן אַן אַנדער אַרבעט — אויפן געביט פון מלמדות. דערביי האָט ער געלערנט אויך מיט מיר. און איך מוז מודה זיין, אַז אויב איך האָב אים פון איין זייט פאַרשאַפט פיל פרייד מיט מיין התמדה, האָב איך אים אָבער פון דער אַנ־דער זייט אָנגעמאַכט ניט ווייניק פאַרדרוס. איך בין דענסטמאָל, אמת, אַלט געווען בלויז אומגעפער ניין יאָר, פונדעסטוועגן בין איך שוין געווען בכוח ניט בלויז צו פאַרשטיין דעם תּלמוד מיט זיינע קאָמענטאַרן, נאָר אַפילו אַריינצולאָזן זיך אין אַ פּלפּול; דערביי האָב איך געהאַט אַ קינדערשן פאַרגעניגן צו פאַרמאַטערן מיין ערלעכן פאָטער מיט קשיות און טריומפירן ביים אַריינ־ברענגען אים אין אַ שווערער פאַרלעגנהייט.

דער אַרענדאַר און מיין פאָטער האָבן צווישן זיך געלעבט ווי שכנים, דאָס הייסט, זיי האָבן מקנא געווען און פיינט געהאַט

איינער דעם אַנדערן. דער אַרענדאַר האָט געקוקט אויף מיין פאָ־
טער ווי אויף אַ פרעמדן, וואָס האָט זיך מיט געוואַלד אָנגעבונדן
אָן אים און שטערט אים צו געניסן די גליקן פון דעם אָרט,
וואָס געהערן בלויז צו אים אַליין. מיין פאָטער ווידער האָט גע־
קוקט אויפן אַרענדאַר ווי אויף אַ רייכן גראָבן יונג, וואָס האַלט
ניט קיין וואָרט; דען מיין פאָטער האָט זיך לגמרי ניט געניייטיקט
אין אַ דערלויבעניש זיך דאָ צו באַזעצן און בלויז פון ליבשאַפט
צו שלום האָט ער זיך וועגן דעם געווענדעט צום אַרענדאַר,—און
דער אַרענדאַר האָט כנגד זיין געגעבענעם הסכם מיט כל המינים
תחבולות געזוכט ענג צו מאַכן מיין פאָטער און צו פאַרקלענערן
זיינע רעכט, ניט געקוקט דערויף, וואָס דאָס באַזעצן זיך פון מיין
פאָטער דאָ אין שטעטל האָט אים געבראַכט גרויסע נוצן. מאָהילנע
האָט גראַד זינט אָט דער צייט באַקומען אַ מין אומאָפּהענגיקייט,
און צוליב דעם איז דער אַרענדאַר באַפרייט געוואָרן פון אַ סך
הוצאות און דערנידעריקונגען.

אין מאָהילנע איז אויך אויסגעבויט געוואָרן אַ קליינע שול,
און מיין פאָטער האָט פאַרטראָטן די שטעל פון אַ רב, פון אַ
דרשן און פון אַ בעל־יועץ פאַר דער קליינער קהילה, ווייל ער
איז געווען דער אייגציקער למדן אין דעם אָרט. מיין פאָטער
האָט ניט דורכגעלאָזן קיין געלעגנהייט אָנצוווייזן דערויף דעם
אַרענדאַר און אים צו מאַכן פאָרוואורפן פאַר זיין באַהאַנדלען
אים; דאָס איז אָבער, צום באַדויערן, געווען איינגאַנצן אומזיסט.

ביי דער דאָזיקער געלעגנהייט מוז איך דערציילן וועגן
דער איינציקער גנבה, וואָס איך בין אין מיין לעבן באַגאַנגען.
איך פלעג אָפט גיין אין דאָס הויז פונם אַרענדאַר און זיך שפּילן
מיט זיינע קינדער. איינמאָל בין איך געקומען אין שטוב און
דאָרטן קיינעם ניט געטראָפן, דען עס איז געווען זומערצייט און
די הויזלייט זיינען געווען באַשעפטיקט אין דרויסן. דאָ האָב איך
אין אָפענעם אַלמער דערזען זייער אַ שיין שאַכטעלע פון רפואות,
וואָס איז מיר זייער געפעלן געוואָרן. אַז איך האָב דאָס שאַכטעלע
געעפנט, האָב איך, צו מיין גרעסטן באַדויערן, געפונען אַ ביסל
געלט, וואָס האָט געהערט צו איינעם פון דעם אַרענדאַרס קינ־

דער. איך האָב ניט געקענט בייקומען דעם ליידנשאַפטלעכן פאַר־לאַנג אַריינצולייגן דאָס שאַכטעלע זיך אין קעשענע, אָבער נע־מען דאָס געלט האָב איך געהאַלטן פאַר דער גרעסטער חרפה. איך האָב אָבער פאַרשטאַנען, אז ווען איך וועל איבערלאָזן דאָס געלט אין אַלמער, וועט מען לייכטער אויפדעקן די גנבה.—האָב איך פול מורא און שאַנד גענומען דאָס שאַכטעלע מיטן געלט צוזאַמען און אַריינגעלייגט אין קעשענע. איך בין דערמיט אַוועק־געגאַנגען אַהיים און באַהאַלטן עס מיט דער גרעסטער פאַר־זיכטיקייט. די גאַנצע נאַכט נאָכדעם האָב איך ניט געקענט שלאָפן, און באַזונדערס האָט מיך געפייניקט מיין געוויסן אי־בער דאָס געלט. דעריבער האָב איך באַשלאָסן אומצוקערן דאָס געלט, אָבער בנוגע דעם שאַכטעלע האָב איך ניט גע־קענט גובר זיין דעם יצר־הרע, דען דאָס איז געווען אַ קונסט־ווערק, וואָס איך האָב נאָך אַזוינס ניט געזען. אויף מאָרגן האָב איך אַרויסגענומען דאָס געלט פון שאַכטעלע, אַריינגעכאַפּט זיך אין אַרענדאַרס הויז און אָפּגעוואַרט אַ געלעגנהייט, ווען קיי־נער איז ניט געווען אין צימער, וואו איך בין באַגאַנגען די גנבה. איך האָב שוין געוואָלט צוריק אַריינלייגן דאָס געלט אין אַלמער, אָבער איך בין ניט געווען גענוג געשיקט דאָס דורכצו־פירן אָן גערויש און מיט דער נייטיקער שנעלקייט,—און מ׳האָט מיך געכאַפּט אויפן אָרט פון פאַרברעכן און מיך געבראַכט זיך מודה צו זיין אין אַלץ. איך האָב געמוזט צוריק אויסגראָבן דעם באַהאַלטענעם טייערן חפץ, וואָס איז ווערט געווען ניט מער ווי אַ דרייַער, צוריק אָפּגעבן עס זיין אייגנטימער, דעם קליינעם משהלען, און הערן, ווי דעם אַרענדאַרס קינדער רופן מיך „גנב“.

נאָך אַ צופאַל האָט מיט מיר דענסטמאָל פּאַסירט, וואָס האָט זיך קאָמיש געענדיקט. אין מאָהילנע האָבן אַ געוויסע צייט קוואַרטירט רוסישע סאָלדאַטן. איינמאָל האָבן זיי באַקומען נייע מיליטערישע מלבושים און מ׳האָט זיי דערלויבט צו פאַרקויפן די אַלטע. מיין עלטסטער ברודער יוסף און מיין שוועסטערקינד בער האָבן זיך געווענדט צו באַקאַנטע סאָלדאַטן און באַקומען פון זיי במתנה עטלעכע מעשענע קנעפּ, וואָס זיי האָבן צוגענייט

צו זייערע הויזן ווי די גרעסטע צירונג, אָנשטאָט די פריערדיקע הילצערנע קנעפּ. דידאָזיקע צירונג איז מיר אויך געפעלן געווארן, אָבער היות איך בין ניט געווען אַזוי געשיקט ווי זיי דאָס צו באַקומען אויפן גראָדן וועג, האָב איך געמוזט אָנקומען צו געוואַלט. איך האָב מיך דעריבער געווענדט צו מיין פאָטער און פאַרלאַנגט, אַז יוסף און בער זאָלן מיר אײַנטיילן אַ חלק פון זייערע קנעפּ. מיין פאָטער איז געווען זייער אַ גערעכטיקער מאַן, אָבער היות ער האָט מיך ליב געהאַט מער ווי אַלעמען, האָט ער געזאָגט: אמת, די קנעפּ געהערן צו זייערע געזעצלעכע אייגנטימער, אָבער אַזוי ווי זיי פאַרמעגן קנעפּ מער ווי זיי דאַרפן צום אייגענעם געברויך, איז עס גאַנץ גערעכטיק, זיי זאָלן מיר אויך אײַנטיילן פון זייער עודף, בכדי מיך צו לויבן און זיי צו פאַרשעמען, האָט ער נאָך צוגעגעבן דעם פסוק: „רָשָׁע יָכִין וְצַדִּיק יִלְבָּשׁ“ (דער רשע שאַפט זיך עפּעס איין און דער צדיק טוט עס אָן). דער דאָזיקער פסק-דין, ניט-געקוקט אויף יוספס און בערס פּראָטעסטן, איז דורכגעפירט געוואָרן, — און מיין פרייד איז געווען זייער גרויס, ווען אויך אויף מיינע הויזן האָבן געגומען גלאַנצן מעשענע קנעפּ.

אָבער יוסף און בער האָבן ניט געקענט פאַרגעסן דידאָזיקע אבידה. זיי האָבן זיך פאַר אַלעמען באַקלאָגט אויף דער הימלשרייענדיקער עוולה, וואָס איז זיי אָנגעטאָן געוואָרן. מיין פאָטער האָט שוין געוואָלט פּטור ווערן פונם גאַנצן ענין און האָט געזאָגט: „די קנעפּ זיינען דאָך שוין אָנגענייט אויף שלמהלעס הויזן, — טאָרט איר מיט געוואַלד פון אים ניט אָפּנעמען; אָבער אויב איר וועט קענען באַקומען פון אים די קנעפּ מיט אַ שפּיצל — מעגט איר“. ביידע זיינען פון דעם דאָזיקן פסק-דין זייער צופרידן געבליבן. זיי זיינען געקומען צו מיר, האָבן זיך צוגעקוקט צו מיינע קנעפּ און מיט אַמאָל אויסגעשריען דערשטוינט: „אַך, וואָס זעען מיר? די קנעפּ זיינען אײַנגענייט אין די געוואַנטענע הויזן מיט צווירן! דאָס איז דאָך שעטנז! מ׳מוז זיי תּיכּף אויסטרענען! און תּוך כּדי דיבור האָבן זיי אויסגעטרענט אַלע קנעפּ און זיינען זיך אוועקגעגאַנגען מלא שמחה פון זייער געלונגענעם אײַנפאַל. איך

בין זיי נאָכגעלאָפן און געפּאָדערט, זיי זאָלן מיר צוריק אײַננייען די קנעפּ, אָבער זיי האָבן מיך אויסגעלאַכט. מיין פאָטער האָט דערויף געזאָגט מיט אַ שמייכל: „דו ביזט אַ פּתי מאמין לכל דבר און האָסט זיך געלאָזט אָפּנאַרן, — קען איך דיר מער ניט העלפן. איך האָף, אַז אויף ווייטער וועסטו קליגער זיין".

און דערמיט האָט זיך דער ענין געענדיקט. איך האָב זיך ווידער געמוזט באַנוגענען מיט די הילצערנע קנעפּ און דערצו נאָך אָפּט מיט קרענקונג הערן, ווי יוסף און בער חזרן מיט אַ ביוון איבער דעם פּסוק, וואָס מיין פאָטער האָט געבראַכט לטובת מיר: „רשע יכין וצדיק ילבש".

# ניינטער קאַפּיטל.

## יוגנט-ליבע און שידוכים. „שיר השירים" אַלס שדכן. אַ נייער אופן פון פּרנסה. די שוואַרצע פּאָקן.

איך בין אין מיין יוגנט געווען זייער אַ לעבעדיקער און אין מיר איז געווען אַ סך אומאָנגענעמלעכקייט. אין מיינע באַגערן בין איך געווען שטאַרק און אומגעדולדיק. ביזן עלפטן יאָר פון מיין לעבן האָב איך ניט געהאַט קיין שום נטיה צום מין היָפה, ווייל מיינע עלטערן האָבן מיך דערצויגן אין שטרענגער צניעות און פּרישות און איך האָב מיך ניט געפונען אין דער סביבה פון מיידלעך. אָבער איין געשעעניש האָט אַרויסגערופן אין מיר אַ גרויסע פאַרענדערונג.

צו אונז אין הויז איז אָנגעקומען פאַר אַ דינסט אַ קליין מיידעלע אין מיינע יאָרן, אַן אָרעמע, אָבער זייער אַ שיינע. דאָס מיידעלע איז מיר זייער געפעלן געוואָרן. עס האָבן זיך ביי מיר אויפגעוועקט באַגערן, וואָס איך האָב זייער גלייכן ביז יעמאָלט נאָך ניט געוואוסט. אָבער דערצויגן אויף דער שטרענגער יידישער מאָראַל, האָב איך ניט געטאָרט ניט בלויז ריידן מיט איר, נאָר אַפילו אויפמערקזאַם אויף איר אַ קוק טאָן, און נאָר ווען-ניט-ווען האָב איך געקענט בגנבה וואַרפן אויף איר אַ בליק.

ויהי היום און די פרויען פון אונזער הויז זיינען אַוועק אין באָד, ווי זייער מנהג איז דאָ אין לאַנד געווען צו טאָן אַ פּאָר מאָל אין וואָך. אָן מיין וויסן בין איך עפּעס אינסטינקטיוו געטריבן געוואָרן און אַוועק אין דעם אָרט, וואו עס איז געווען

די באָד, און פלוצלונג האָב איך דערזען, ווי אַט דאָס שיין מיי־
דעלע איז אַרויס פון שוויצבאָד און אַריינגעשפרונגען אינם פאַר־
בייפליסנדיקן טייך. דידאָזיקע ערשיינונג האָט מיך אַריינגעבראַכט
אין אַנטציקונג. נאָכדעם ווי איך האָב זיך אַ ביסל באַרויִקט, האָב
איך מיך דערמאָנט אָן די שטרענגע דינים פון תלמוד און גע־
וואָלט אַנטלויפן פונדאַנען, אָבער איך האָב ניט געקאָנט. איך
בין געבליבן אויף מיין אָרט ווי צוגעשמידט.

אָבער היות איך האָב מורא געהאַט, מ'זאָל מיך דאָ ניט
דערזען, האָב איך מיט אַ שווערן געמיט געמוזט זיך דערווייטערן
פונדאַנען. זינט דער דאָזיקער צייט פלעג איך שטענדיק ווערן
אומרויִק, אַרויסגייען פון די כלים, און דער דאָזיקער צושטאַנד
האָט ביי מיר געדויערט ביז מיין חתונה.

אונזער שכן, דער אַרענדאַר, האָט געהאַט צוויי זין און
דריי טעכטער. די עלטסטע, דבורה, איז שוין געווען אַ חתונה־
געהאַטע. די צווייטע, פעסל, איז געווען אַן ערך אין מיינע
יאָרן. און די פריערדיקע פונם דאָזיקן אָרט האָבן אַפילו געפונען
אַן ענלעכקייט אין אונזערע געזיכטער און האָבן דעריבער משער
געווען מיט אַ זיכערקייט, אַז מיר זיינען ביידע אַ באַשערטע
פּאָר. מיר האָבן ביידע אין דער אמתן געשפּירט אַ קעגנזייטיקע
צוגעבונדנקייט און ליבשאַפט. אָבער צום אומגליק האָט אַ צופאַל
צונישט געמאַכט אונזערע פאַרלאַנגען. דעם אַרענדאַרס ייִנגסטע
טאָכטער, רחל, איז אַריינגעפאַלן אין אַ קעלער און האָט זיך
אויסגעלונקען אַ פוס. זי איז אַפילו אינגאַנצן געזונט געוואָרן,
אָבער איר פוס איז פאַרבליבן עטוואָס קרום. דאַן האָט דער
אַרענדאַר געוואָרפן אויף מיר אַן אויג און געוואָלט ניט אַנדערש
מיך נעמען פאַר אַן איידעם. מיין פאָטער איז געווען דערמיט
צופרידן, אָבער ער האָט געוואָלט האָבן פאַר אַ שנור בעסער די
גלייכפיסיקע פעסלען איידער די הינקעדיקע רחלען. דער אַרענדאַר
האָט אָבער פאַרזיכערט, אַז דאָס איז אוממעגלעך, מחמת די על־
טערע טאָכטער האָט ער באַשטימט פאַר אַ רייכן מאַן און די
ייִנגסטע — פאַר מיר, און היות מיין פאָטער איז אָרעם און
קאָן מיר גאָרנישט געבן, וויל ער רייך באַזאָרגן זיין טאָכטער פון

זיין אייגענעם פאַרמעגן. חוץ אַן אָנגעזעענער סומע אויף נדן פאַר זיין טאָכטער, האָט ער זיך מתחייב געווען מיר צו געבן אַ חלק אין דער ירושה צוגלייך מיט זיינע זין און פאַרזאָרגן מיך מיט אַלע הצטרכותן אויף דאָס גאַנצע לעבן. אויסערדעם האָט ער נאָך מבטיח געווען מיין פאָטער תיכף נאָך די תנאים אויסצוצאָלן אים אַ באַשטימטע סומע, אויך ניט בלויז ניט צו שטערן אים אין זיינע רעכט, נאָר אויך מיט אַלע כוחות מיטצוהעלפן אים אין זיינע עסקים און דעם גליק פון זיין הויז. די שנאה צווישן אים און אונז וועט מהיום והלאה לגמרי אויפהערן און אַ בונד פון פריינדשאַפט וועט אונז אויף אַלעמאָל פאַראייניקן.

ווען מיין פאָטער וואָלט אָנגענומען די פאָרשלאָגן פונם אַרענדאַר, וואָלט ער דערמיט אָן ספק באַפעסטיקט דאָס גליק פון זיין פאַמיליע און איך וואָלט געהאַט אַ גוט לעבן, אמת, מיט אַ הינקעדיקער, אָבער ליבנסווירדיקער פרוי (ווי איך האָב מיך אין אַ צייט אַרום איבערצייגט, בעת איך בין געווען לערער אין דעם דאָזיקן הויז), און פריי פון אַלע דאגות אין שויס פון גליק, וואָלט איך געקענט אומגעשטערט זיך אָפגעבן מיט מיינע לימודים. צום אומגליק אָבער האָט מיין פאָטער מיט פאַראַכטונג אָפּגעוואָרפן דעם דאָזיקן פאָרשלאָג. ער האָט ניט אַנדערש געוואָלט האָבן פאַר אַ שנור פעסלען, און אַזוי ווי דאָס איז, ווי שוין דערמאָנט, געוועזן אוממעגלעך, האָבן זיך אויפסניי אָנגעהויבן די קריגערייען צווישןביידע פאַמיליעס, און היות דער אַרענדאַר איז געווען רייך און מיין פאָטער אָרעם, איז פאַרשטענדלעך, אַז מיין פאָטער האָט זיך געמוזט שטענדיק אונטערגעבן.

אין אַ קורצער צייט אַרום האָט מען מיר פאָרגעשלאָגן אַ ביישם שידוך. איינער ל. פון שמילאָוויטש, אַ למדן און דערצו אַ רייכער מאַן, וואָס האָט געהאַט אַ בת־יחידה, איז אַזוי באַצויבערט געוואָרן פון מיין גוטן נאָמען, אַז ער האָט באַשלאָסן מיך צו נעמען פאַר אַן איידעם נאָך איידער ער האָט מיך געזען. ער האָט וועגן דעם אָנגעשריבן צו מיין פאָטער אַ בריוו און אים געבעטן צו שרייבן אים זיינע באַדינגונגען. מיין פאָטער האָט אים

דערויף געענטפערט מיט אַ בריוו, געשריבן אין אַ דערהויבענעם סטיל, צונויפגעשטעלט פון ביבלישע מליצות און תּלמודישע ציטאַטן, און האָט אינקורצן אויסגעדריקט זיינע באַדינגונגען מיט אַ פסוק פון „שיר השירים“: „הָאֶלֶף לְךָ, שְׁלֹמֹה! וּמָאתַיִם — לְנֹטְרִים אֶת פִּרְיוֹ!“ (די טויזנט גילדן פאַר דיר, שלמה! און די צוויי הונדערט פאַר די, וואָס היטן זיינע פרוכט!). ל. האָט מסכּים געווען אויף אַלע תּנאים.

מיין פאָטער איז תּיכּף אַוועקגעפאָרן קיין שמילאָוויטש, האָט געזען זיין צוקינפטיקע שנור און געלאָזט שרייבן תּנאים לפי דעם מדובר. דער מחותּן האָט תּיכּף אויסגעצאָלט מיין פאָטער צוויי הונדערט גילדן, אָבער מיין פאָטער איז דערמיט געבליבן אומצופרידן. ער האָט פאַרזיכערט, אַז בשעת ער האָט געשריבן מיטן לשון פון פסוק וועגן צוויי הונדערט גילדן, האָט ער ניט געוואָלט פאַרדאַרבן די שיינע מליצה, אָבער ער קען בשום אופן ניט איינגיין אויפן ענין, אויב מ׳וועט אים ניט געבן צוויי מאָל צוויי הונדערט גילדן (פּופּציק טאָלער). דער מחותּן האָט זיך ניט געאַמפּערט און אים געגעבן נאָך צוויי הונדערט גילדן; אויך האָט ער אים איבערגעגעבן פאַר מיר די אַזויגערופענע „קליינע חתנמתּנות“, דהיינו: אַ שוואַרץ־סאַמעטענע קאַפּעלע, אויסגעהאַפּט מיט גאָלדענע שפּיצן; אַ תּנ״ך, געבונדן אין גרינעם סאַמעט, מיט זילבערנע טאָוולען א. אַז. וו.

ער איז געקומען דערמיט מלא שמחה אַהיים, האָט מיר אָפּגעגעבן די מתּנות און געזאָגט, אַז איך זאָל מיך צוגרייטן צו דער דרשה, וואָס איך דאַרף האַלטן אין טאָג פון מיין חתונה, וואָס וועט זיין אין צוויי חדשים אַרום.

מיין מוטער האָט שוין אָנגעהויבן באַקן די קוכנס, וואָס זי דאַרף מיטנעמען אויף חתונה, און צוגרייטן כּלערליי איינגעמאַכצן, און איך האָב שוין אָנגעהויבן טראַכטן וועגן דער דרשה, — ערשט פּלוצלונג איז אָנגעקומען אַ טרויעריקע ידיעה, אַז מיין כּלה איז געשטאָרבן פון פּאָקן. מיין פאָטער האָט זיך געקענט לייכט טרייסטן איבער דער דאָזיקער אבידה, זאָגנדיק צו זיך אַליין: „דו האָסט דורך דיין זון אויף אַן ערלעכן אופן פאַרדינט פּופּציק טאָ-

לער און איצט קאָנסטו פאַר אים נאָך פּופּציק באַקומען". אויך איך האָב ניט געקענט באַזונדערס טרויערן איבערן טויט פון מיין כלה, ווייל איך האָב זי קיינמאָל ניט געזען, און איך האָב געטראַכט: די קאַפּעלע און דער תנ"ך מיט זילבער באַשלאָגן פאַרבלייבן ביי מיר, און אין כלות וועט אויך קיין דוחק ניט זיין. מיין דרשה קען מיר אויך אין דער צוקונפט צוניץ קומען. בלויז מיין מוטער האָט זיך ניט געקענט טרייסטן איבער דער דאָזיקער אבידה. די קוכנס און דאָס איינגעמאַכץ זיינען שוואַכע מאַטעריעס און קענען זיך לאַנג ניט האַלטן. מיין מוטערס מי איז בכן דורך דעם דאָזיקן טויט־פאַל אינגאַנצן לאיבוד געגאַנגען. חוץ דעם האָט זי ניט געקענט געפינען קיין אָרט, וואו צו באַהאַלטן און פאַרהיטן דידאָזיקע קוכנס און ממתקים פון מיינע געהיימע אַטאַקעס.

---

# צענטער קאַפּיטל.

## מ׳רײסט זיך איבער מיר. איך באַקום צװײ װײבער מיטאַמאָל און צום סוף גַנבעט מען מיך גאָר אַרױס פון מײן פאָטערס הױז.

אונטער דער צײט זײנען מײן פאָטערס געשעפטן געגאַנגען אַלץ ערגער און ערגער. צום סוף איז ער געװען געצװאונגען אַװעקצופאָרן אין דער הױפּטשטאָט פונם קאַנט, קײן נ ע ס װ י ז ש, כּדי צו שאַפן זיך דאָ אַ „מעמד" פון אַ מלמד, און איך האָב אױך געמוזט מיטפאָרן מיט אים. ער האָט זיך דאָ באַלד אײנגעאָרדנט אַ „חדר" אויף זײער גוטע באַדינגונגען, און איך בין געװאָרן זײן באַהעלפער.

אין דער דאָזיקער שטאָט האָט געװאױנט אַן אַלמנה, װאָס איז געװען באַרימט הן מיט אירע אױסגעצײכנטע פעיִקײטן הן מיט איר בײזן קריגערישן כאַראַקטער, װי סאָקראַטעסעס װײב קסאַנטיפּע בשעתו, און האָט געהאַלטן אַן אײגענעם טראַקטיר אין עק פון דער פאָרשטאָט ק. זי האָט געהאַט בײ זיך אַ טאָכטער, װאָס איז געװען, װי צװײ טראָפּנס װאַסער, גלײך צו איר מיט אַלע אױבנדערמאָנטע אײגנשאַפטן און האָט איר געטרײ געהאָלפן אין פירן די װירטשאַפט. אַז מײן שֵם איז דערגאַנגען צו מרת ר י ס י ע (אַזױ האָט געהײסן די אַלמנה), האָט זי מיך באַשטימט פאַרן חתן פון איר טאָכטער ש ר ה. איר משפחה האָט איר גענומען דערװײזן, אַז איר פּלאַן איז אוממעגלעך אױסצופירן, מ׳האָט פאַר איר געשילדערט: מײן פאָטערס גאוה און זײנע

אומדערזעטלעכע פאָדערונגען, וואָס ס׳איז אוממעגלעך זיי צו באַפרידיקן; מיין גוטן נאָמען, וואָס האָט אַרויסגערופן די אויפמערקזאַמקייט פון די חשובסטע און רייכסטע לייט פון שטאָט, און צום סוף אירע מיטלמעסיקע מיטלען, וואָס קלעקן בשום אופן ניט אויף אויסצופירן אַזאַ עסק. קיין זאַך האָט ניט געהאָלפן. איינמאָל האָט זי זיך אַריינגענומען אין קאָפּ, אַז זי מוז מיך האָבן פאַר אַן איידעם, עס מעג איר קאָסטן וואָס עס וויל, — האָט מען שוין דעם קאַפּריז ביי איר ניט געקאָנט אַרויסשלאָגן.

זי האָט געשיקט צו מיין פאָטער שדכנים, האָט אים צו רו ניט געלאָזט די גאַנצע צייט, וואָס ער האָט פאַרבראַכט דאָ אין שטאָט, איז אַ סך מאָל אַליין בכבודה ובעצמה געקומען און פערזענלעך גערעדט וועגן דעם מיט מיין פאָטער און אים מבטיח געווען צו דערפילן אַלע זיינע פאָדערונגען. אָבער מיין פאָטער האָט געזוכט צו געווינען צייט אויף צום באַטראַכטן אירע פאָרשלאָגן און צו פאַרציען דעם ענין וואָס לענגער.

צום סוף האָט זיך געענדיקט דער „זמן" און ס׳איז פאַר אונז געקומען די צייט צו פאָרן אַהיים. מיין פאָטער איז מיט מיר אַוועק אין מרת ריסיעס טראַקטיר, וואָס איז געווען דאָס לעצטע הויז פון דער גאַס, כדי אָפּצוּוואַרטן דאָרטן אַ בעל-עגלה, וואָס איז געפאָרן אין אונזער קאַנט. מרת ריסיע האָט אויסגענוצט די דאָזיקע געלעגנהייט, אָנגעהויבן מיך גלעטן און האָלוביען, מיר פאָרגעשטעלט מיין כלה און געפרעגט, ווי זי געפעלט מיר. צום סוף איז זי צוגעשטאַנען צו מיין פאָטער, ער זאָל איר געבן אַ קלאָרן און אַנטשיידענעם ענטפער. מיין פאָטער איז אָבער נאָך אַלץ געווען איינגעהאַלטן און האָט זיך באַמיט מיט אַלע מיטלען צו דערווייזן די מניעות, וואָס שטייען דעם דאָזיקן ענין אין וועג.

אונטער דער צייט, ווען זיי האָבן אויף אַזאַ אופן געפירט צווישן זיך די אונטערהאַנדלונגען, האָבן זיך פלוצלונג אַריינגעריסן אין שטוב דער הויפּט-רב פון שטאָט, דער שטאָט-מגיד, אַלע פאָרשטייער פון דער קהילה און אַ מאַסע אַנדערע חשובע לייט. דידאָזיקע פלוצלונגע ערשיינונג איז אָבער געווען ניט מעשה

נסים, נאָר איז פאָרגעקומען פשוט אויף פאָלגנדיקן אופן: דידאָזיקע נכבדים זיינען געווען געבעטן אויף אַ ברית ביי איינעם אַ פאָרנעמען מאַן פון דער פאָרשטאָט, און אַז די פרוי ריסיע האָט זיך דאָס דערוואוסט, האָט זי תיכף געשיקט אַהין איר זון און איינגעלאַדן דעם גאַנצן עולם צו זיך אויף אַ תנאים. בכן זיינען די געבעטענע געסט געקומען אַ ביסל מבוסמדיק, און היות זיי זיינען געווען זיכער, אַז ביידע צדדים זיינען שוין מושווה געוואָרן אין אַלע ענינים בנוגע דער חתונה און ס׳איז שוין מער ניט געבליבן ווי אונטערצושרייבן די תנאים,—האָבן זיי זיך געזעצט צום טיש, אַריינגענומען מיין פאָטער אין מיטן און דער רב האָט געהייסן דעם שמש שרייבן די תנאים.

מיין פאָטער האָט פאַרזיכערט, אַז בשייכות מיט דעם עיקר האָט ער לחלוטין גאָרנישט באַשלאָסן און אַז נאָך אַ סך ווייניקער קען מען ריידן וועגן אַן ענדגילטיקן הסכם אין די הויפּט-באַדינגונגען. דער רב איז דעריבער אריין אין גרויס גרימצאָרן אויף מיין פאָטער, ווייל ער האָט געגלויבט, אַז מיין פאָטער מאַכט עס חוזק פון זיין הויכער פערזאָן און פון דער גאַנצער בכבודיקער געזעלשאַפט. ער האָט זיך דעריבער געווענדט צום עולם און געזאָגט מיט אַ שטאָלצער מינע:

— ווער איז עס דער דאָזיקער רבי יהושוע, וואָס מאַכט פון זיך אַזאַ וועזן?

דערויף האָט מיין פאָטער געענטפערט:

— דער רבי איז דאָ לגמרי איבעריק;—איך בין, אמת, אַ פשוטער מענטש, אָבער איך גלויב, אַז קיינער קען פון מיר ניט אָפּנעמען דאָס רעכט צו זאָרגן פאַר דער טובה פון מיין זון און אוועקשטעלן זיין עתיד אויף אַ פעסטן יסוד.

די ווערטער: „דער רבי איז דאָ לגמרי איבעריק” — האָט דער רב אויפגענומען ווי צווידייטיק. ער האָט גוט איינגעזען, אַז ער האָט אין דעם ענין קיין רעכט ניט גוזר צו זיין אויף מיין פאָטער, ער זאָל אָננעמען זיין דעה, און אַז מרת ריסיע האָט זיך צו פרי צוגעאיילט איינצולאַדן אַן עולם געסט אויף אַ תנאים נאָך איידער די צדדים זיינען דורכגעקומען. האָט ער דע-

ריבער אָנגעהויבן מיט אַ טאָן נידעריקער, האָט זיך באַמיט בלויז פאַרצושטעלן מיין פאָטער אַלע מעלות פון דעם דאָזיקן שידוך, דעם גרויסן יחוס פון דער כלה, וואָס שטאַמט פון רבנים און גרויסע לומדים, אירע פערזענלעכע מעלות, און אַז מרת ריסיע וויל און קען באַפרידיקן אַלע זיינע פאָדערונגען.

מיין פאָטער האָט פאַקטיש ניט געהאַט וואָס צו דערווידערן קעגן דעם און האָט זיך געמוזט אונטערגעבן. מ׳האָט געשריבן תנאים. מרת ריסיע האָט אָפּגעשריבן איר טאָכטער אויף נדן איר שענק און אַלץ וואָס צו אים געהער און האָט זיך מתחייב געווען אויך צו געבן דער יונגער פּאָר קעסט און קליידונג אויף אַ משך פון זעקס יאָר. חוץ דעם האָט זי צוגעשריבן מיר אָפּצוגעבן במתנה אַ גאַנצן גאַנג ש״ס מיט אַלע מפרשים צו אים, וואָס האָט אויך באַטראָפן אַ פּאָר הונדערט טאָלער, און אַ סך אַנדערע קליינע מתנות. מיין פאָטער האָט פון זיין זייט זיך צו גאָרנישט מתחייב געווען; פאַרקערט, ער האָט נאָך באַקומען פאַר זיך אַ סומע פון פופציק טאָלער במזומנים. זייער קלוג האָט ער גראָד געטאָן, וואָס ער האָט אויף דער דאָזיקער סומע ניט געוואָלט אָננעמען קיין שום שריפטלעכע התחייבותן און האָט געצוואונגען די מחותנתטע אים איינצוצאָלן דאָס געלט נאָך פאַרן תנאים.

נאָכדעם ווי מ׳האָט דאָס אַלץ געבראַכט קלאָר אין אָרדענונג, האָט מען אָנגעהויבן ווי געהעריק דעם מאָלצייט און די געסט האָבן זיך וואויל געטאָן.

אויף מאָרגן איז מיין פאָטער אַוועקגעפאָרן מיט מיר אַהיים. די מחותנתטע האָט צוגעזאָגט ווי מעגלעך גיכער מיר צוצושיקן די אַזויגערופענע קליינע חתן-מתנות און די בגדים, וואָס זי האָט אין איילעניש ניט באַוויזן צוצוגרייטן פאַר מיין אָפּפאָרן. עס זיינען אָבער אַוועק אַ סך וואָכן און מיר האָבן וועגן דעם גאָרנישט געהערט און גאָרנישט געזען. דאָס האָט מיין פאָטער שטאַרק פאַרדראָסן, און אַזוי ווי איר כאַראַקטער איז אים שוין לאַנג ניט געפעלן געווען, האָט ער ניט אַנדערש געקענט טראַכטן, ווי אַז דידאָזיקע געשייטע פרוי זוכט אַן אויסרייד, ווי אַרויסדרייען זיך

פון צו דערפילן אירע שווערע התחייבותן. האָט ער דעריבער באַשלאָסן אָפּצוצאָלן איר מידה כנגד מידה.

דער פאָלגנדיקער צופאַל האָט א'ם נאָך מער פאַרשטאַרקט אין זיין אַנטשלוס. אַ רייכער אַרענדאַר, וואָס פלעגט אָפט ברענגען קיין נעסוויזש פאַרקויפן בראַנפן און פלעגט ביי זיין דורכפאָרן דורך מאַהילנע זיך אָפּשטעלן אויף אָפּרו ביי אונז אין הויז, האָט אויך געוואָרפן אַן אויג אויף מיר. ער האָט געהאַט אַן איינציקע טאָכטער און ער האָט ביי זיך אין געדאַנק באַשלאָסן חתונה צו מאַכן זי מיט מיר. ער האָט אָבער געוואוסט, וואָס פאַר אַ שווע־ריקייטן ער וועט האָבן גובר צו זיין, ווען ער זאָל דאַרפן אויפן גלייכן וועג ריידן דעם מיט מיין פאָטער. האָט ער צו דעם צוועק אויסגעקליבן אַ קרומען וועג — צו מאַכן מיין פאָטער פאַר זיינעם אַ בעל־חוב. ער האָט גוט געוואוסט, אַז ווען עס וועט קומען דער טאָג פון צאָלן, וועט מיין פאָטער, מחמת זיין שטענ־דיקן געדריקטן מצב, ניט זיין ביכולת צו סילוקן דעם חוב, — און יעמאָלט וועט ער אים קענען צודריקן צום וואַנט און צווינגען אים זיך מתחתן צו זיין מיט אים, און ערשט דאַן וועט ער אים ערשט מוחל זיין דעם חוב. ער האָט דעריבער פאָרגעלייגט מיין פאָטער עטלעכע פעסלעך בראַנפן אויף באָרג, און מיין פאָטער האָט דעם דאָזיקן אָנבאָט אָנגענומען מיט פרייד.

אַז עס איז אָנגעקומען דער באַשטימטער טערמין פון צאָלונג, איז געקומען ר' הירש דוקער (אַזוי האָט געהייסן דער אַרענדאַר) און דערמאָנט מיין פאָטער וועגן חוב. מיין פאָ־טער האָט אים פאַרזיכערט, אַז ער איז איצט ניט אין שטאַנד אָפּצוצאָלן דעם חוב, און אים געבעטן וואַרטן נאָך אַ ביסל צייט. דערויף האָט דער אַרענדאַר אים געענטפערט:

— ר' יהושוע, איך וויל מיט אייך ריידן באמת ובתמים. אייער מצב ווערט ערגער מיט יעדן טאָג און אויב עס זאָל זיך ניט טרעפן עפעס אַ גליקלעכער צופאַל, זע איך ניט קיין שום מעגלעכקייט, ווי איר וועט מיר קענען סילוקן דעם חוב. דאָס בעסטע פאַר אונז ביידן וואָלט בכן געווען אָט וואָס: אייך האָט גאָט געבענטשט מיט אַ זון און מיך מיט אַ טאָכטער, וואָס איז די

איינציקע יורשטע פון מיין גאַנצן פאַרמעגן. על־כּן לאָמיר זיך מתחתּן זיין. צוליב דעם וועל איך ניט בלויז אייך מוחל זיין דעם חוב, נאָר איך וועל אייך נאָך צוצאָלן אַ סכום געלט, וויפיל איר וועט אַליין באַשטימען, און וועל בכלל מיט אַלע מיינע מעגלעכקייטן זאָרגן צו פאַרבעסערן אייער מצב.

ווי דערפרייט איז געוואָרן מיין פאָטער, הערנדיק דידאָזיקע רייד! עס זיינען תּיכּף געשריבן געוואָרן תּנאים, וואו דער מחותּן האָט זיך מתחייב געווען אַריינצוטראָגן דעם נדן פאַר זיין טאָכטער און די געהעריקע מתּנות פאַר מיר, לויט מיין פאָטערס באַשטימונג, און מיך האָט ער געמאַכט פאַרן יורש פון זיין גאַנצן אייגנס לאַחר מאה שנה. דעם שטר־חוב אויף פופציק פוילישע טאָלער האָט דער אַרענדאַר צוריק אָפּגעגעבן מיין פאָטער, וואָס האָט אים אויף דער שטעל צעריסן, און ער האָט חוץ דעם נאָך געגעבן מיין פאָטער פופציק טאָלער במזומנים.

נאָך דער דאָזיקער געשיכטע איז מיין נייער מחותּן אַוועקגעפאָרן קיין נעסוויזש איינצומאָנען דאָרטן חובות. מעשה שטן איז ער איינגעשטאַנען גראָד אין דער אכסניא פון מיין פריערדיקער מחותּנתטע. זי איז געווען אַ גרויסע פּלאַפּלערין און האָט אים דערציילט וועגן דעם גליקלעכן שידוך, וואָס איר טאָכטער האָט געטאָן.

— דעם חתנס פאָטער, — האָט זי געזאָגט, — איז אַליין אַ גרויסער למדן און דער חתן איז אַן עילוי, אַ יינגל פון עלף יאָר, וואָס האָט צו זיך קיין גלייכן ניט.

— אויך איך, — האָט געענטפערט דער אַרענדאַר, — האָב, גאָט צו דאַנקען, אויסגעקליבן אַ וואוילן חתן פאַר מיין טאָכטער. איר האָט דאָך געוויס געהערט פון דעם באַרימטן למדן מופלג ר׳ יהושוע פון מאָהילנע, ווי אויך פון זיין יינגסטן זון שלמהלע. אָט דאָס וואוילע קינד איז איצט מיין טאָכטערס חתן.

קוים האָט ער באַוויזן אַרויסצוזאָגן די לעצטע ווערטער, ווי די שענקערין האָט אָנגעהויבן אויסער זיך צו שרייען:

— דאָס איז אַ חוצפּהדיקער שקר. שלמה איז מיין טאָכטערס חתן, און אָט גיט אַ קוק די „תּנאים״

דער אַרענדאַר האָט פון זיין זייט איר געוויזן זיין תּנאים־דאָקומענט, און עס האָט זיך אָנגעהויבן צווישן זיי אַ קריג. דער סוף איז געווען, אַז מרת ריסיע האָט אויפגעפאָדערט מיין פאָטער צו בית־דין, וואו ער מוז געבן אַ קאַטעגאָרישע דערקלערונג. מיין פאָטער האָט זיך אָבער אין געריכט ניט געמאָלדן, כאָטש זי האָט אים אויפגעפאָדערט צוויי מאָל.

אונטער דער צייט איז געשטאָרבן מיין מוטער און מ׳האָט זי געבראַכט אויף מקבר צו זיין קיין נעסוויזש. מיין מחותּנתטע האָט מיט דער הילף פון אָרטיקן בית־דין מעכּב געווען די קבורה ביז עס וועט זיך ענדיקן דער משפט צווישן איר און מיין פאָטער. דאַן איז מיין פאָטער געווען געצוואונגען צו קומען אין בית־דין. מיין מחותּנתטע האָט נאַטירלעך געוואונען דעם משפט און איך בין ווידער געוואָרן חתן פון מיין ערשטער כּלה. נאָר בכדי צו פאַרהיטן אויף ווייטער פון אַזעלכע סורפּריזן און ניט צו געבן מיין פאָטער קיין פתחון־פה דערצו, האָט מיין מחותּנתטע אָנגעווענדט כּל אַמצי כּוחות וואָס גיכער אײַנצוצוזען צו באַפרידיקן מיין פאָטערס אַלע תּביעות בהסכּם מיט אירע התחייבותן, האָט מיך איינגאַנצן ניי באַקליידט פון קאָפּ ביז די פיס און אַפילו באַצאָלט מיין פאָטער די הוצאות פאַר מיינע קעסט פון די תּנאים אָן ביז צו דער חתונה. נאָכדעם איז די מוטער געקומען צו קבר־ישראל, און מיר האָבן זיך אומגעקערט צוריק אַהיים.

דאַן איז געקומען מיין צווייטער מחותּן און האָט אויפגעפאָדערט מיין פאָטער, ער זאָל מקיים זיין די התחייבותן פון די תּנאים. מיין פאָטער האָט אים אָבער דערוויזן, אַז די תּנאים זיינען בטל ומבוטל, ווייל זיי זיינען סותר די ערשטע תּנאים און ער האָט זיי געשריבן נאָר מחמת ער האָט בטעות געמיינט, אַז מיין מחותּנתטע האָט חרטה געהאַט אויפן שידוך.

דער אַרענדאַר האָט אַפילו געמאַכט דעם איינדרוק, ווי ער וואָלט מסכּים געווען מיט דידאָזיקע טענות פון מיין פאָטער, זיך געבויגן פאַרן הכרח און באַרויקט זיך פון דער אבידה, — אָבער אין דער אמתן האָט ער געזוכט תּחבולות און פּלענער, ווי מיך אַריינצוכאַפּן אין זיינע הענט. צו דעם צוועק איז ער אויפגעשטאַ־

בען ביינאכט, האָט געלאָזט שפּאַנען זיינע פערד, האָט מיך שטי־
לערהייט אַראָפּגענומען פונם טיש, וואו איך בין געשלאָפן, מיך
גאַנץ שנעל אַריינגעפּאַקט אין זיין וואָגן און איז מיט זיין זאַק־
רויב אַרויסגעפאָרן צום טויער פון שטאָט. אָבער היות עס איז אומ־
מעגלעך געווען דורכצופירן דעם ענין אינגאַנצן אָן אַ שום גע־
רויש, האָבן זיך אונזערע בני־בית אויפגעכאַפּט פון שלאָף, האָבן
אַנטדעקט די גנבה, נאָכגעיאָגט דעם גנב און מיך אַרויסגעריסן
פון זיינע הענט. מיר איז די גאַנצע געשעעניש יעמאָלט פאָרגע־
קומען ווי אַ חלום.

אויף אַזאַ אופן האָט זיך מיין פאָטער באַפרייט פונם חוב
און האָט נאָך דערצו באַקומען פופציק טאָלער בתור פרייוויליקע
מתּנה. אָבער גלייך דערויף האָט מיין געזעצלעכע מחותּנתטע מיך
צוגענומען צו זיך אין הויז, וואו עס איז באַלד געווען די חתונה
און איך בין געוואָרן דער מאַן פון דער געזעצלעכער כּלה.

איך מוז מיך מודה זיין, אַז מיין פאָטערס האַנדלונג אינם
ענין פון מיין שידוך לאָזט זיך ניט באַרעכטיקן פון מאָראַלישן
שטאַנדפּונקט. בלויז די גרויסע נויט, וואָס ער האָט זיך אין איר
יעמאָלט געפונען, קען אים אייניקערמאַסן דינען פאַר אַ פאַרטיי־
דיקונג.

# עלפטער קאַפּיטל.

מיין חתונה אויפן עלפטן לעבנסיאָר מאַכט מיך פאַר אַ שקלאַף פון מיין פרוי און פאַרשאַפט מיר קלעפּ מצד מיין שוויגער. אַ רוח בצורת בשר־ודם.

אויף מיין חתונה איז מיין פאָטער דעם ערשטן אָוונט ניט געווען, ווייל ער האָט נאָך געהאַט אין דער היים אין אָרדענונג צו ברענגען פון מייכטווען אייניקע ענינים. ביי מיין אָפּפאָרן האָט ער מיר פאַרזאָגט, איך זאָל אין מיין שוויגערס הויז וואַרטן אויף זיין קומען, דעריבער האָב איך בשום אופן ניט געוואָלט באַטייליקן זיך דעם ערשטן אָוונט אינם חתונה־מאָלצייט, ניט געקוקט אויף אַלעמענס בעטן זיך ביי מיר. פונדעסטוועגן זיינען די פייערלעכקייטן פון דער חתונה געגאַנגען לויט אַלע הידורים אַפילו אָן דעם חתן.

מ׳האָט געוואַרט דעם אַנדער טאָג, אָבער מיין פאָטער איז נאָך אַלץ ניט געקומען. מ׳האָט מיך שוין געשראָקן, אַז מ׳וועט מיך פירן צו דער חופה מיט סאָלדאַטן. איך האָב אָבער רויק געענטפערט, אַז ווען דאָס זאָל אַפילו געשען, וועט עס גאָרניט העלפן, ווייל קידושין מיט געוואַלד האָבן קיין ווערט און קיין האַפט ניט.

צום סוף איז מיין פאָטער געקומען, צו אַלגעמיינער, צו דער פרייד פון אַלע מחותנים און געסט. די דערמאָנטע ענינים זיינען

געבראַכט געוואָרן אין אָרדענונג און די חופה איז פאָרגעקומען כדת וכדין.

דאָ מוז איך דערציילן וועגן אַ קליינעם צופאַל. איך האָב אַמאָל געלייענט אין אַ יידישן ספר, אַז אויב דער מאַן וויל זיך פאַרזיכערן אויף דאָס גאַנצע לעבן די הערשאַפט איבער זיין צווייטער העלפט, דאַן מוז ער איר אונטער דער חופה אַרויפטרעטן אויפן פוס, און אויב ביידן פאַלט איין אויסצונוצן דעם דאָזיקן סטראַטעגישן מיטל, דאַן וועט די אויבערהאַנט שטענדיק האָבן דער, ווער עס טרעט אָן דער ערשטער. און איצט, בשעת איך און מיין כלה זיינען אַוועקגעשטעלט געוואָרן אונטער דער חופה איינער לעבן אַנדערן, האָב איך מיר דערמאָנט דידאָזיקע אויסגעפרוּווטע סגולה און האָב אַ טראַכט געטאָן, אַז איך טאָר ניט דורכלאָזן די געלעגנהייט צו פאַרזיכערן זיך אויף אַלעמאָל די ממשלה איבער מיין פרוי. איך האָב שוין געוואָלט אַרויפטרעטן איר אויפן פוס, אָבער איך ווייס ניט, וואָס עס איז מיט מיר פּלוצלונג געוואָרן: צי איז דאָס געווען פחד, בושה אָדער ליבע,— נאָר עפּעס האָט מיך אומגעריכט צוריקגעהאַלטן. אָבער אונטער דער צייט, וואָס איך האָב מיך געשלאָגן וועגן דעם מיט דער דעה, האָב איך מיט אַמאָל דערשפּירט אויף מיין פוס דעם פּאַנטאָפל פון מיין פרוי, וואָס האָט אַ דריק געטאָן מיט אַזאַ כוח, אַז איך וואָלט פון גרויס ווייטאָג שיר ניט אויסגעשריען אויפן קול, ווען איך וואָלט זיך ניט איינגעהאַלטן פאַר חרפּה. איך האָב דאָס געהאַלטן פאַר אַ שלעכטן סימן און איך האָב צו זיך אַליין געזאָגט: דאָס איז אַ גזירה מן השמים, דו זאָלסט ווערן דער שקלאַף פון דיין פרוי און דו טאָרסט ניט אַראָפּנעמען איר יאָך פון דיין האַלז.

פון מיין פחדנות און פון מיין גרויס העלדישקייט קען דער לעזער לייכט אַליין פאַרשטיין, פאַרוואָס דידאָזיקע בביאות האָט ווירקלעך געמוזט מקוים ווערן.

אָבער איך בין געלעגן ניט בלויז אונטערן פּאַנטאָפל פון מיין פרוי, נאָר—וואָס ס'איז נאָך ערגער געווען—אויך אונטערן בייטש פון מיין שוויגער. פון אַלע אירע הבטחות איז קיינע ניט

דערפילט געוואָרן. איר הויז, וואָס זי האָט באַשטימט אויף נדן פאַר איר טאָכטער, איז געווען באַלאָדן מיט חובות. פון די זעקס יאָר צוגעזאָגטע קעסט האָב איך גענאָסן קוים אַ האַלב יאָר, און דאָס אונטער שטענדיקע צאַנקערייען און געשלעגן. יאָ, אויסרע־כענענדיק אויף מיין יונגשאַפט און פחדנות, האָט מיין שוויגער זיך אַפילו דערוועגט פון צייט צו צייט אויפצוהייבן אויף מיר אַ האַנט, וואָס איך האָב אָבער ניט זעלטן אָפּגעשלאָגן צוריק, און מיט פראָצענט כפל כפלים. עס איז כמעט ניט פאַרבייגעגאַנגען קיין עסן, וואו מיר האָבן ניט געוואָרפן איינע אין די אַנדערע אין קאָפּ קיין שיסלען, טעלער, לעפל וכדומה.

איינמאָל בין איך געקומען פון בית־מדרש אַהיים זייער הונ־געריק. אַזוי ווי מיין שוויגער און מיין פרוי זיינען געווען זייער פאַרנומען מיט דער ווירטשאַפט, בין איך אַליין אַוועק אין שפּי־זארניע, האָב דאָרטן דורכגענישטערט די מילכטעפּ, און אַז איך האָב געפונען אַ טאָפּ מיט צוואָרעך און אַ ביסל סמעטענע, האָב איך עס גענומען עסן. אין דער רגע איז אַהער אריין מיין שווי־גער און האָט אָנגעהויבן שרייען מיט ווילדע קולות:

— זולל וסובא! דו ווילסט אויפפרעסן גאָר די צוואָרעך מיט די סמעטענע?!

און איך האָב געטראַכט ביי זיך, אַז וואָס מער סמעטענע איז בעסער, און האָב ווייטער געגעסן, ניט געאַכט אויף מיין שוויגערס געשרייען. דאַן האָט זי געוואָלט מיט געוואַלד אַרויס־רייסן מיר דעם טאָפּ פון די הענט, האָט מיך געשלאָגן מיט די פויסטן און מיר געגעבן צו פילן איר גאַנצע גיפט. דערביטערט פון אַזאַ באַגעגעניש, האָב איך זי אָפּגעשטויסן פון זיך, געכאַפּט דעם טאָפּ, איר געטאָן אַ שליידער אויף איר קאָפּ און ער איז צעשמעטערט געוואָרן אויף שטיקלעך. דאָס איז עס געווען אַ ספּעקטאַקל! די זויערמילך האָט פון איר אַראָפּגערונען אויף אַלע זייטן. אויסער זיך פון צאָרן האָט זי געכאַפּט אַ שייט האָלץ, און ווען איך וואָלט געשווינדט ניט אַנטלאָפן, וואָלט זי מיך זיכער דערמיט דערהרגעט אויף טויט.

אַזעלכע געשעענישן האָבן פּאַסירט זייער אָפט. מיין פרוי

האָט בעת ענלעכע צוזאַמענשטויסן, פאַרשטייט זיך, געמוזט בלייבן בייטראַל, אָבער ווער עס זאָל ניט זיין פאַרבליבן דער זיגער, האָט איר האַרץ געקרענקט. „אוי, ווען עמעצער וואָלט קענען כאָטש עטוואָס זיך באַהערשן!“, — האָט זי תמיד געקלאָגט בעת אַ געפעכט.

די שטענדיקע מלחמות מיט מיין שוויגער האָבן מיך פאַרמאַטערט און איך בין איינמאָל געפאַלן אויף אַ מיליטערישן שפּיצל, וואָס האָט געהאַט אַ גוטע ווירקונג לכל-הפחות אויף אַ קורצער צייט. איך בין איינמאָל אויפגעשטאַנען אין האַלבער נאַכט, האָב גענומען אַ גרויסן ליימענעם טאָפּ, אַרונטערגעקראָכן מיט אים שטילערהייט אונטער מיין שוויגערס בעט און אָנגעהויבן הויך אַריינריידן אין אים אַ שטייגער בזה הלשון: „ריסיע, ריסיע! דו ביסט אַ מרשעת, האָסט גאָט אין האַרצן נישט! פאַרוואָס באַהאַנדלסטו אַזוי שלעכט מיין געליבטן זון? אויב דו וועסט זיך ניט פאַרבעסערן, דאַן איז נאָענט דיין סוף און דו וועסט זיין אויף אייביק פאַרשאָלטן“. נאָכדעם בין איך ווידער אַרויסגעקראָכן און האָב אָנגעהויבן מיט גרויס אַכזריות זי צו קנייפּן. נאָכדעם האָב איך מיך שטיל אומגעקערט צוריק אין מיין בעט.

אויף מאָרגן פרי איז זי אויפגעשטאַנען אין גרויס צערודערונג און שרעק, האָט דערציילט מיין פרוי, אַז מיין מוטער איז איר געקומען צו חלום און האָט אויף איר אָנגעוואָרפן אַן אימה און געקניפּן זי פאַר איר שלעכט באַהאַנדלען מיך. און פאַר אַ סימן, אַז איר חלום איז אמת, האָט מיין שוויגער געוויזן איר טאָכטער די בלויע פלעקן אויף אירע אָרעמס. בשעת איך בין געקומען פון שול, האָב איך ניט געטראָפן מיין שוויגער אינדערהיים און געפונען מיין פרוי אין טרערן. איך האָב בייִ איר געפרעגט די סיבה פון איר וויינען, אָבער זי האָט מיר גאָרנישט ניט געוואָלט זאָגן. נאָכדעם האָט זיך מיין שוויגער אומגעקערט מיט פאַרוויינטע אויגן און אַ דערשלאָגענעם געמיט. ווי איך בין שפּעטער דערגאַנגען, איז זי געגאַנגען אויפן בית-עולם, האָט זיך אַ וואָרף געטאָן צו מיין מוטערס קבר און בייִ איר געבעטן מחילה אויף אירע זינד. נאָכדעם האָט זי געלאָזן פעלדמעסטן און

מאַכן אַ וועקסענע ליכט, לאַנג ווי דער היקף פונם בית-עולם, אָנצוצינדן אין שול. אויך האָט זי געפאַסט דעם גאַנצן טאָג און זיך באַצויגן צו מיר מיט גרויס ליבשאַפט.

כאָטש איך האָב געוואוסט די סיבה פון דעם אַלץ, אָבער איך האָב מיך געמאַכט, ווי איך וואָלט גאָרנישט באַמערקט, און אינערלעך האָב איך מיך געפרייט מיט מיין געלונגענעם שפיצל. אויף אַזאַ אופן האָב איך אייניקע צייט געהאַט מנוחה. צום אומגליק אָבער האָט עס ניט לאַנג געדויערט. מיין שוויגער האָט באַלד אַלץ ווידער פאַרגעסן און ביי דער מינדסטער געלעגנהייט האָבן זיך איבערגעחזרט דיזעלביקע סצענעס. איך האָב שוין עס מער ניט געקענט אַריבערטראָגן און האָב געמוזט באַלד אינגאַנצן פאַרלאָזן דאָס הויז און אָנקומען פאַר אַ לערער ערגעץ אויף אַ קאָנדיציע. נאָר אויף די גרויסע ימים-טובים פלעג איך קומען אַהיים.

# צוועלפטער קאַפּיטל.

## די סודות פון מאַן-און ווייב-לעבן. פירשט ראַדזיוויל אָדער וואָס אין פוילן איז מעגלעך.

אַז איך בין אַלט געוועזן פערצן יאָר, איז ביי מיר געבאָרן געוואָרן מיין בכור, דָוִד. אמת, אַ ביסל צו שפּעטלעך, אָבער עס איז קיין חידוש ניט: איך בין דאָך צו מיין חתונה אַלט געוועזן סך-הכל עלף יאָר און בין דערצויגן געוועזן אין פרישות און צניעות לויטן שטרענג-מאָראַלישן לעבנס-שטייגער פון אונזער נאַציע אין דידאָזיקע געגנטן און בכלל ביים מאַנגל פון באַציִונגען צווישן מאַנסבילן און פרויען, — בכן האָב איך קיין שום באַגריף ניט געהאַט וועגן די חובות פון מאַן צו זיין ווייב. אויף אַ שיין מיידל האָב איך געקוקט ווי אויף איטלעך אַנדער נאַטורווערק אָדער קונסטווערק, ווי דהיינו דאָס מעדיציניִשע שאַכטעלע, וואָס איך האָב אַמאָל געגנבעט. אויף אַזאַ אופן איז גאַנץ נאַטירלעך, וואָס עס איז אַוועק אַ לאַנגע צייט נאָך מיין חתונה און מיר האָט אַפילו אויפן זין ניט געקענט אַרויף צו דערפילן דידאָזיקע פליכטן.

אַז איך פלעג מיך דערנעענטערן צו מיין פרוי, פלעגט מיך שטענדיק אַרומנעמען אַ ציטער, ווי איך וואָלט זיך דערנעענטערט צו אַן אומבאַקאַנטן וועזן. מיין שוויגער האָט זיך דאָס דערקלערט אויף איר שטייגער. זי האָט געגלויבט, אַז אין דער נאַכט פון מיין חתונה איז מיר אָפּגעטאָן געוואָרן אַ כישוף, און כדי מיך צו ראַטעווען, האָט זי מיך אַוועקגעפירט צו אַן אַלטער מכשפה.

די מכשפה האָט אָפּגעטאָן איבער מיר כל המינים מעשים תעתועים, וואָס האָבן געווירקט אויף מיין כוח הדמיון און אויף מיין גלויבן און איך בין געזונט געוואָרן.

מיין לעבן אין פוילן זינט מיין חתונה ביז צו מיין אויס־וואנדערונג קיין אויסלאַנד — אַ פּעריאָד, וואָס נעמט אַרום דעם בליענדיקן פרילינג פון מיין לעבן—איז געווען אַ קייט פון אָרעמ־קייט און עלנט פון כל המינים פּיין און צרות. איך האָב ניט געהאַט קיין שום מיטלען פאַר מיין ווייטערדיקער אַנטוויקלונג, און דערמיט איז פאַטאַל פאַרבונדן אַן אומפּראָדוקטיווער פאַר־ברויך פון כוחות, וואָס ביים באַשרייבן עס פאַלט מיר די פעדער פון האַנט אַרויס און די שמערצהאַפטע זכרונות וועגן דעם זוך איך מיט כל אמצי כוחות צו דערשטיקן טיף אין זיך.

דער אינעווייניקסטער מצב דאָ אין לאַנד בכלל, דער צו־שטאַנד פון אונזער פאָלק דערין בפרט, וואָס שמאַכט און פאַלט ווי דער אייזל אונטער אַ דערדריקנדיקן צווייפאַכן יאָך, אונטערן יאָך פון דער אייגענער אומוויסנקייט און רעליגיעזע אָבערגלויבנס און אונטערן יאָך פון דער אומוויסנקייט און אָבערגלויבנס פון דער הערשנדיקער נאַציע, צוזאַמען מיט די צרות און אומגליקן, וואָס האָבן זיך געשאָטן אויף מיין משפחה—דאָס אַלץ האָט זיך פאַראייניקט, בכדי צו שטערן דעם גאַנג פון מיין אַנטוויקלונג און ניט צו דערלאָזן די אַנטפּלעקונג און דעם פונאַנדערבלי פון מיינע נאַטירלעכע כשרונות.

די פּוילישע נאַציע—איך פאַרשטיי אונטער איר בלויז דעם פּוילישן אַדל—האָט זייער אַ געמישטן כאַראַקטער, שטייט אויף זייער אַ נידעריקער מדרגה פון קולטור. בלויז אַ קליינע צאָל אויסדערוויילטע יחידים האָט די געלעגנהייט אויסצובילדן זיך דורך דערציִונג, לערע און צוועקמעסיקע נסיעות קיין אויסלאַנד, און דערמיט קענען זיי ברענגען גוטס ניט בלויז זיך אַליין, נאָר אויך זייערע אונטערטאַנען. דער גרעסטער רוב פּריצים אָבער פאַרברענגען דאָס לעבן אין אומוויסנקייט און אויסגעלאַסנקייט, אָן זינען וואַרפן זיי זיך אַריין און זינקען אין תהום פון צעבושע־וועטע תאוות און ברענגען אום דערמיט ניט בלויז זיך אַליין, נאָר אויך טויזנטער און טויזנטער פון זייערע אונטערטאַנען. זיי

גלאַנצן און פיינען זיך מיט טיטלען און אָרדנס, וואָס זיי פאַרשוועכן זיי אַליין מיט זייערע אומווערדיקע מעשים; באַזיצן אַ סך אומגעהייערע מאַיאָנטקעס, וואָס זיי זיינען ניט פעיִק זיי צו פאַרוואַלטן, און פירן צווישן זיך אומאויפהערלעכע קריגערייען און מלחמות. מחמת דעם אַלץ מוז די מלוכה פאַטאַל ווערן צו אַ רויב און צו אַ קרבן פון די שכנים, וואָס זיינען מקנא איר גרויסקייט.

דער פירשט ר אַ ד ז י ו ו י ל איז געווען העטמאַן אין פוילן און וואָיעוואָדע אין ליטע און בכלל איינער פון די גרעסטע מאַגנאַטן. ער האָט באַקומען דריי ירושות און האָט אַדאַנק דעם פאַרמאָגט אומצייליקע קאָלאָסאַלע נחלאות. אויך האָט ער געהאַט ניט גאָר קיין שלעכט האַרץ און ס'האָט אים אויך ניט געפעלט קיין שכל. אָבער מחמת דער פאַרנאַכלעסיקטער דערציִונג און ווייניק בילדונג איז ער געווען איינער פון די אויסגעלאַסנסטע פירשטן, וואָס האָבן ווען עס איז געלעבט אויף דער וועלט. ניט האָבנדיק קיין שטענדיקע באַשעפטיקונג,—אַ לאָגישער רעזולטאַט פון זיינע ניט גענוגנדיקע ידיעות און ווייניק אַנטוויקלטן געשמאַק,—האָט ער זיך אַריינגעלאָזן אין שיכּרות, וואָס עס האָט אים געבראַכט אָפּצוטאָן די לעכערלעכסטע און משוגעתדיקסטע מעשים. אָן אַ באַזונדערער נטיה האָט ער זיך איבערגעגעבן צו די שענדלעכסטע באַגערן פונם גראָבן חומר, און בטבע גאָר ניט זייענדיק קיין אַכזר, האָט ער אָפּגעטאָן איבער זיינע אונטערטאַנען די גרעסטע הימלשרייענדיקסטע אַכזריותן.

ער האָט אויף זיין חשבון אויסגעהאַלטן אַן אַרמיי פון צען טויזנט מאַן, וואָס האָט אים אָפּגעקאָסט אַ מטמון מיט גאָלד, אָן אַ שום תכלית, נאָר בלויז צוליב גלאַנץ און כבוד. און ווען עס האָבן אין פוילן אויסגעבראָכן די מהומות, האָט ער זיך געשטעלט אויפן צד פון די „קאָנפעדעראַטן"[1], אַליין ניט וויסנדיק, צו וואָס

1) ק אָ נ פ ע ד ע ר אַ ט ן — מיטגלידער פון די „קאָנפעדעראַציעס".

ק אָ נ פ ע ד ע ר אַ צ י ע ס האָבן אין אַלטן פוילן געהייסן די צייטווייליקע פאַרבאַנדן אָדער צוזאַמענפאָרן פון דער שליאַכטע (אַדל) צו פאַרטיידיקן די מלוכה קעגן אַ סכּנה מצד אַן אויסווייניקסטן שונא אָדער צוליב אַן אויפשטאַנד קעגן די פאַראָרדענונגען פונם קיניג אָדער פונם סיים. ד ע ר א י ב ע ר ז.

ער האָט דאָס געטאָן. דורך דעם האָט ער אויפגערייצט אויף זיך די רוסן, וואָס זיינען אָנגעפאַלן אויף אים, צעראַבירט זיינע גי-טער און אַריינגעבראַכט זיינע אונטערטאַנען אין שרעקלעכסטער נויט און עלנט. ער אַליין איז עטלעכע מאָל געצוואונגען געווען צו אַנטלויפן פון לאַנד און זיינע גרויסע, אין משך פון אַ סך דורות אָנגעזאַמלטע אוצרות איבערצולאָזן אויף רויב אין די הענט פון זיינע שונאים.

ווער קען באַשרייבן אַלע זיינע מעשים תעתועים! אָבער אייניקע ביישפּילן, גלויב איך, וועלן גענוג זיין צו געבן דעם לעזער אַ פאָרשטעלונג פון זיינע שגעונות. אַ געוויסער רגש-הכבוד צום אַמאָליקן האַרן פון מיין געבורטסאָרט דערלויבט מיר ניט צו באַטראַכטן דידאָזיקע חסרונות זיינע אַנדערש ווי בלויז אַלס רעזולטאַט פון זיין היציקן טעמפּעראַמענט און פון זיין שלעכטער דערציונג, וואָס דאַרפן אַרויסרופן גיכער אונזער מיט-לייד איידער אונזער האַס און פאַראַכטונג.

ער האָט געהאַט אַ מנהג דורכצופאָרן דורך די גאַסן פון שטאָט[1]) מיט זיין גאַנצן הויף-פּערסאָנאַל, מיט זיין קאַפּעליע און סאָלדאַטן. דעמאָלט האָט קיינער זיך ניט געטאָרט ווייזן אויפן גאַס, אויב ער האָט ניט געוואָלט ריזיקירן מיטן לעבן. אַפילו אין די הייזער איז מען געווען ניט זיכער. באַזונדערס זיינען דאַן געווען אין גרויס סכנה די פרויען; אַפילו די מיאוסטע און שמו-ציקסטע פויערטע, וואָס ער האָט געטראָפן אין וועג, האָט ער מיט געוואַלד אַרויפגענומען צו זיך אין קאַראָט...

איינמאָל האָט ער געשיקט רופן צו זיך אַ בכבודיקן יידישן פעלדשער. דער פעלדשער האָט געמיינט, אַז מ'דאַרף געוויס מאַכן אַ וואָסערע-ס'איז כירורגישע אָפּעראַציע, האָט ער מיטגענומען מיט זיך זיינע אינסטרומענטן און איז געקומען צו זיין האַרן. דער פירשט האָט אים געפרעגט:

— האָסט מיטגעבראַכט דיינע אינסטרומענטן?

---

1) נעסוויזש. דער איבערז.

— יאָ, אַלערדורכלויכטיקסטער פירשט,—האָט געענטפערט דער פעלדשער.

— גוט,—האָט געזאָגט דער פירשט,—גיב מיר דיין לאַנ־צעט, איך וויל דיר אָדער לאָזן.

דער אָרעמער פעלדשער האָט זיך געמוזט אונטערגעבן. דער פירשט האָט גענומען דעם לאַנצעט, אָבער אַזוי ווי ער האָט ניט געוואוסט, ווי צו באַנוצן זיך מיט אים, און דערצו האָט נאָך זיין האַנט געציטערט פון שיכּרות, האָט ער אים, נאַטירלעך, צעוואונ־דעט אויף אַ שרעקלעכן אופן. אָבער זיינע הויפּלייט האָבן אים צוגע־שמייכלט מיט חניפה און געריִמט זיין גרויסע געשיקטקייט אין כירורגיע.

איינמאָל איז ער געקומען אין קאָשציאָל, און היות ער איז געווען, ווי געוויינלעך, שיכּור און האָט ניט געוואוסט, וואו ער איז דאָ, האָט ער זיך געשטעלט לעבן אַלטאַר דורכפירן איינע פון די נאַטירלעכע באַדערפעענישן. דער עולם מתפללים האָט אויפגעשוידערט פון שרעק. אויף מאָרגן אינדערפרי, בעת ער איז נאָך געווען ניכטער, זיינען געקומען די גלחים אים אויסמוסרן פאַר זיין נעכטיקער נבלה.

— נו, גוט, — האָט דערויף געזאָגט דער פירשט, — מירן דאָס זען צו פאַרריכטן!

און תּיכּף האָט ער אָפּגעגעבן אַ באַפעל, די יידן פון שטאָט זאָלן אויף זייערע הוצאות שאַפן פּופציק פוד וועקסענע ליכט אויף צום ברענען אין דערמאָנטן קאָשציאָל. אַזוי האָבן די אומגליק־לעכע יידן געמוזט ברענגען אַ קרבן אויף מכפּר צו זיין די זינד פון אַ רעכטגלויביקן קאַטוילישן קריסט, וואָס האָט פערשוועכט אַ קריסטלעכע קירך.

אַן אַנדערש מאָל איז אים איינגעפאַלן דורכצופאָרן זיך אי־בערן וואַל, וואָס אַרום שטאָט. דער וואַל איז אָבער געווען צו שמאָל און זיין קאָטש מיט זעקס פערד אין דער ברייט האָט ניט געקענט דורכגיין, — האָבן זיינע הוזאַרן אויף זיין באַפעל מיט גרויס מי און לעבנס־געפאַר געמוזט דורכטראָגן זיין קאַראָט אויף די הענט, ביז ער איז אויף אַזא אופן אַרומגעפאָרן דעם וואַל אַרום דער גאַנצער שטאָט.

איינמאָל איז ער מיט זיין גאַנצן הויף־שטאַט געקומען צו פֿאָרן אין דער ייִדישער שטאָטשול און האָט דאָרטן אָן אַ שום סיבה אָנגעמאַכט די שרעקלעכסטע פּאַרוויסטונגען: צעבראָכן די פֿענסטער און די אויוונס, צעשמעטערט אַלע כּלים, געוואָרפֿן פֿון אָרון־קודש די ספֿר־תּורות אויף דער ערד א. אַז. וו. אַ געלערנ־טער פֿרומער ייִד, וואָס איז דאַן דערבײַגעווען, האָט זיך דער־וועגט אויפֿצוהייבן פֿון דער ערד איינע פֿון די ספֿר־תּורות, — דערפֿאַר האָט דער דורכלויכטיקער פּירשט אים אָנגעטאָן דעם כּבוד און אייגנהענטיק געטראָפֿן אים מיט אַ קויל פֿון זיין פֿלינט. פֿון דאָרטן איז דער צוג אַוועק אין אַ צווייטער שול, וואו ער האָט געבאַלעבאַטעוועט אויפֿן זעלביקן שטייגער, און פֿונדאַנען — אויפֿן ייִדישן בית־עולם, וואו זיי האָבן חרוב געמאַכט די בנינים און די מצבות פֿאַרברענט.

קען מען דען זיך גאָר פֿאָרשטעלן, אַז אַ הערשער פֿון אַ לאַנד, וואָס קאָן האָבן אַלע בעזעצלעכע מיטלען צו באַשטראָפֿן זיינע אונטערטאַנען, אויב זיי וואָלטן ווירקלעך באַגאַנגען קעגן אים אַ פֿאַרברעך, — זאָל קענען אַזוי ווילד־רישעותדיק באַהאַנדלען אָן אָרעמע אומשולדיקע באַפֿעלקערונג? און דאָך איז עס דאָ פֿאַקטיש אַזוי געשען.

אַמאָל איז אים אײַנגעפֿאַלן פֿון פֿאַרגעניגן וועגן צו מאַכן אַ שפּאַציר אין שטעטל מ., וואָס האָט געהערט צו אים און וואָס איז געווען פֿיר מייל ווייט פֿון זיין רעזידענץ (נעסוויזש). דער דאָזיקער שפּאַציר האָט געדאַרפֿט דורכגעפֿירט ווערן אין דער באַגלייטונג פֿון זיין געוויינלעכער סוויטע און פֿונם גאַנצן הויף־פּערסאָנאַל. אין פֿרימאָרגן פֿונם באַשטימטן טאָג האָט זיך אָנגע־הויבן דער צוג. פֿאָראויס האָט מאַרשירט זיין גאַנצע אַרמיי, וואָס איז באַשטאַנען פֿון אינפֿאַנטעריע, אַרטילעריע, קאַוואַלעריע א. אַז. וו., אין געשלאָסענע רייען פֿאָלקנווייז. דאַן איז געגאַנגען זיין לייב־גוואַרדיע (שיסער), וואָס איז באַשטאַנען פֿון פֿרייוויליקע אָרעמע אַדלייט. נאָכדעם זיינען געפֿאָרן די וואָגנס מיט זיין קיך און מ'האָט אויך ניט פֿאַרגעסן מיטצונעמען אונגערווייַן. נאָך דער קיך איז געגאַנגען זיין יאַניטשאַרישע מוזיק און אַנדערע קאַ־

פעליעס, און צום סוף—זיין קאָטש אין דער באַגלייטונג פון זיינע סאַטראַפּן. איך רוף זיי אַזוי דערפאַר, ווייל דער דאָזיקער גאַנצער צוג איז אין מיינע אויגן גלייך געווען צום מלחמה־צוג פון דָרְיָוֶש מלך פרס קעגן אַלכסנדר מוקדון. צו אָוונט איז זיין פירשטלעכע דורכלויכט (איך זאָג ניט „בכבודו ובעצמו", ווייל דער אונגערווין, וואָס ער האָט אויסגעטרונקען, האָט ביי אים אָפּגענומען זיין באַוואוסטזיין, ד. ה. זיין „כבוד" און זיין „איך") אָנגעקומען צו מיין טראַקטיר אין פאָרשטאָט ק. פון זיין רעזידענץ בעסוויזש. מ'האָט אים אַריינגעטראָגן אין הויז און מ'האָט אים אַרויפגעוואָרפן אין זיינע קליידער און אין זיינע שטיוול מיט שפאָרן אויף מיין שוויגערס שמוציק און ניט איבערגעצויגן בעט. איך, ווי געוויינלעך, האָב געמוזט אַנטלויפן פון שטוב. מיינע אַמאַזאָנעם אָבער, ד. ה. מיין שוויגער און מיין פרוי, האָבן זיך פאַרלאָזן אויף זייער העלדנמוט און זיינען פאַרבליבן אַליין אין הויז. די געסט האָבן אַ גאַנצע נאַכט געלאַרימט, און אין דערוועלביקער שטוב, וואו זיין דורכלויכט איז געלעגן, האָט מען געהאַקט האָלץ, געקאָכט און געבראָטן. מ'האָט שוין געוואוסט, אַז ווען זיין פירשטלעכע דורכלויכט שלאָפט אין שיכורן צושטאַנד, איז קיין שום רעש ניט בכוח אים אויפצוועקן, סיידן דער שופר של משיח אין טאָג פון לעצטן משפט איבער דער וועלט.

אויף מאָרגן פרי האָט מען אים אויפגעוועקט פון זיין שלאָף. ער האָט זיך אַרומגעקוקט אַרום און האָט ניט געוואוסט, צי זאָל ער גלויבן זיינע אויגן: ער ליגט אין אַן אָרעמען שענק ניט אויסגעטאָן אין אַן אומריינעם בעט, וואָס האָט געקישעט מיט וואַנצן. זיינע קאָמערדינערס, פאַזשן און מורינען האָבן געוואַרט אויף זיינע באַפעלן. ער האָט געפרעגט, ווי אַזוי איז ער געקומען אַהער, און מ'האָט אים דערציילט, אַז זיין דורכלויכט איז נעכטן וואוילגעפעלן אונטערצונעמען אַ לוסטרייזע קיין מ., נאָר האָט זיך דאָ אָפּגעשטעלט אויף אָפּרו, און אונטער דער צייט איז זיין גאַנצע סוויטע אַוועק פאָראויס און איז איצט געוויס שוין אָנגעקומען קיין מ.

די נסיעה קיין מ. איז אויף דעם מאָל אָפּגעלייגט געוואָרן,

און דער פירשט האָט באַפוילן צוריקצוקערן די גאַנצע סוויטע. זי האָט זיך אומגעקערט צוריק קיין נעסוויזש אין דער געוויינלעכער אָרדענונג און מיט די געוויינלעכע פייערלעכקייטן. דעם פירשט איז אָבער געפעלן געוואָרן צו מאַכן אין מיין שענקהויז א גרויסן מאָלצייט, און ער האָט איינגעלאַדן אַלע פרעמדע פריצים, וואָס האָבן זיך צו יענער צייט גראָד אויפגעהאַלטן אין שטאָט. מ׳האָט געגעסן פון גאָלדענע כּלים, און מ׳קען זיך גאָר ניט גענוג פאָרשטעלן דעם קאָנטראַסט צווישן אַזיאַטישן לוקסוס און לאַפּלענדישן דלות, וואָס האָבן דאָ געהערשט אין איינעם אין דעם זעלביקן הויז.

אין אַן אָרעמען שענקהויז, וואָס זיינע ווענט זיינען קייל־שוואַרץ געוואָרן פון רויך און סאַזשע, וואָס זיין סופיט איז אונ־טערגעשפּאַרט געווען מיט ניט אַרומגעהובלטע קיילעכדיקע קלע־צער און וואָס זיינע פענסטער זיינען באַשטאַנען פון רעשטלעך צעבראָכענע שויבן פון שלעכטן סאָרט און פון קיבעלעך, פאַר־קלעפּט מיט פּאַפּיר, — אין אָט דעם דאָזיקן הויז זיינען געזעסן פירשטן אויף שמוציקע בענק ביי נאָך אַ שמוציקערן טיש אין גאַנצן גלאַנץ פון זייער הערלעכקייט און מ׳האָט זיי דערלאַנגט די אויסדערוויילטסטע שפּייזן און די הערלעכסטע וויינען אין גיל־דערנע סערוויזן.

פאַרן מאָלצייט האָט דער פירשט זיך דורכגעשפּאַצירט צו־זאַמען מיט די אַנדערע דערהויבענע געסט זיינע פאַר דעם שענק־הויז און האָט צופעליק באַמערקט מיין פרוי. זי איז יעמאָלט געווען אין דער רעכטער בליִונג פון איר יוגנט, און כאָטש איך בין שוין מיט איר געגט, דאָך מוז איך זיין גערעכטיק און מודה זיין, אַז זי איז געווען אַ יְפַת־תּוֹאַר פון ערשטער מדרגה (אויב ניט רעכענען איר אָרעמקייט אין געשמאַק און קונסט, וואָס דינען נאָך אויף צו דערהויבן די פרויען־פּראַכט און פרויען־רייץ). ס׳איז בכן געווען נאַטירלעך, אַז זי האָט גע־מוזט געפעלן ווערן אויך דעם פירשט ראַדזיוויל. ער האָט זיך גע־ווענדט צו זיינע באַגלייטער און געזאָגט:

— באמת, אַ שיין יונג ווייבעלע! מ׳דאַרף איר נאָר אָנטאָן אַ ריין ווייס העמד.

דאָס פלעגט זיין זיין געוויינלעכער לאָזונג. און די כוונה דערפון איז געווען פונקט ווי די כוונה פונם טערקישן סולטאַן בעת ער וואַרפט זיין טאַשענטיכל צו אַ פרוי. אַז דעם פירשט באַגליי־טער האָבן דאָס דערהערט, האָבן זיי אַנגעסט באַקומען פאַרן כבוד פון מיין פרוי און געגומען ווינקען צו איר, זי זאָל וואָס גיכער נעלם ווערן פון שטוב. מיין פרוי האָט פאַרשטאַנען דעם דאָזיקן וואונק און איז שטילערהייט אַנטרונען איבער אַלע בערג.

נאָכן מאָלצייט האָט זיין דורכלויכט מיט זיין סוויטע אונ־טער טרומייטן, פויקן און יאַניטשאַרישער מוזיק זיך אומגעקערט צוריק צו זיך אין פּאַלאַץ. איצט האָט זיך ווידער אָנגעהויבן דער געוויינלעכער סדר־היום, ד. ה. מ׳האָט דעם גאַנצן נאָכמיטאָג און דעם אָוונט געהוליעט, נאָכדעם געפאָרן קיין ה., אַ לוסטשלאָס ביים אַריינגאַנג אינם פירשטס טיר־גאָרטן, וואו מ׳האָט איינגע־אָרדנט אַ פייערווערק, האָס האָט אָפּגעקאָסט אַ סך געלט, נאָר האָט זיך, ווי געוויינלעך, ניט איינגעגעבן. ביי יעדן אויסגעליי־דיקטן בעכער ווין פלעגט מען שיסן פון האַרמאַטן, און די אָרעמע קאַנאָנירן, וואָס האָבן געקענט בעסער אומגיין מיטן פלוג איידער מיט קאַנאָנען, האָבן דערביי ניט זעלטן זיך פאַר־וואונדעט און צעשעדיקט.

— „וויוואַט קשיאָנזשע ר.ן״ (ס׳זאָל לעבן פירשט ראַדזי־ווילן),—האָבן געשריען די געסט.

די ערשטע פידל אין דער דאָזיקער אָרגיע האָט, נאַטירלעך, געשפּילט דער פירשט אַליין. און כטוב לב הפירשט ביין, פלעגט ער די חנפים באַלוינען מיט גרויסע מתנות, און דאָס ניט מיט געלט, וואָס איז ניט אייביק, און ניט מיט גאָלדענע כלים, נאָר מיט גרויסע מאַיאָנטקעס מיט אַ סך הונדערטער לייבאייגענע פּויערים. צום סוף פלעגט ווערן געגעבן קאָנצערט. יעמאָלט פלעגט זיין פירשטלעכע דורכלויכט איינשלאָפן און מען פלעגט אים אַ שלאָפעדיקן אַוועקטראָגן צוריק אין פּאַלאַץ אַריין.

אַזוי האָט זיך דער פירשט שטענדיק געפירט.

די נייטיקע הוצאות אויף אַזעלכע פאַרשווענדונגען פלעגט מען אויספּרעסן פון די אומגליקלעכע אונטערטאַנען. אויב דאָס

פלעגט ניט קלעקן, פלעגט דער פירשט מוזן לייען געלט און פאַר די חובות פאַרמשכונען אָדער פאַרקויפן זיינע מאַיאָנטקעס. אין אַזעלכע פאַלן, ווען ער פלעגט זיך בייטיקן אין געלט אויף זיינע ווילדע תענוגים, פלעגט ער ניט שאַנעווען אַפילו די צוועלף גרויסע גאָלדענע פיגורן (איך ווייס ניט, צי זיינען דאָס געווען סטאַטועס פון די צוועלף אַפּאָסטאָלן אָדער פון צוועלף ריזן), וואָס ער האָט געירשנט פון זיינע אָבות, און אויך ניט דעם גאָלדענעם טיש, וואָס ער אַליין האָט געלאָזט מאַכן.

אויף אַזאַ אופן האָבן זיך ביסלעכווייז פאַרמינערט די בעסטע נחלאות פון דעם דאָזיקן גרויסן פירשט און עס זיינען אויסגעשעפּט געוואָרן זיינע אומגעהייערע אוצרות, וואָס זיינען אָנגעזאַמלט געוואָרן אין משך פון אַ סך דורות. און זיינע אונ־טערטאַנען? — נאָר דאָ רייס איך איבער מיין דערציילונג.

דער דאָזיקער פירשט איז ניט לאַנג געשטאָרבן, ניט אי־בערלאָזנדיק נאָך זיך קיין קינדער. זיין ברודערס זון, זאָגט מען, איז דער איינציקער יורש פון זיינע גיטער.

---

# דרייצנטער קאַפּיטל.

## מיין שטרעבונג צו השכלה — אין אַן אומאויפהערלעכן געראַנגל מיט כל המינים נויט און צרות.

אדאַנק דעם סדר־הלימוד פון מיין פאָטער און נאָך מער אדאַנק מיין אייגענער התמדה, בין איך אַזוי ווייט אַוועק אין מיינע ידיעות אין דער תּלמודישער ליטעראַטור, אַז צו עלף יאָר האָב איך שוין געקאָנט באַקומען סמיכה אויף רבנות. חוץ דעם האָב איך געהאַט אייניקע ניט־סיסטעמאַטישע ידיעות אין געשיכטע, אַסטראָנאָמיע און אַנדערע מאַטעמאַטישע וויסנשאַפטן.

איך האָב געברענט פון חשק צו דערווערבן זיך נאָך מער קענטעניש. ווי האָב איך אָבער דאָס געקענט אויספירן, אַז איך האָב ניט געהאַט ניט קיין וועגווייזער, ניט קיין וויסנשאַפטלעכע ספרים און ניט קיין שום אַנדערע נייטיקע מיטלען דערצו? איך האָב מיך בכן געמוזט באַגניגן דערמיט, וואָס איך האָב אויסגענוצט אַלץ, וואָס איז מיר אַריינגעקומען אין האַנט, אָן א סדר און אָן א פּלאַן.

בכדי צו שטילן מיין דאָרשט נאָך וויסנשאַפטן, האָב איך קיין אַנדער מיטל ניט געהאַט, ווי אויסצולערנען זיך פרעמדע שפּראַכן. אָבער ווי קען איך דאָס אָנהייבן? לערנען פּויליש אָדער לאַטיין ביי א קאַטויליק איז מיר געווען אוממעגלעך, ווייל פון איין זייט האָבן די פּאָראורטיילן פון מיין פאָלק מיר פאַרווערט צו לערנען אַלע אַנדערע שפּראַכן אויסער העברעיש און אַלע אַנדערע קענטענישן און וויסנשאַפטן אויסער דעם תּלמוד און דער

אומגעהייערער צאָל מפרשים זיינע, און פון דער אַנדער זייט האָבן די פּאָראורטיילן פון די קאַטויליקן ניט דערלאָזן צו לער־נען עפּעס אַ יידן.

חוץ דעם א״ך, איז מיין מאַטעריעלער מצב דעמאָלט גע־ווען זייער אַ געדריקטער. איך האָב געמוזט מפרנס זיין אַ גאַנצע פאַמיליע דורך מלמדות און קאָרעקטור פון תנ״ך וכדומה, און אויף אַזאַ אופן האָב איך אַ לאַנגע צייט געליטן פון מיין ניט קענען פאַרווירקלעכן מיינע שטרעבונגען.

צום סוף איז מיר געקומען צו הילף אַ גליקלעכער צופאַל. איך האָב באַמערקט אויף אייניקע העברעיִשע גראָבבייכיקע ספרים, אַז צוזאַמען מיט די אותיות פון העברעיִשן אַלף־בית, וואָס באַצייכענען די צאָל בויגנס, ווערן צו דעם צוועק באַנוצט אויך די אותיות פון אַנדערע אַלף־ביתן, געוויינלעך פון לאַטיי־נישן און דייטשן.

איך האָב יעמאָלט ניט געהאַט דעם מינדסטן באַגריף פון דרוקעריי. איך האָב מיר געוויינלעך פאָרגעשטעלט, אַז ביכער ווערן געדרוקט ווי קאָלירטע לייוונט און אַז פאַר יעדער זייט איז נייטיק אַ באַזונדערע פאָרם צום דרוקן. איך האָב אָבער משער געווען, אַז די פרעמדע אותיות, וואָס שטייען אונטן אויף די בויגנס, שטימען מיט די העברעיִשע אותיות, וואָס שטייען לעבן זיי. און אַזוי ווי איך האָב שוין עטוואָס געהערט וועגן דעם סדר פונם אַלף־בית אין דידאָזיקע שפּראַכן, האָב איך אויסגע־רעכנט, אַז דער אות A, למשל, וואָס שטייט אין איין ריי מיטן א׳, מוז אויך געוויס זיין אַן אַלף. אויף אַזאַ אופן האָב איך אויס־געלערנט די לאַטיינישע און די דייטשע שריפט.

דורך אַזאַ דעשיפרירונג האָב איך אָנגעהויבן פאַרשיידענע דייטשע אותיות קאָמבינירן אין ווערטער. איך בין נאָך אָבער געווען מסופק, אפשר איז מיין גאַנצע אַרבעט לגמרי אומזיסט, ווייל די שריפטצייכנס, וואָס שטייען אין איין שורה מיט די העב־רעיִשע אותיות, קענען דאָך אויך האָבן אַ לחלוטין אַנדער באַ־דייטונג, איידער דידאָזיקע אותיות. צום גליק אָבער זיינען מיר אַריינגעפאַלן אין די הענט עטלעכע בלעטער פון אַן אַלטן דייטשן

בוך. איך האָב אָנגעהויבן לייענען. און ווי גרויס איז געווען מיין פרייד און פאַרוואונדערונג, ווען איך האָב פון דעם אינהאַלט דערזען, אַז די ווערטער פון בוך שטימען אינגאַנצן מיט מיינע פריערדיקע קאָמבינאַציעס. אמת, אַ סך עכט דייטשע ווערטער זיינען מיר פאַרבליבן אומפאַרשטענדלעך, אָבער פונם גאַנצן צוזאַמענהאַנג האָב איך געקענט פאַרשטיין דעם אינהאַלט, אַפילו דורכלאָזנדיק דידאָזיקע ווערטער.

דער מנהג צו לערנען דורך מאַכן השערות, פונאַנדערשיפֿרירונגען, קאָמבינאַציעס איז ביי מיר פאַרבליבן עד היום, בעת איך וויל באַגרייפן און אַרויסטראָגן אַ מיינונג וועגן געדאַנקען פון אַנדערע מענטשן. און איך באַהויפט, אַז מ'קען נאָך ניט זאָגן, אַז מען פאַרשטייט אַ בוך, כל-זמן מען איז געצוואונגען נאָכצוגיין דעם מחברס געדאַנקען אין דעם זעלביקן סדר און אין פאַרבינדונג מיט די זעלביקע אויסדריקן, ווי ער, דער מחבר, איז געווינט צו געברויכן. אויף אַזאַ אופן ווירקט נאָר דער כוח-הזכרון. בלויז דאַן קען זיך דער לעזער באַרימען, אַז ער האָט פאַרשטאַנען דאָס ווערק, ווען די געדאַנקען פונם מחבר קומען אים לכתחילה אויס טונקל און ער איז דווקא דורך דעם געצוואונגען זיך אַריינצוטראַכטן אינם ענין און זעלבשטענדיק צו קומען צו די זעלביקע רעיונות, וואָס דער אַוטאָר האָט דורכגעפירט. דער אונטערשייד צווישן דידאָזיקע צוויי אופנים פון לייענען אַ בוך קען ניט בלייבן אומבאַמערקט פון יעדן שאַרפזיניקן אויג.

אויף דעם גרונד בין איך נאָר דאַן בכוח צו פאַרשטיין אַ בוך, ווען די געדאַנקען, וואָס ווערן דאָרטן אַרויסגעזאָגט, זיינען גאָכן אויספילן די בלויזן צווישן זיך האַרמאָניש פאַרבונדן.

נאָר צוריק צום ענין. איך האָב נאָך אַלץ געפילט אין זיך אַ פוסטקייט, וואָס איך בין ניט געווען ביכולת אויסצופילן. איך האָב ניט געקענט בשלימות באַפרידיקן מיין תשוקה צו קענטעניש און וויסנשאַפטן. ביז איצט איז מיין הויפט-באַשעפטיקונג נאָך אַלץ געווען דער לימוד התלמוד, אָבער עס האָט מיך צוגעצויגן אין אים בלויז די חיצוניות פונם שטודיום, — דאָס אַרויס-

רופן צו אַקטיוויטעט די גייסטיקע כּוחות און דאָס שלייפן דעם שכל,—אָבער בשום אופן ניט דער אינהאַלט פון דער דאָזיקער וויסנשאַפט.

דורכן לימוד התלמוד אַרבעט זיך אויס די געוויינהייט אויסצוגעפינען די גרינדלעכע סיבות פון דערשיינונגען און זייערע ווייטסטע פּועל־יוצאס, אויפצודעקן די פאַרבאָרגנסטע סתּירות, אונטערצושיידן די סאַמע דינסטע דעפיניציעס און אַזוי ווייטער· אָבער היות די פּרינציפּן גופא האָבן בלויז אַן איינגעבילדעטע רעאַליטעט[1], קען זיך בכן בשום אופן ניט באַפרידיקן מיט זיי די נשמה, וואָס געלוסט צו אמתע וויסנשאַפטן.

על כּן האָב איך גענומען זוכן עפּעס, וואָס זאָל קענען אויספילן מיין גייסטיקן מאַנגל. איך האָב אפילו געוואוסט, אַז עס עקסיסטירט אַ אַזויגערופענע וויסנשאַפט, וואָס איז געווען זייער פּאָפּולער ביי די געלערנטע יידן אין דער דאָזיקער געגענט; דאָס איז די חכמת הקבלה, וואָס דורך איר קען מען ניט בלויז באַפרידיקן די שטרעבונגען צו וויסנשאַפטן, נאָר מ׳קען אויך קו־מען צו תּכלית השלימות[2] און דערנעענטערן זיך צו גאָט.

איז דעריבער נאַטירלעך, אַז איך האָב געבּרענט פון חשק צו דערגיין דידאָזיקע וויסנשאַפט. אָבער היות מ׳האָט דידאָזיקע וויסנשאַפט, מחמת איר הייליקייט, ניט געלערנט אָפן אין די בּתּי־מדרשים, נאָר געהיים מיט יחידי סגולה, האָב איך ניט געוואוסט, וואו אויסצוזוכן די מענטשן, וואָס גיבן זיך אָפּ מיט קבלה, און די ספרים וועגן איר.

---

[1]) ד. ה. די פּרינציפּן זיינען אין עצם ניטווירקלעך, עקסיסטירן בלויז אין אונזער פאַנטאַזיע. דער איבערז.

[2]) פולשטענדיקע פולקומענשאַפט. דער איבערז.

# פערצנטער קאַפּיטל.

## איך לערן חכמת הקבלה און ווער צום סוף גאָר אַ דאָקטאָר.

קבלה — אויב צו ריידן אויספירלעכער וועגן דער דאָזיקער געטלעכער וויסנשאַפט — באַטייט אין איר ברייטערן זין דאָס זעלביקע וואָס „מסורה", איבערגעבונג, טראַדיציע. די קבלה נעמט אַרום ניט בלויז די „חכמה נסתרה" (געהיימע וויסנשאַפט), וואָס מ'טאָר ניט לערנען עפנטלעך, נאָר אויך די מעטאָדע, ווי אַרויסצודרינגען נייע געזעצן פון די געזעצן, וואָס זיינען פאַרפיקסירט אין די כתבי הקודש, ווי אויך אייניקע פונדאַמענטאַלע געזעצן, וואָס זיינען איבערגעגעבן געוואָרן בעל־פּה צו משהן אויפן באַרג סיני. אין ענגערן זין אָבער פונם וואָרט הייסט קבלה בלויז די טראַדיציע פון די געהיימע וויסנשאַפטן.

דידאָזיקע וויסנשאַפט ווערט אײַנגעטיילט אין „טעאָרעטישער" און „פּראַקטישער" קבלה. די טעאָרעטישע קבלה נעמט אַרום די לערע וועגן דעם מהות פון גאָט, וועגן זיינע „מידות" (אַטריבוטן, אייגנשאַפטן), וואָס ווערן אָנגעוואונקען אין זיינע פאַרשיידענע נעמען („שמות"), וועגן דעם אויפקום פון דער וועלט דורך אַ מדרגותווייזער באַגרעניצונג פון זיין אומענדלעכער שלימות (פולקומענשאַפט) און וועגן דער פאַרהעלטעניש פון אַלע זאַכן אינם וועלטאַל צו זיין העכסטן וועזן. די פּראַקטישע קבלה איז די לערע, ווי צו באַנוצן זיך למעשה מיט די שמות הקדושים (גאָטס נעמען), וואָס שטעלן מיט זיך פאָר די באַזונדערע אופנים פון

ווירקונג אויף די געגנשטאַנדן פון דער נאַטור און די באַזונדערע באַציִונגען צו זיי, — ד. ה. ווי מיט דער הילף פון דידאָזיקע „שמות“ צו ווירקן אויף די געגנשטאַנדן פון דער נאַטור צו איי־גענע צוועקן. דידאָזיקע שמות הקדושים זיינען ניט גלאַט נעמען, נאָר זיי ווערן באַטראַכט ווי נאַטירלעכע צייכנס און סימ־באָלן, אזוי, אַז אַ'ך, וואָס עס ווערט געמאַכט מיט דער הילף פון דידאָזיקע צייכנס, מוז האָבן אַ ווירקונג אויף די געגנשטאַנדן, וואָס זי סימבאָליזירן מיט זיך.

תּחילת איז די קבלה, משמעות, געווען נישט אַנדערש ווי פסיכאָלאָגיע, פיזיק, מאָראַל, פּאָליטיק וכדומה, וואָס זיינען דורך סימבאָלן און היעראָגליפן פאָרגעשטעלט געווען אין פאַבלען און אַלעגאָריעס, און די געהיימע כּוונה פון דידאָזיקע פאַבלען און היעראָגליפן האָט מען מגלה געווען בלויז יחידי סגולה, וואָס זיינען מסוגל געווען זיי צו פאַרשטיין. אין משך פון דער צייט איז די געהיימע כּוונה זייערע, אפשר מחמת געוויסע איבערקערע־נישן, פאַרגעסן געוואָרן און עס זיינען פאַרבליבן בלויז די צייכנס און די סימבאָלן, וואָס זיינען אָנגענומען געוואָרן אָנשטאָט די זאַכן, וואָס זיי האָבן מיט זיך באַצייכנט. אָבער אַזוי ווי מ'האָט לייכט געקאָנט באַמערקן, אַז אין די דאָזיקע צייכנס איז זיכער באַהאַלטן עפּעס אַ זין, וואָס איז שוין לאַנג פאַרלאָרן געגאַנגען, האָט מען געגעבן דער פאַנטאַזיע די פולע פרייהייט אויסצוגעפינען דעם דאָזיקן געהיימען זין און זוכן ביי כּוונות און רמזים. מ'האָט אָנגענומען די ווייטסטע אַנאַלאָגיעס צווישן צייכנס און געגנ־שטאַנדן, ביז די קבלה איז סוף־כל־סוף פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ קונסט שגָעונדיק צו שפּילן זיך מיטן שכל אָדער אין אַ סיסטעמאַטישער וויסנשאַפט, וואָס איז געגרינדעט אויף פאַנטאַ־סטישע קאָמבינאַציעס. דער פילצוואָגנדיקער צוועק פון דער קבלה צו ווירקן מיטן אייגענעם רצון אויף דער גאַנצער נאַטור, איר הויך־פּאָעטישער און פייערלעכער סטיל — מאַכן, נאַטירלעך, אַן אויסטערלישע ווירקונג אויף מענטשן מיט אַ גרויסן כּוח הדמיון, וואָס זייער שכל איז ניט באַלויכטן געוואָרן דורך וויסנשאַפטן און דורך אַ גרינדלעכער פילאָסאָפיע.

דער הויפט־מקור אויף צום שטודירן די קבלה איז דער „זוהר", וואָס איז געשריבן אין זייער אַ דערהויבענעם סטיל אין דער סירישער שפּראַך. אַלע אַנדערע ספרי־קבלה דאַרף מען באַטראַכטן בלויז ווי פּירושים צום „זוהר" אָדער ווי לקוטים פון איס.

עס זיינען דאָ צוויי הויפּט־שיטות אין קבלה: די שיטה פון ר׳ משה קאָרדאָווערא[1]) און די שיטה פון ר׳ יצחק לוריא (דער אר״י[2])). ר׳ משה איז מער רעאַליסט, ד. ה. ער איז נעענטער צום שכל, איידער דער אר״י. פאַרקערט, דער אר״י איז מער פאַרמעל, ד. ה. פולשטענדיקער אין דער פאָרם, אינם בוי פון זיין סיסטעם, איידער קאָרדאָווערא. די ביידע מקובלים גיבן אָפּ די בכורה גראָד דעם אר״י, ווייל זיי האַלטן פאַר עכטער קבלה בלויז דאָס, וואו עס איז ניטאָ קיין שכלדיקער זין. דאָס הויפּטווערק פון ר׳ משה קאָרדאָווערא איז דער „פַּרְדֵס רִמּוֹנִים" (פּאַראַדיז פון מילגרוימען אָדער דער גן־עדן). פון ר׳ יצחק לוריא זיינען פאַרבליבן בלויז אייניקע ניט פאַרענדיקטע

---

1) ר׳ משה קאָרדאָווערא (1522—1570) — איינער פון די גרעסטע מקובלים, גרינדער פון אַ נייער, וויסנשאַפטלעך־פילאָסאָפישער שיטה אין קבלה, מחבר פון „פַּרְדֵס רמונים", „תּוֹמֶר דְבוֹרָה" (טייטלבוים פון דבורה), „אוֹר נֶעֱרָב" (געמישטע ליכט) א. אַ. דער איבערז.

2) ר׳ יצחק ב״ר שלמה הלוי לוריא אשכנזי (געב. אין ירושלים אין י. 1534 און געשט. אין צפת אין י. 1572)—איינער פון די געציאַלסטע מקובלים פון אַלע צייטן און איינער פון די געציילטע אייבערמענטשן, וואָס זיינען ווען עס איז געווען אויף דער וועלט. מ׳האָט געגלויבט, אַז ער איז משיח בן יוסף (משיח בן אפרים). אין אים האָבן זיך פאַראייניקט דער טיפסטער מיסטיציזם און די משיחישע חלומות פון ר׳ אברהם אבולאפיא פון סאַראַגאָסאַ (1240—1290) און פון ר׳ שלמה מולכו (1501—1532), און ער האָט, פונקט ווי זיי, געוואָלט דערנעענטערן די גאולה אויף דער וועלט. באַרימט אונטערן נאָמען דער אר״י (ראשי תיבות: אשכנזי ר׳ יצחק), אויך אר״י הקדוש. דער איבערז.

ספרים. אָבער זיין תלמיד, ר׳ חיים וויטאַל[1], האָט אָנגעשריבן אַ גרויס ווערק „עץ חיים" (דער בוים פון לעבן), וואו ער האָט איבערגעגעבן די גאַנצע שיטה פון זיין רבין. דער דאָזיקער ספר איז ביי יידן אַזוי הייליק, אַז זיי דערלויבן אים ניט צו דרוקן[2]. נאַטירלעך, איז מיר בעסער געפעלן די שיטה פון ר׳ משה קאָרדאָווערא איידער די לערע פון ר׳ יצחק לוריא, אָבער איך האָב ניט געטאָרט אַרויסזאָגן מיין מיינונג וועגן דעם.

נאָך דער דאָזיקער אָפּווייכונג וועגן קבלה בכלל, קער איך מיך אום צוריק צו מיין געשיכטע.

איך האָב מיך דערוואוסט, אַז דער אָרטיקער מגיד איז אַן אָנהענגער פון קבלה, האָב איך געזוכט מיט אים באַקאַנט צו ווערן, בכדי צו דערגרייכן מיין ציל, און האָב מיר אויסגעקליבן אין שול אַן אָרט לעבן אים. איך האָב באַמערקט, אַז נאָכן דאַווענען לייענט ער שטענדיק אַ קליין ספר און נאָכדעם באַהאַלט ער עס פון מענטשנס אויג אין זיין שטענדער,—בין איך אויסגעגאַנגען צו וויסן, וואָס קען עס זיין פאַר אַ ספרל?

בכן איז נאָכדעם ווי דער מגיד איז אַוועקגעגאַנגען אַהיים, בין איך צו און אַרויסגענומען דאָס ספר פונם שטענדער, וואו יענער האָט עס געהאַט באַהאַלטן, און אַז איך האָב עס געעפנט און דערזען, אַז דאָס איז אַ קבלה-ספר, האָב איך עס גענומען צו זיך, באַהאַלטן זיך דערמיט אין אַ ווינקעלע אין שול ביז דער גאַנצער עולם איז אַוועקגעגאַנגען און מ׳האָט די שול פאַרשלאָסן. יעמאָלט בין איך אַרויסגעקראָכן פון מיין באַהעלטעניש און

---

[1]) ר׳ חיים ב״ר יוסף וויטאַל פון קאַלאַבריא (1543—1620)— אויסערגעוויינלעכער בעל דמיון, אויך אייבערמענטש, באַגייסטערטער תלמיד פון דעם אר״י, אויסטייטשער און פאַרשפּרייטער פון זיין לערע, — געזוכט ראיות פאַרן אמת פונם ארי״ס שיטה ביים גריכישן פילאָסאָף פּיטאַגאָראָס (געב. 570 פאַר איר. צ״ר), מחבר פון „עץ חיים" (בוים פון לעבן), „הגלגולים" א. א.

דער איבערז.

[2]) שפּעטער איז דער „עץ חיים" דאָך אָפּגעדרוקט געוואָרן אין גמרא-פאָרמאַט. דער איבערז.

האָב אין מיין ליבן ספר געלייענט בהתמדה אַזוי לאַנג, ביז דער שמש האָט געעפנט די שול צו מנחה דאַווענען. ערשט דאַן האָב איך מיר דערמאָנט, אַז איך האָב אַ גאַנצן טאָג גאָרנישט געגעסן און גאָרנישט געטרונקען.

דער דאָזיקער ספר האָט געהייסן „שערי קדושה" (די טויערן פון הייליקייט) און, אַראָפּרעכענענדיק אַלע פאַנטאַסטישע און אָבערגלויבערישע מעשיות, האָט ער אַרומגענומען בקיצור די הויפּט-לערע פון פסיכאָלאָגיע. איך האָב מיך דאָ נוהג געווען, ווי די חכמי התלמוד האָבן געזאָגט וועגן ר׳ מאיר ן, וואָס האָט געלערנט ביי אַ הערעטיקער[1]: „ער (ר׳ מאיר) האָט געפונען אַ מילגרוים, האָט אויפגעגעסן די פרוכט און דעם שאָלעכץ האָט ער אַוועקגעוואָרפן".

עטלעכע טעג האָב איך פאַרבראַכט אויף אַזאַ אופן און האָב דורכגעלערנט דעם גאַנצן ספר. אָבער אָנשטאָט צו שטילן מיין דאָרשט נאָך וויסן, האָט דאָס נאָך מער צערייצט אים. איך האָב געגלוסט צו לייענען נאָך עטלעכע ספרים מיט אַזאַ אינהאַלט.

איך בין אָבער געווען צו שעמעוודיק צו ריידן וועגן דעם מיטן מגיד, בכן האָב איך באַשלאָסן צו שרייבן צו אים אַ בריוו; איך האָב אים אַרויסגעזאָגט מיין אומבאַיישטיילעכע תשוקה צו דער דאָזיקער הייליקער וויסנשאַפט און אים שטאַרק געבעטן, ער זאָל מיך שטיצן מיט קבלה-ספרים.

איך האָב דערהאַלטן פונם מגיד זייער אַ גינציקן ענטפער. ער האָט געלויבט מיין תשוקה צו חכמת הנסתר און האָט מיך פאַרזיכערט, אַז מיין תשוקה אין אַזעלכע שווערע באַדינגונגען איז אַ סימן מובהק, אַז דער שורש פון מיין נשמה איז פון „עולם האצילות" (וועלט, וואָס שטאַמט פונם אוממיטלבאַרן געטלעכן

---

[1]) דער באַרימטער תנא אלישע בן אבויה, וואָס איז אין דער צייט פון בר-כוכבאס קאַטאַסטראָפע פון גרויס צער אַרויס לתרבות רעה און די תנאים האָבן אים אַ נאָמען געגעבן „אחר" (אַן אַנדערער, אַ פרעמדער). ער האָט ביים טויט תשובה געטאָן. דער איבערז.

מקור), בעת די נשמות פון די פשוטע למדנים שטאַמען פון „עולם היצירה״ (פון דער באַשאַפענער אָפּענער וועלט). דעריבער האָט ער מיר מבטיח געווען צו אונטערשטיצן מיך מיט ספרים ווי ווייט אים וועט נאָר מעגלעך זיין. אָבער אַזוי ווי ער אַליין האָט זיך שטענדיק באַשעפטיקט מיט קבלה און זיינע ספרים זיינען אים בייטיק געווען אַלע ווילע, האָט ער מיר זיי ניט געקאָנט לייען, אָבער ער האָט מיר דערלויבט צו קומען צו אים אין הויז און לייענען זיינע ספרים וויפיל מיין האַרץ געלוסט.

ווער איז געווען נאָך גליקלעכער פון מיר? איך האָב מיט דאַנקבאַרקייט אָנגענומען דעם דאָזיקן פאָרשלאָג פונם מגיד. איך בין כמעט ניט אַרויסגעגאַנגען פון זיין הויז און געזעסן יומם ולילה איבער די קבלה־ספרים.

מיינע שטענדיקע באַזוכן האָבן אָבער דעם מגיד זייער גע־שטערט. ער האָט מיט אַ קורצער צייט צוריק חתונה געהאַט מיט זייער אַ שיינער יונגער פרוי, און אַזוי ווי זיין אָרעמע וואוינונג איז באַשטאַנען פון איין איינציקן צימער, וואָס האָט אין איינער און דערזעלביקער צייט געדינט הן פאַר אַן עסצימער, הן פאַר אַ שטודירצימער, הן פאַר אַ שלאָפצימער, און וואו איך האָב פאַרבראַכט אין לערנען קבלה גאַנצע נעכט דורך, — פלעגט מיין „התפשטות הגשמיות״ (דאָס אויסטאָן זיך פון חומר, פון ערדישע תענוגים) ניט זעלטן זיין אַ שטער פאַר דעם מגידס גשמיות.

דער מגיד האָט דעריבער אָנגעהויבן זוכן תחבולות, ווי אויף אַן איידעלן אופן פטור צו ווערן פונם אָנפאַנגענדיקן מקובל, און ער האָט מיר איינמאָל געזאָגט:

— איך באַמערק, אַז אייך קומט אויס זייער שווער איבער די ספרים צו פאַרברענגען אייער צייט שטענדיק אויסער אייער הויז. קען איך אייך דעריבער דערלויבן צו נעמען צו איינצלנע ספרים צו זיך אַהיים, בכדי איר זאָלט קענען לערנען זיי ביי זיך ווי אייך באַקוועמער איז.

דאָ איז, פאַרשטייט זיך, מיר געווען זייער אָנגענעם. איך האָב דעריבער גענומען ביים מגיד ספרים אויף אַהיים איינעם נאָכן אַנדערן און זיי געלערנט בהתמדה אַזוי לאַנג, ביז איך האָב

גענומען גלויבן, אַז איך קען שוין גוט גאַנץ חכמת הקבלה. איך האָב מיך ניט באַפרידיקט בלויז מיטן דערקענען אירע פּרינציפּן און פאַרשיידנאַרטיקע שיטות, נאָר געזוכט אויך אויסצונוצן זיי אויף אַ געהעריקן אופן. עס איז ניט געווען קיין איין שטעל אין תנ״ך אָדער אין תלמוד, וואָס איך זאָל ניט קענען מיט דער גרעסטער געשיקטקייט אויפן גרונד פון די קבלה־פּרינציפּן, וואָס איך האָב געוואוסט, אַרויסוויקלען איר געהיימען זין.

דערין האָט מיר אַ סך מיטגעהאָלפן אַ ספר „שערי אורה״ (די טויערן פון ליכט). אין דעם דאָזיקן ספר ווערן אויסגערעכנט די פאַרשיידנאַרטיקע נעמען („שֵׁמוֹת״) פון איטלעכער פון די צען „ספירות״[1] (דידאָזיקע צען ספירות זיינען אייגנטלעך דער הויפּט־געגנשטאַנד פון קבלה), אַזוי, אַז יעדע פון די „עשר ספירות״ האָט הונדערט אָדער מער נעמען, וואָס באַטייטן פאַרשיידנאַרטיקע פונקציעס און ווירקונגען אינם וועלטאַל. אויף אַזאַ אופן האָבן

---

[1]) „ספירות״ — ספערן, קרייזן. דאָס גאַנצע וועלטאַל, לויט דער קבלה, און די אָרדענונגען פון דער נאַטור עמאַנירן, פליסן אַרויס פון דער סיבה ראשונה (ערשטע אורזאַך אָדער אורזאַך פון אַלע אורזאַכן — גאָט) דורך צען שטופנאַרטיקע, קאָנצענטרירטע ליכט־ספערן: דריי ספערן פון שֵׂכל, דריי — פון רֶגֶש (געפיל) און פיר פון דער נאַטור. די אַלע צען ספירות צוזאַמען רופן זיך „עולם האצילות״ (איידלסטע וועלט, וואָס פליסט אַרויס דירעקט פונם געטלעכן מקור). דידאָזיקע לערע רופט זיך עמאַנאַציע (אַרויספליסונג, אַרויסשטראָמונג) און איז אָנגענומען ביי די נעאָפּלאַטאָניקער און גנאָסטיקער, וואָס לויט זייער לערע איז די וועלט אַן עמאַנאַציע, אַן אַרויס־פליסונג פון דער גאָטהייט, וואָס בלייבט אומפאַרענדערט. די וועלטן, וואָס זיינען וואָס נעענטער צום מקור, זיינען אַלץ פולקומער; די וועלטן אָבער, וואָס זיינען וואָס ווייטער פון אים, זיינען אַלץ גרעבער. אונזער וועלט איז די אומפולקומ־סטע. דידאָזיקע טעאָריע איז אין גאַנצן קעגנזאַץ צו דער טעאָריע פון עוואָ־לוציע, לויט וועלכער עס גייט אין דער נאַטור אַ פּראָצעס פון אייביקער אַנטוויקלונג צו אַלץ ווייטערדיקערע מדרגות פון פולקומענהייט.

דער איבערז.

איך אין יעדן וואָרט פון אַ פּסוק אין תנ״ך אָדער פון אַ מאמר התּלמוד לייכט געקענט געפינען דעם נאָמען פון אַ וועלכער עס איז „ספירה״ און דערקלערן דעם גאַנצן פּסוק אָדער דעם גאַנצן מאמר אויפן דרך פון סוד. היות איך האָב איצט גע־וואוסט די אייגנשאַפט פון יעדער איינצלנער ספירה און איר פאַרהעלטעניש צו די איבעריקע ספירות, האָב איך פון דער קאָמ־בינאַציע פון די נעמען (צֵרוּפֵי שֵׁמוֹת) לייכט געקענט אַרויסדריי־גען די ווירקונג פון אַלע ספירות צוזאַמען.

איך וועל דאָס דערקלערן מיט אַ קורצן ביישפּיל: איך האָב געפונען אינעם דערמאָנטן ספר „שערי אורה״, אַז דער „שֵׁם הַוָיָ״ה[1]) שטעלט פאָר די העכסטע זעקס ספירות און איז מרמז אויפן מענלעכן, אַקטיוון, יסוד פון דער גאָטהייט; דאָס וואָרט „כֹּה״ באַטייט די „שכינה״, דעם ווייבלעכן, פּאַסיוון, יסוד פון דער גאָטהייט, און דאָס וואָרט „אָמַר״ ווייזט אויף דער פאַרבינדונג פוןביידע יסודות. בכן איז ביי מיר אויסגעקומען, אַז דער פּירוש פון די ווערטער „כה אמר ה׳״ איז: ה׳ פאַרבינדט זיך מיט דער שכינה, און דער דאָזיקער פּירוש איז עכט מקובּליש. און אַזוי האָב איך איינגעטייטשט אַ סך פּסוקים פון תנ״ך, ביז איך האָב לגמרי פאַרגעסן זייער פּשוטן פּשט. אָבער ווער קען איינהאַלטן דעם אומזיניקן פלי פון דער איינבילדונגס־קראַפט, וואָס ווערט ניט געפירט דורך דעם געזונטן ריינעם פאַרשטאַנד?

מיט דער פּראַקטישער קבלה האָט מיר ניט אַזוי געגליקט ווי מיט דער טעאָרעטישער.

דער מגיד האָט זיך, אמת, ניט באַרימט עפנטלעך, אָבער איטלעכן באַזונדער האָט ער בסוד פאַרטרויט, אַז ער איז אַ גרויסער מייסטער אין דער פּראַקטישער קבלה, אַז באַזונדערס ווייס ער די סגולה צו ווערן אַ רוֹאֶה וְאֵינוֹ נִרְאֶה (אַלץ צו זען און אַליין פון קיין אַנדערן ניט צו ווערן געזען).

איך האָב באַזונדערס גרויס חשק געהאַט צו דער דאָזיקער

---

[1]) „שם הויה״ — דער אייגנטלעכער נאָמען פון גאָט, וואָס באַטייט: געווען, איז און וועט זיין. דער איבערז.

קונסט, כּדי אומבּאַשטראָפט צו קענען אויף געוויסע אופנים מוט=
ווילי‏ק אָפּחוזקן פון מיינע חברים, אַזעלכע יונגעלייט ווי איך. איך
האָב שוין אַפילו געבּויט אַ פּלאַן, ווי אַזוי מיט דער דאָזיקער
תחבולה פון אַ רואה ואינו נראה צו קענען האַלטן אין צוים מיין
בּייזע שוויגער. דעריבּער האָבּ איך דעם מגיד געבּעטן רחמים, ער
זאָל מיר מגלה זיין דעם דאָזיקן סוד. איך האָב אים געזאָגט, אַז
מיין כּוונה איז צו טאָן דערמיט גוטס און צו פּאַרהיטן פון
שלעכטס. דער מגיד האָט מסכּים געווען, ער האָט אָבער צוגע=
געבּן, אַז עס פאָדערט זיך פון מיר צו מאַכן אַ פריער דערצו
אייניקע הכנות. דריי טעג נאָכאַנאַנד האָב איך געמוזט פּאַסטן און
יעדן טאָג מאַכן אייניקע ִיחודים. דאָס זיינען מקובּלישע
תפילות — פאָרמולעס, וואָס זייער געהיימער זין האָט דעם צוועק
אַרויסצורופן אין דער אינטעלעקטועלער וועלט (אין „עולם האצילות")
פאַרבּינדונגען צווישן דעם אַקטיוון און דעם פּאַסיוון
יסוד, בּכדי עס זאָלן דורכדעם דערגרייכט ווערן געוויסע ווירקונ=
גען אין דער פיזישער וועלט (אין „עולם הָעֲשִׂיָה").

איך האָב דידאָזיקע אַלע הכנות דורכגעפירט מיט פרייד,
געמאַכט מיטן „שֵם" די בּאַשווערונגען (הַשבּעות), וואָס ער האָט
מיך געהאַט אויסגעלערנט, און געגלויבּט בּאמונה שלמה, אַז איך
בּין שוין אַ רואה ואינו נראה. תּיכּף בּין איך אַוועק אין בּית=
המדרש, צוגעגאַנגען צו איינעם פון מיינע חברים און אים דער=
לאַנגט אַ געזונטן פּאַטש. ער איז אָבער געווען ניט פויל און מיר
געענטפערט מיט פראָצענט. איך בּין נשתּומם געוואָרן און ניט
געקענט פאַרשטיין, ווי אַזוי דער דאָזיקער האָט מיך געקאָנט
זען, נאָכדעם ווי איך האָב פּינקטלעך מקיים געווען אַלץ, וואָס
דער מגיד האָט מיר געהייסן? אָבער איך האָב אַ קלער געטאָן,
אַז אפשר האָב איך, קעגן מיין ווי‏סן און קעגן מיין ווילן, עפּעס
דורכגעלאָזן. דעריבּער האָב איך בּאַשלאָסן צו פּרוּוון מיין כּוח נאָך
אַמאָל, אָבער שוין ניט געטראַכט מער וועגן איבּערהזרן די פּראָ=
בּע מיט אַ פּאַטש. איך בּין נאָר אַוועק אין בּית=מדרש בּלויז
ווי אַ צושויער צו אָבּסערווירן מיינע חברים, בּכדי צו איבּער=
צייגן זיך, צי זיי זעען מיך. אָבער ווי נאָר מיין פוס האָט אַרי=

בערגעטראָטן די שוועל פון בית־מדרש, איז צו צו מיר איינער פון מיינע חברים און געבעטן מיך דערקלערן אים אַ שווערע שטעל אין תּלמוד. איך בין געשטאַנען אינגאַנצן דערשלאָגן און אומגעטרייסט איבער מיינע חרוב־געוואָרענע האָפענונגען.

איך בין אַוועק צום מגיד און אים מודיע געווען וועגן מיינע דורכגעפאַלענע נסיונות. ער איז אַפילו ניט רויט געוואָרן פאַר בושה און האָט מיר געענטפערט גאַנץ דרייסט:

— אויב איר האָט אָפּגעהיט אַלץ, וואָס איך האָב אייך געהייסן, דאַן ווייס איך דאָס אַנדערש ניט צו דערקלערן, ווי נאָר אַז איר זייט ניט מסוגל צו באַפרייען זיך פון דער זיכטבאַרקייט פון אייער קערפּער.

בכן האָב איך מיט גרויס צער געמוזט אינגאַנצן רעזיגנירן פון דער האָפענונג צו ווערן אַ רואה ואינו נראה.

נאָך דער דאָזיקער צעשטערטער האָפענונג האָב איך באַלד באַקומען אַ נייע אַנטטוישונג. אין דער הקדמה צום ספר „רזיאל המלאך”, וואָס דער דאָזיקער מלאך האָט, לויט אַ לעגענדע, אים איבערגעגעבן צו אדם הראשון בעת ער איז אַרויסגעטריבן געוואָרן פון גן־עדן, האָב איך געפונען אַ פאַרזיכערונג, אַז דער, וואָס וועט דעם דאָזיקן ספר האַלטן אין זיין הויז, וועט זיין זיכער פון אַ שריפה. עס האָט אָבער לאַנג ניט געדויערט און ביי אַ שכן האָט אויסגעבראָכן אַ שריפה, וואָס האָט אַרומגענומען אויך מיין הויז און דערביי האָט דער „מלאך רזיאל” אַליין אויך געמוזט אינם פייערדיקן רייטוואָגן אויפשטייגן צום הימל.

די באַשעפטיקונג מיט דער קבלה־ליטעראַטור האָט מיך אי־בערגעלאָזן אומבאַפרידיקט, — האָב איך געזוכט אַריינצודרינגען אינם גייסט פון דער קבלה און צו אַנטפּלעקן אירע סודות. איך האָב באַמערקט, אַז דידאָזיקע גאַנצע ווויסנשאַפט, אויב זי פאַרדינט בכלל דעם דאָזיקן נאָמען, אַנטהאַלט אין זיך באמת גרויסע סודות—די סודות פון דער נאַטור איינגעהילט אין פאַבלען און אַלעגאָריעס. דאַן האָב איך אָנגעווענדט אַלע מיינע כוחות אויף אויסצוגעפינען דידאָזיקע סודות און אויף אַזאַ אופן צו דערהויבן

מיינע הוילע ליטעראַרישע קענטעניש‍ן צו אַ דערקענטעניש, געגרינדעט אויפן שכל.

איך האָב דאָס אָבער יעמאָלט געקאָנט אויספירן בלויז אויף זייער אַ אומפולשטענדיקן אופן, ווייל איך האָב נאָך איבערהויפט געהאַט זייער ווייניק באַגריפן פון וויסנשאַפטן. דאָך איז מיר דורך אייגענעם נאָכדענקען געלונגען אויפצודעקן אייניקע סודות פון דער נאַטור, וואָס זיינען טיף באַהאַלטן אין דער דאָזיקער „חכמת הנסתר" (געהיימע וויסנשאַפט). אַזוי האָב איך מיר, למשל, דערקלערט די ערשטע אינסטאַנץ[1], וואָס די מקובלים הייבן מיט איר געוויינלעך אָן זייער וויסנשאַפט.

דידאָזיקע אינסטאַנץ באַשטייט אין פאָלגנדיקן: איידער די וועלט איז באַשאַפן געוואָרן, האָט דאָס געטלעכע וועזן אַליין אויסגעפילט דעם גאַנצן אומענדלעכן רוים. איז אָבער געוועזן גאָטס ווילן אַ וועלט צו באַשאַפן, בכדי ער זאָל דערמיט אַנטפּלעקן זיינע מידות (אייגנשאַפטן, אַטריבוטן), וואָס באַציען זיך אויך אויף אַנדערע וועזנס אויסער אים. צו דעם דאָזיקן צוועק האָט ער זיך אַליין איינגעשרענקט (מצמצם געווען) אינם מיטלפונקט פון זיין פולקומענהייט, און היות דורך זיין זעלבסטאיינשרענקונג איז געבליבן אַ ליידיקער חָלָל אינם רוים פונם וועלטאַל, האָט ער פון דעם דאָזיקן מיטלפונקט זיינעם נאָכדעם אַרויסגעלאָזן צען קאָנצענטרירטע ליכטקרייזן (ווי אַ ראָד אין אַ ראָד), „ספירות" (ספערן), און פון דידאָזיקע „ספירות" זיינען צום סוף אַנטשטאַנען פאַרשיידנאַרטיקע פיגורן („פּרצופים", העכערע וועלטן-סיסטעמען) און וועלטן-גראַדאַציעס („מדרגות"), ביז עס איז געקומען צו דער לעצטער, נידעריקסטער מדרגה — צו דער איצטיקער גשמיותדיקער וועלט („עולם השָפָל" אָדער „עולם העֲשִיָה") — פיזישע וועלט).

איך האָב מיר בשום אופן ניט געקאָנט פאָרשטעלן, אַז דאָס אַלץ זאָל ווערן אָנגענומען אין בוכשטעבלעכן זין פון וואָרט, ווי

---

[1] די ערשטע אינסטאַנץ איז דער סוד פון „מעשה-בראשית", פון בריאַת עולם (באַשאַפונג פון דער וועלט). דער איבערז.

עס גלויבן כמעט אַלע מקובלים. פונקט אַזוי האָב איך מיר אויך ניט געקאָנט פאָרשטעלן, אַז פאַר בריאַת־עולם איז געווען אַ סדר פון צייטן. איך האָב גאָר געוואוסט פון מיין „מורה נבוכים"[1], אַז די צייט איז בלויז אַ מאָדיפיקאַציע (אַן עפּיזאָדישע אַבסטראַהירטע דערשיינונג) פון דער עקסיסטירנדיקער וועלט און זי, די צייט, קען בכן גאָרניט געדענקט ווערן אָן דער דאָזיקער וועלט.

איך האָב מיר ניט געקענט פאָרשטעלן, אַז גאָט זאָל אָנפילן אַ רוים, זאָל זיין אפילו אַן אומענדלעכן; אָדער אַז ער, אַן אומענדלעך פולקומער וועזן, זאָל איינשרענקען זיין אייגענע פולקומענהייט אויף אַ קרייזאַרטיקן אופן אין עפּעס אַ מיטלפונקט.

איך האָב געזוכט מיר צו דערקלערן דאָס אַלץ אויף פאָלגנדיקן אופן: גאָט איז אַבסאָלוט געווען נאָך פאַר בריאַת עולם, ניט לויט דעם סדר פון די צייטן, נאָר לויט זיין נויטווענדיקן וועזן, ווי אַ נויטווענדיקער באַדינג פון דער וועלט. גאָט איז די סיבה פון אַלע סיבות, און אַלע געגנשטאַנדן אויסער גאָט, פונקט ווי לויט זייער מהות, אַזוי אויך לויט זייער מציאות (עקסיסטענץ), הענגען אָפּ פון אים, ווי פון דער אַלערערשטער סיבה. על־כן האָט די וועלט ניט געקאָנט באַשאַפן ווערן פון גאָרנישט (יֵש מאַיִן), אויך ניט פון אַ אורשטאָף, וואָס איז אומאָפּהענגיק פון גאָט. די באַשאַפונג פון דער וועלט קען געדענקט ווערן נאָר ווי אַ פּראָדוקט פון זיך אַליין, דאָס הייסט אַרויסגעפלאָסן פון דער ערשטער סיבה. און היות די עקסיסטירנדיקע געגנשטאַנדן זיינען ניט גלייך איינער צום אַנדערן, נאָר אונטערשיידן זיך איינע פון די אַנדערע לויט פאַרשיידענע מדרגות פון פולקומענהייט,—בכן, כדי צו דערקלערן דעם אופן פון זייער אויפקום, מוזן מיר זיך פאָרשטעלן, אַז דאָס געטלעכע וועזן האָט זיך מצמצם געווען, זיך איינגעשרענקט אויף פאַרשיידענע מדרגות פון זייער באַשאַפן ווערן. אָבער אַזוי ווי דידאָזיקע איינשרענקונג דאַרף גיין מדרגותווייז פונם אומענדלעכן וועזן ביז צו דער מאַטעריע, מוזן מיר

---

[1] „מורה נבוכים" (לערער פון די פאַרבלאָנדזשעטע) — דאָס וועלט־באַרימטע פילאָסאָפישע ווערק פון רמב"ם. דער איבערז.

זיך פאָרשטעלן דעם אָנהייב פון דער דאָזיקער איינשרענקונג פיגורלעך אינם צענטער (אינם נידעריקסטן פונקט) פונם אֵין-סוף פונם אומענדלעכן וועזן).

פּאַקטיש איז די קבלה ניט אַנדערש ווי אַ ווייטערדיקע אַנטוויקלונג פונם ספּינאָזיזם[1], וואו ניט בלויז די אַנטשטייונג פון דער וועלט בכלל ווערט דערקלערט דורך דער איינשרענקונג פונם געטלעכן וועזן, נאָר אויך דער אויפקום פון כל המינים וועזנס און זייער פאַרהעלטעניש צו אַלע איבעריקע ווערט אַרויסגעדרונגען פון אַ וועלכער ס'איז באַזונדערער אייגנשאַפט פון דער גאָטהייט. גאָט אַלס דער לעצטער סוביעקט (אַלס דאָס לעצטע וועזן, אַלס דאָס לעצטע „איך") און אַלס די לעצטע סיבה פון אַלע וועזנס — הייסט אֵין-סוף (דאָס אומענדלעכע, וואָס ווען מען באַטראַכט עס אָן און פאַר זיך, קען מען וועגן דעם גאָר נישט זאָגן). אין באַציִונג אָבער צו אומענדלעכע וועזנס[2] ווערן אים, דעם אין-סוף, צוגעגעבן פּאָזיטיווע אייגנשאַפטן, וואָס זייער צאָל באַגרענעצן די מקובלים מיט צען און וואָס ווערן אָנגערופן „עֶשֶׂר ספירות". אינם דערמאָנטן ספר „פרדס רימונים" פון ר' משה קאָרדאָוועראָ ווערט פונאַנדערגעקליבן די פראַגע, צי מ'דאַרף באַטראַכטן די „ספירות" ווי די עצם גאָטהייט אָדער ניט.

די „עשר ספירות" האָב איך מיר אויך דערקלערט אויף אַ פילאָסאָפישן אופן, אַז זיי באַטייטן די צען פרעדיקאַ-

---

[1]) ספּינאָזיזם — די לערע פון ברוך ספּינאָזאַ (געבאָרן אין אַמסטערדאַם אין יאָר 1632 און געשטאָרבן אין יאָר 1677). דער גרונדגעדאַנק פון דער דאָזיקער לערע איז פאָלגנדיקער: די סובסטאַנץ (דאָס וועזן) פונם וועלטאַל אַנטפּלעקט זיך אונז אין צוויי אַטריבוטן (אייגנשאַפטן): אויסשפּרייטונג און דענקען, אָדער מאַטעריע און גייסט. אַלע זאַכן, אַלע אידעען זייִנען אופנים פונם זייִן פון דער דאָזיקער איינציקער, אייביקער, אומענדלעכער סובסטאַנץ. באַטור און גאָט זייִנען איינס. דידאָזיקע לערע הייסט אויך פּאַנטעיִזם.

[2]) צייט און רוים קענען באַטראַכט ווערן ווי אומענדלעכע וועזנס.

דער איבערז.

מ ע נ ט ן[1]) פון אריסטאָטלעס, וואָס איך האָב זיי שוין געוואוסט פונם „מורה נבוכים", — די אַלגעמיינסטע אייגנשאַפטן פון עצמס (געגנשטאַנדן, וועזנס), וואָס אָן זיי, אָן די אייגנשאַפטן, איז גאָר ניט מעגלעך פאָרצושטעלן זיך קיין שום זאַך.

די קאַטעגאָריעס, אָדער די גרונדבאַגריפן, אינם שטרענגסטן קריטישן זין, זייַנען די לאָגישע פאָרמען, וואָס באַציען זיך בכלל ניט בלויז צו אַ ל אָ ג י ש ן אָביעקט (געגנשטאַנד), נאָר אויך צו אַ ר ע אַ ל ן, און וואָס אָן זיי, אָן די לאָגישע פאָרמען, איז גאָר ניט מעגלעך וועגן קיין שום זאַך צו דענקן. בכן זייַנען די קאַ-טעגאָריעס אָדער די לאָגישע פאָרמען אין יסוד, אין פּאָטענץ פונם סוביעקט (פונם „איך"), אָבער בלויז דורך זייער באַציִונג צו אַ רעאַלן אָביעקט[2]) ווערן זיי אַ ענין פון באַוואוסטזיין. די-דאָזיקע קאַטעגאָריעס שטעלן דעריבער פאָר די „ספירות", וואָס כאָטש זיי קומען פונם אֵין-סוף, אָבער זייער רעאַליטעט ווערט אַנטפּלעקט בלויז דורך זייער באַזונדערע באַציִונג און ווירקונג אויף געגנשטאַנדן פון דער נאַטור.

אָבער מיט די דאָזיקע שכלדיקע דערקלערונגען האָב איך אויפגערייצט קעגן זיך די מקובלים. דען זיי באַהויפּטן, אַז די קבלה איז ניט קיין מענטשלעכע, נאָר אַ געטלעכע וויסנשאַפט, און אַז דעריבער איז עס פאַר איר אַ חילול הכבוד, ווען מ'וויל דערקלערן אירע סודות על-פי שכל און על-פי ידיעות הטבע.

---

[1]) פ ר ע ד י ק אַ מ ע נ ט ן — קאַטעגאָריעס — די אַלגעמיינסטע באַ-גריפס-פאָרמען, גרונדבאַגריפן אין לאָגיק און פילאָסאָפיע. די דאָזיקע גרונדבאַ-גריפן נעמען זיך פון אַלע געגנשטאַנדן פון דערפאַרונג און פון זיי ווערן שוין אַרויסגעדרונגען די איבעריקע באַגריפן. אַריסטאָטעלעס איז געווען דער באַגרינדער פון דער לערע וועגן קאַטעגאָריעס. ער האָט אָנגענומען צען קאַטעגאָריעס פון לאָגיק: סובסטאַנץ, קוואַנטיטעט, קוואַליטעט, רעלאַטיוויטעט, אָרט, צייט, לאַגע, האָבן, טאָן, ליידן.

ד ע ר א י ב ע ר ז.

[2]) דאָס הייסט ווען זיי גייען אַריבער מן הכוח אל הפועל, פון דער פּאָטענץ (פון דער מעגלעכקייט) צו דער קאָנקרעטער טאַט, — צו דער אַנטפּלע-קונג פון די כוחות.

ד ע ר א י ב ע ר ז.

בכן האָב איך געמוזט באַהאַלטן מיינע דערקלערונגען אין זיך. איך האָב געהאַט וועגן דעם אָנגעשריבן אַ גאַנץ ווערק און האָב עס נאָך מיטגעבראַכט מיט זיך קיין בערלין און עס איינגעהיט ביז איצט פאַר אַ זכר פונם שטרעבן פון דעם מענטש־לעכן גייסט צו פולקומענהייט, ניט געקוקט אויף אַלע מניעות, וואָס האָבן זיך אים געשטעלט אין זיין וועג.

אָבער מיין באַשעפטיקן זיך מיט קבלה האָט מיך אויך ניט באַפרידיקט. איך האָב געלעכצט צו דערקענען די וויסנשאַפטן ניט איינגעהילט אין פאַבלען, נאָר אין זייער נאַטירלעכן ליכט. איך האָב שוין, אמת, געהאַט אויסגעלערנט זיך לייענען דייטש, כאָטש ניט בשלימות, אָבער וואו האָב איך אין ליטע געזאָלט קריגן דייטשע ביכער?

צום גליק האָב איך מיך דערוואוסט, אַז דער רב אין דער שטאָט ס., וואָס האָט אין זיין יוגנט פאַרבראַכט אין דייטשלאַנד, וואו ער האָט אויסגעלערנט די דייטשע שפּראַך און איז איינ־קערמאַסן באַקאַנט געוואָרן מיט וויסנשאַפטן, גיט זיך נאָך עד היום אָפּ, הגם געהיים, מיט וויסנשאַפטן און האָט אַ גאַנץ היב־שע צאָל דייטשע ביכער.

איך האָב דעריבער באַשלאָסן צו מאַכן אַ נסיעה צו דעם דאָזיקן רב קיין ס., בכדי אויסצובעטן ביי אים אייניקע וויסנ־שאַפטלעכע ביכער. ניט זאָגנדיק מיינע בני־בית קיין וואָרט און אָן דער מינדסטער דאגה וועגן אַ פור און וועגן געלט אויף הוצאות הדרך, בין איך אין רעכטן מיטן ווינטער אַוועק קיין ס. (איך בין צו אַזעלכע נסיעות געווען גאַנץ גוט צוגעוווינט, — איינמאָל בין איך אַוועק קיין וו. דרייסיק מייל צו פוס מיטן איינציקן צוועק צו זען אַ העברעישן פילאָסאָפישן ספר פון צענטן יאָרהונדערט).

תיכּף ווי איך בין געקומען אין דער דאָזיקער שטאָט, בין איך אַוועק צום רב, אַרויסגעזאָגט אים מיין פאַרלאַנג און אים געבעטן רחמים, מיר ניט אָפּצוזאָגן. דער רב איז נשתומם געוואָרן דערפון, מחמת אין משך פון אײן און דרייסיק יאָר, זינט ער איז צוריקגעקומען פון דייטשלאַנד, איז צו אים נאָך קיין איין

מענטש ניט געקומען מיט אזא מין בקשה, און ער האט מיר צו־געזאגט צו לייען איניקע אלטע דייטשע ביכער. די בעסטע צווישן זיי זיינען געווען אן אלט ווערק וועגן אפטיק און שטורמס „פיזיק״.

איך האב ניט געהאט קיין ווערטער געגוג אויסצודריקן מיין דאנקבארקייט דעם דאזיקן מערקווירדיקן רב, האב גענומען די פאר ביכער און אומגעקערט זיך דערמיט מיט גרויס שמחה צוריק אהיים.

נאכדעם ווי איך האב דורכגעשטודירט די דאזיקע ביכער, האבן זיך מיר מיט אמאל געעפנט די אויגן. איך האב געגלויבט, אז איך האב שוין אין האנט דעם שליסל צו אלע סודות פון דער נאטור, מחמת איך האב שוין געוואוסט, פון וואס קומט א געווי־טער, טוי, רעגן א. אז. וו.

איך האב מיט גאווה געקוקט פון אויבן אראפ אויף אלע אנדערע, וואס האבן דאס נאך ניט געוואוסט, האב געלאכט פון זייערע פאראורטיילן און אבערגלויבנס און זיך אנגעבאטן קלאר צו מאכן זייערע באגריפן און צו באלייכטן זייער פארשטאנד.

אבער דאס האט זיך מיר ניט אומעטום איינגעגעבן. איך האב מיך איינמאל באמיט צו איבערצייגן איינעם א למדן, אז די ערד איז קיילעכדיק ווי א קויל און אז אויף דער אנדער העלפט ערדקויל פונקט קעגן אונזערע פיס לעבן אויך און גייען אום מענטשן. אבער דער .דאזיקער למדן האט מיר דערווידערט, אז אויף אזא אופן וואלטן יענע מענטשן אומבאדינגט געמוזט אראפ־פאלן.

איך האב אנגעווענדט מיין גאנצן כוח פון הסברה צו דער־ווייזן, אז דאס פאלן פון קערפערס קומט ניט פאר אין א געווי־סער ריכטונג אינם פוסטן רוים אריין, נאר אין דער ריכטונג צום צענטער פון דער ערד, און אז די באגריפן „אויבן״ — „אונטן״ באטייטן בלויז די דערווייטערונג און די דערנעענטערונג צום דאזיקן צענטער. ס׳האט קיין זאך ניט געהאלפן. דער למדן איז גע־בליבן ביי דאס זייניקע, אז דאס איז אן אומזין.

איינמאל בין איך געגאנגען מיט איניקע פריינד מיינע

שפאַצירן. גראָד איז אויף אונזער וועג געלעגן אַ ציג. איך האָב מיט מיין שטאָק דערלאַנגט דער ציג אייניקע קלעפּ. מיינע חברים האָבן מיר גענומען פאָרוואַרפן מיין אכזריות, אָבער איך האָב דערווידערט:

— וואו איז דאָ אכזריות? איר מיינט אין דער אמתן, אַז די ציג פילט אַ ווייטאָג, ווען איך שלאָג זי? איר האָט אַ גרויסן טעות. די ציג איז דאָך ניט מער ווי אַ מאַשין (לויט דער פיזיק פון שטורם, וואָס איז געגאַנגען אין דער שיטה פון קאַר־טעזיוס[1]).

מיינע פריינד האָבן זיך פונאַנדערגעלאַכט און געזאָגט:

— צי דען הערסטו ניט, אַז די ציג שרייט, ווען דו שלאָגסט זי?

דערויף האָב איך געענפערט:

— אמת, זי שרייט. אָבער ווען איר קלאַפּט אין אַ פּויק, שרייט זי אויך.

זיי זיינען פון מיין ענטפער נשתומם געוואָרן, און באַלד איז אין שטאָט צעגאַנגען אַ קלאַנג, אַז איך בין פון זינען אַראָפּ, היות איך באַהויפּט, אַז אַ ציג איז אַ פּויק.

פונם גוטן רב פון ס. האָב איך נאָכדעם באַקומען נאָך צוויי מעדיצינישע ביכער: קולמס „אַנאַטאָמישע טאַבעלן" און „גאַזיאָפילאַטיום" פון וואוּאַ. דאָס לעצטע איז אַ גרויס מעדי־ציניש ווערטערבוך, וואו עס ווערן איבערגעגעבן בקיצור ניט בלויז די דערקלערונגען פון אַלע טיילן פון מעדיצין, נאָר אויך די פאַרשיידנאַרטיקע אופנים און היילמיטלען. ביי יעדער קראַנק־הייט, למשל, אויסער די דערקלערונגען פון איר אורזאַך, פון אירע סימפּטאָמען און אופנים פון קוראַציע, ווערן נאָך געגעבן אפילו געהעריקע רעצעפּטן. דאָס איז פאַר מיר געווען אַן אמתער אוצר. איך האָב דורכגעשטודירט דאָס בוך און האָב געגלויבט,

---

[1]) רענאַטוס קאַרטעזיוס — לאַטיינישער פּסעוודאָנים פונם באַ־רימטן פראַנצויזישן מאַטעמאַטיקער, פיזיקער און פילאָסאָף רענע דעקאַרט (1596 — 1690). דער איבערז.

אַז איך קען שוין די גאַנצע מעדיצינישע וויסנשאַפט און אַז איך בין שוין אַ פולשטענדיקער דאָקטאָר.

איך האָב מיך אָבער ניט געוועלט באַגניגן בלויז מיט דער טעאָריע און האָב מיך אַנטשלאָסן צו נעמען זיך אויך צו דער פּראַקטיק. איך האָב באַזוכט פּאַציענטן, לויט די אומשטאַנדן און סימפּטאָמען באַשטימט אַלע קראַנקהייטן און זייערע סיבות, אַפילו פאַרשריבן די נייטיקע רעצעפּטן. עס זיינען אָבער דערביי פאָר־געקומען אויך ניט ווייניק קוריאָזן. ווי נאָר דער פּאַציענט פלעגט מיר זאָגן א י י נ י ק ע סימפּטאָמען פון זיין קראַנקהייט, פלעג איך נאָך־ויי־נאָך תּיכּף פּרוּוון שטעלן דעם דיאַגנאָז און מאַכן אויס־פירן, אַז דער חולה מוז האָבן אויך די א י ב ע ר י ק ע סימפּ־טאָמען, לויט איך האָב אויסגעלייענט אין די ביכער. און אַז דער חולה פלעגט זאָגן, אַז ער שפּירט ניט דידאָזיקע איבעריקע סימפּטאָמען, פלעג איך פאַרעקשנט בלייבן ביי דאָס מייניקע, אַז די סימפּטאָמען מוזן זיין. איך פלעג, למשל, זאָגן צום חולה:

— דו שפּירסט אויך אַ קאָפּווייטאָג?

— ניין.

— דו מוזט דאָך אָבער פאָרט שפּירן קאָפּווייטאָג!

אַזוי ווי אַ סך סימפּטאָמען זיינען אייגן און כאַראַקטערי־סטיש פאַר פאַרשיידנאַרטיקע קראַנקהייטן, האָב איך ניט זעלטן פאַרביטן די יוצרות. איך האָב קיינמאָל ניט געקענט געדענקען די רעצעפּטן, און דעריבער, ווען איך האָב געדאַרפט עפּעס פאַרשרייבן, האָב איך געמוזט גיין אַהיים נאָכזוכן אין מיין „גאַ־זאָפילאַטיום".

צום סוף האָב איך אָנגעהויבן אַליין צוגרייטן רפואות, לויט וואוּאַס רעצעפּטן. מ׳קען זיך פאָרשטעלן, וואָס דאָס זיינען געווען פאַר רפואות. דערפון איז אָבער דאָך אַרויסגעקומען אַ גוטער פועל־יוצא. דען איך האָב מיך איבערגעצייגט, אַז בכדי צו זיין אַ פּראַקטישער דאָקטאָר, פאָדערן זיך נאָך אַ סך מער ידיעות, ווי די, וואָס איך האָב יעמאָלט פאַרמאָגט.

---

# פופצנטער קאַפּיטל.

## איבערבליק איבער דער אַנטוויקלונג פון דער יידישער רעליגיע פון איר אָנהייב ביז צו די נייסטע צייטן.

בכדי עס זאָל פאַרשטענדלעך זיין דער טייל פון מיין לעבנסגעשיכטע, וואָס האָט אַ שייכות צו מיינע בליקן אויף דער רעליגיע, מוז איך אַפריער געבן אַ קורצע פּראַגמאַטישע געשיכטע פון דער יידישער רעליגיע, און קודם־כל זאָגן עטלעכע ווערטער וועגן דעם באַגריף רעליגיע בכלל און וועגן דעם חילוק צווישן דער נאַטירלעכער[1]) און דער פּאָזיטיווער[2]) רעליגיע בפרט.

רעליגיע בכלל איז אַן אויסדרוק פון די געפילן פון דאַנקבאַרקייט, יראת־הכבוד און אַזוי ווייטער, וואָס דער מענטש שפירט צו איין אומבאַקאַנטן כוח אָדער צו מערערע אומבאַקאַנטע כוחות, וואָס ווירקן לטובה אָדער לרעה אויף זיין לעבן. אויב

1) נאַטירלעכע רעליגיע הייסט די רעליגיע, וואָס דער פּשוטער שכל איז מחייב און איז מודה אין איר און וואָס מען רופט די „שכלדיקע מצוות“. דער איבערז.

2) פּאָזיטיווע רעליגיע הייסט די רעליגיע, וואָס איז איבערגעגעבן ווי אַ געטלעכע אַנטפּלעקונג און וואָס נעמט אַרום די „מצוות המעשיות“, די פּראַקטיש־אָבליגאַטאָרישע געבאָטן, וואָס דער פּשוטער שכל באַנעמט ניט זייער בייטיקייט און נוצלעכקייט. דער איבערז.

מ׳זאָל קוקן בלויז אויפן עצם אויסדרוק פון דידאָזיקע געפילן בכלל, ניט אַכטנדיק אויף די באַזונדערע אופנים, ווי דידאָזיקע געפילן ווערן אויסגעדריקט, — דאַן קען גאָר קיין ספק ניט זיין, אַז רעליגיע איז נאַטירלעך פאַרן מענטשן. דער מענטש באַמערקט אַרום זיך ווירקונגען, וואָס זיינען אים פערזענלעך נוגע, און די סיבות זייערע זיינען אים אומבאַקאַנט; ער ווייס אָבער, אַז קיין זאַך ווערט ניט געטאָן אָן אַ גרונד, אָן אַ סיבה, — בכן איז ער געצוואונגען זיך פאָרצושטעלן דידאָזיקע סיבות פון אַלץ און אויס־צודריקן זיי די דערמאָנטע געפילן.

דער דאָזיקער אויסדרוק קען זיין אויף צוויי אופנים: אָדער בהסכם מיטן דמיון אָדער מיטן שכל. לפי דעם כוח־הדמיון שטעלט זיך דער מענטש פאָר, אַז די סיבות זיינען אַנאַלאָגיש די ווירקונגען, און ער גיט צו די פאַרבאָרגענע כוחות, וואָס פאַראורזאַכן די פעולות, דיזעלביקע אייגנשאַפטן, וואָס אַנטפּלעקן זיך אין די ווירקונגען, אין די רעזולטאַטן; על פי שכל אָבער דענקט דער מענטש די געהיימע כוחות בלויז ווי בכלל סיבות פון געוויסע ווירקונגען, ניט וועלנדיק באַשטימען זייערע אייגנשאַפטן אָדער צוגעבן זיי אַ געשטאַלט. דידאָזיקעביידע אופנים ליגן אין דער מענטשלעכער נאַטור: אינם אומקולטורעלן צושטאַנד האָט זיך דער מענטש פאָרגעשטעלט די ערשטע סיבה אין אַ מגושם־דיקער פאָרם; דער פולקומער קולטור־מענטש אָבער שטעלט זיך פאָר זיין גאָט אויפן צווייטן אופן.

דער חילוק פון דידאָזיקע צוויי אופנים פון פאָרשטעלונג ברענגט אין רעזולטאַט צו אַן אַנדער אונטערשייד פון רעליגיעס. דער ערשטער אופן פון פאָרשטעלונג, וואָס לויט אים זיינען די סיבות ענלעך אויף די פעולות, האָט געשאַפן די פילגעטעריי אָדער דעם היידנטום. דער צווייטער אופן אָבער, דער אופן פון דענקען מיטן שכל, איז דער באַזיס פון דער אמתער רע־ליגיע. דען היות די אופנים פון די ווירקונגען זיינען פאַרשיידן, אונטערשיידן זיך איינער פון אַנדערן, דאַן מוזן דאָך די סיבות, ד. ה. די געטער, וואָס זיינען גורם די פעולות, אויך פאָרגע־שטעלט ווערן פאַרשיידן איינע פון דער אַנדערער. דענקט מען

אָבער, פאַרקערט, בהסכם מיטן אמת, אַז דער באַגריף פון סיבה דאַרף ניט דעפינירט ווערן לפי דעם כּוח־הדמיון, ד. ה. אַז די סיבה איז ניט ענלעך אויף די פּעולות, דען זי איז לחלוטין אומ־באַקאַנט,—דאַן איז ניטאָ קיין שום גרונד פאַרצושטעלן זיך מע־רערע סיבות, נאָר מ'דאַרף אָננעמען, אַז די סיבה פון אַלע ווירקונגען אינם וועלטאַל איז איינאיינציקער לחלוטין אומבאַקאַנטער עצם—די סיבת כל הסיבות (די איינציקע אורזאַך פון אַלע אור־זאַכן).

אַלע פאַרשיידענע פילאָסאָפישע שיטות פון דער טעאָלאָגיע זיינען ניט קיין אַנדער זאַך ווי נאָר בפרטיותדיקע אַנטוויקלונגען פון דידאָזיקע פאַרשיידענע אופנים פון פאָרשטעלונג. די אַ ט ע י־ס ט י ש ע שיטה פון דער טעאָלאָגיע, אויב מ'קען זי אַזוי אָנ־רופן, וואַרפט לגמרי אָפּ דעם באַגריף „סיבה ראשונה" (ערשטע אורזאַך)[1] (לויט דער ק ר י ט י ש ע ר שיטה[2]), איז דער דאָזיקער באַגריף אַ נויטווענדיקע אידעע פונם שכל און ווערט געברויכט לכל הפחות ווי אַ ר ע ג ו ל אַ ט י ו ו[3]) אין דער פילאָסאָפיע). אַלע

---

1) ב י י ק אַ נ ט ן : „העכסטער עצם". ד ע ר א י ב ע ר ז.

2) ק ר י ט י ש ע שיטה אָדער ק ר י ט י צ י ז ם הייסט באַזונדערס ק אַ נ ט ס פילאָסאָפיע, וואָס אונטערזוכט מיטן ריינעם שכל דעם שורש און דעם ערשטן אָפּשטאַם פונם עצם מענטשלעכן שכל, די מעגלעכקייטן זיינע צו דערקענטעניש זיין גילטיקייט (די מדרגה, ווי ווייט מ'קען זיך אויף אים, אויפן שכל, פאַרלאָזן), זיין געזעצמעסיקייט און זיינע גרענעצן. דער גרונד־געדאַנק פון קאַנטן איז, אַז דער מענטש דערקענט אַלץ כּוף־כּל־סוף אין גבול פונם מענטשלעכן באַוואוסטזיין; אַז מחמת דעם קען די גאַנצע פילאָסאָפיע, ווי בכלל די גאַנצע וויסנשאַפט, תמיד באַוועגן זיך נאָר אין דער ספערע פון מענטשלעכע געדאַנקען און פון מענטש־לעכע פאָרשטעלונגען און אונטער קיין שום אומשטאַנדן קען זי קיינמאָל ניט אַריבערטרעטן דעם גבול פון דער דאָזיקער ספערע. ד ע ר א י ב ע ר ז.

3) ר ע ג ו ל אַ ט י ו ו הייסט ביי קאַנטן אַ פּרינציפּ פונם שכל, וואָס ר ע ג ו ל י ר ט בלויז די באַטראַכטונג, דאָס דענקען און פירט צו דערקענ־טעניש, וואָס דאַרף אָבער ניט באַטראַכט ווערן ווי אַן אָביעקטיווער יֵש, אויך ניט ווי אַן אַלגעמיינע באַגריפס־פאָרם, וואָס נעמט אַרום אַלע געגנשטאַנדן פון

ווירקונגען זיינען, לויט דער דאָזיקער שיטה, פּועל־יוצאס פון באַזונדערע סיבות, באַקאַנטע אָדער אומבאַקאַנטע. קומט לפי דעם נאָך בכן אויס, אַז מ'דאַרף ניט אָננעמען, אַז עס עקסיסטירט אַ צוזאַמענהאַנג צווישן די פאַרשיידענע ווירקונגען, ווייל אויב אַנדערש—וואָלט מען דאָך ווידער נויטווענדיק געמוזט זוכן די סיבה פון דעם דאָזיקן צוזאַמענהאַנג ערגעץ מחוץ פון זיין גבול.

ספּינאָזעס סיסטעם, פאַרקערט, לערנט, אַז עס איז פאַראַן איין סובסטאַנץ (עֶצֶם), וואָס איז די דירעקטע סיבה פון אַלע פאַרשיידענע ווירקונגען, און די ווירקונגען ווידער דאַרפן באַטראַכט ווערן ווי אייגנשאַפטן פונם סוביעקט, פונם עצם.

מאַטעריע און גייסט זיינען ביי ספּינאָזען איינע און דיזעלביקע סובסטאַנץ, וואָס דערשיינט דאָ אין איין געשטאַלט, דאָ אין אַן אַנדערער. דידאָזיקע איינציקע סובסטאַנץ, איז, לויט ספּינאָזען, ניט בלויז דאָס איינציקע מעגלעכע זעלבשטענ־דיקע וועזן, אומאָפּהענגיק פון קיין שום אויסוויינקסטער סיבה, נאָר עקסיסטירט אויך איינציק און אַליין פאַר זיך. יעדע באַזונדערע ווירקונג אין דער נאַטור באַציט זיך ניט צו איר נאָ־ענטסטער סיבה (וואָס איז בלויז אַן אַטריבוט, אַן אייגנשאַפט פון דער ערשטער סיבה), נאָר באַציט זיך דירעקט צו דער סיבה ראשונה, צו דער סובסטאַנץ, וואָס איז פאַרבאָרגן אין אַלע עצמס.

אין דער דאָזיקער־שיטה* איז די אחדות (די איינהייט) רעאַל, די פאַרשיידנאַרטיקייט אָבער—בלויז אין דער אידעע.

---

דערפאַרונג און באַשטימט דעם עצם, די זאַך. דער רעגולאַטיווער פּרינציפּ איז אַ היפּאָטעזע, וואָס מאַכט מעגלעך די אַרבעט פון דענקען, אַז אַ פּרינציפּ איז לויט קאַנטן, למשל, די אידעע פון אַ העכסטן וועזן. דידאָזיקע אידעע איז בלויז אַ כּוונה צו באַטראַכטן אַלע פאַרבינדונגען אין דער וועלט ווי אָפּשטאַמיקע פון איין נויטווענדיקער סיבה, בכדי דערויף צו גרינדן דעם כּלל פון אַ סיסטעמאַטישער און לויט אַלגעמיינע געזעצן נויטווענדיקער איינהייט אין דער דערקלערונג פון דעם עצם כּלל און פון די געזעצן, ווי פונם גאַנצן וועלטאַל. דער איבערז.

אין דער אטעיִסטישער שיטה איז פונקט דער היפוך דערפון. דאָס פאַרשיידנאַרטיקע איז רעאַל, געגרינדעט אין דער נאַטור פון די זאַכן גופא. און פאַרקערט, די איינהייט, וואָס מען באַמערקט אין דער אָרדענונג פון דער נאַטור און אין איר געזעצמעסיקייט, איז לויט דער דאָזיקער שיטה בלויז אַ צופעליקייט.

ס׳איז פשוט אומפאַרשטענדלעך, ווי אַזוי מ׳נעמט עס און מ׳מאַכט עס די ספינאָזיסטישע שיטה פאַר אַן אַטעיִסטישער? זי איז דאָך גראָד דער היפוך דערפון! דער אַטעיִזם לייקנט אין מציאות הבורא (אינם דאָזיין פון גאָט), בעת דער ספינאָזיזם לייקנט אינם דאָזיין פון דער וועלט. דער לעצטער דאַרף דעריבער גיכער הייסן די אַקאָסמישע שיטה (די סיסטעם פון פאַרלייקענען די וועלט).

די שיטה פונם פילאָסאָף לייבניץ[1]) שטייט אינמיטן צווישן דיביידע סיסטעמען. לויט דער דאָזיקער שיטה, זיינען אַלע באַזונדערע ווירקונגען אַ דירעקטער רעזולטאַט פון באַזונדערע סיבות; דידאָזיקע פאַרשיידענע ווירקונגען דאַרפן אָבער גערעכנט ווערן ווי צוזאַמענגעבונדן אין איין איינציקער סיסטעם און די סיבה פון דעם דאָזיקן צוזאַמענבונד דאַרף מען זוכן אין אַ וועזן מחוץ לגבול פון אָט דעם צוזאַמענבונד.

---

1) גאָטפריד ווילהעלם פאָן לייבניץ (געב. אין לייפּציק 1646, געשט. 1716). דער גרונדשטריך פון זיין פערזענלעכקייט און פון זיין לערע איז דאָס שטרעבן צו פאַראייניקן דאָס פאַרשיידענע, דאָס שטרעבן צו „האַרמאָניע” אין נאַטור און גייסטעסוועלט. אַזוי פאַראייניקט ער דעם טעאָלאָגיש-טעלעאָלאָגישן (טעלעאָלאָגיע — לערע וועגן צוועקמעסיקייט אין נאַטור און לעבן) וועלטבאַנעם מיטן פיזיקאַליש-מעכאַנישן. די איינצלנע פּאַסירונגען אין דער נאַטור קענען און מוזן דערקלערט ווערן מעכאַנ.יש, אָבער די פּרינציפּן פון פיזיק און מעכאַניק גופא הענגען ווידער אָפּ פון איינער אַ העכסטער אינטעליגענץ און קענען דערקלערט ווערן בלויז אַרויסגייענדיק פון אָט דעם דאָזיקן שכל עליון. דער איבערז.

די פּאָזיטיווע רעליגיע אונטערשיידט זיך פון דער נאַטירלעכער אויפן זעלביקן אופן, ווי די פּאָזיטיווע בירגערלעכע געזעצן שיידן זיך אונטער פון די נאַטירלעכע. די נאַטירלעכע געזעצן (געוווינהייטס־רעכט) באַזירן אויפן באַוואוסטזיין, וואָס די מענטשן זיינען אַליין צו אים געקומען, הגם אָט דאָס באַוואוסטזיין איז זיי נאָך ניט גאַנץ קלאָר און דער אופן פון געברויכן די געזעצן איז נאָך ניט געהעריק באַשטימט; די פּאָזיטיווע געזעצן אָבער זיינען באַגרינדעט אויפן קלאָרן באַוואוסטזיין, וואָס איז איבערגעגעבן געוואָרן פון איין מענטשן צום אַנדערן, און דער אופן פון זייער געברויך איז פאָרמולירט גענוי.

פונדעסטוועגן דאַרף מען גוט אונטערשיידן אַ פּאָזיטיווע רעליגיע פון אַ פּאָליטישער רעליגיע. די פּאָזיטיווע רעליגיע האָט דעם תכלית בלויז צו דערקלערן און גענוי צו דעפינירן די דערקענטעניש וועגן דער סיבה ראשונה, און דידאָזיקע לערע ווערט איבערגעגעבן פון מענטש צו מענטש, בהסכם מיט די פעיִקייטן פונם איבערנעמער, פונקט אין דער זעלביקער מאָס, ווי מ׳האָט זי אַליין איבערגענומען. אָבער די פּאָליטישע רעליגיע האָט דעם צוועק דער־עיקר טובת־הכלל. דעריבער ווערט דידאָזיקע תורה ניט איבערגעגעבן פונקט אין אַזאַ מאָס, ווי מ׳האָט זי אַליין דערהאַלטן, נאָר אויף אַזויפיל, וויפיל מ׳געפינט פאַר נייטיק צום אָנגעמערקטן תכלית. די פּאָליטיק אַלס פּאָליטיק אינטערעסירט זיך ניט מיט דער אמתער רעליגיע, פונקט ווי זי אינטערעסירט זיך ניט מיט דער אמתער מאָראַל. דער שאָדן דערפון קען געדעקט ווערן דורך אַנדערע מיטלען, וואָס די רעגירונג האָט אין איר רשות צו ווירקן אויף די מענטשן, זיי זאָלן תשובה טאָן אָדער גאָר לכתחילה ניט אַראָפּגיין פון דרך הישר. בכן קען מען זאָגן, אַז איטלעכע פּאָליטישע רעליגיע איז צוגלייך פּאָזיטיוו. אָבער ניט יעדע פּאָזיטיווע איז אויך פּאָליטיש.

הן די נאַטירלעכע הן די פּאָזיטיווע רעליגיע האָבן ניט קיין שום סודות. אמת, די תורה פון דער פּאָזיטיווער רעליגיע ווערט ניט איבערגעגעבן יעדן מענטשן פונקט אין דער זעלביקער מדרגה פון פולקומענהייט, וואָס דער איבערגעבער האָט אַליין דערגרייכט.

אָבער דאָס קומט פשוט דערפאַר, ווייל דער איבערנעמער איז
אָפט ניט מסוגל איבערצונעמען די גאַנצע תורה בשלימות. אויב
מ'זאָל דאָס אָנרופן געהיימעניש, דאַן דאַרף מען אין דעם זין אַלע
וויסנשאַפטן אָנרופן סודות, מחמת אויך די וויסנשאַפטן ווערן ניט
איבערגעגעבן איטלעכן תלמיד בשלימות, דען ניט אַלע תלמידים
זיינען גלייך פעיִק צו דער אָדער צו יענער וויסנשאַפט. דאַן
וואָלט מען געדאַרפט זאָגן, אַז עס זיינען דאָ סודות, למשל, אין
מאַטעמאַטיק, פונקט אַזוי גוט ווי אין דער רעליגיע. —
בלויז די פּאָליטישע רעליגיע קאָן האָבן סודות, בכדי דורך
זיי צו פירן די מענטשן אויף אַן אומדירעקטן אופן צום גע-
ווינטשטן פּאָליטישן ציל, ווייל מ'רעדט זיי, די מענטשן,
איין, אַז דורך דעם וועלן זיי קענען אַמבעסטן דערגרייכן זייערע
פריוואַטע צוועקן, כאָטש אין דער אמתן איז די זאַך ניט אַלעמאָל
אַזוי. עס זיינען פאַרהאַן קליינע און גרויסע מיסטעריעס
פון דער פּאָליטישער רעליגיע. די קליינע מיסטעריעס באַשטייען
אינעם זאַכלעכן דערקענען און באַגרייפן די באַזונדערע מעשים
און געשעענישן און זייער צוזאַמענהאַנג צווישן
אַנאַנד; די גרויסע מיסטעריעס, פאַרקערט, באַשטייען אינעם דער-
קענען און באַגרייפן דעם צוועק, וואָס צוליב אים ווערן באַ-
שטימט די מעשים און געשעענישן. די קליינע מיסטעריעס בילדן
דעם אינהאַלט פון די רעליגיאָנס-געזעצן, די גרויסע
אָבער אַנטהאַלטן דעם גייסט פון די געזעצן.

די יידישע רעליגיע איז געווען אַ נאַטירלעכע
רעליגיע שוין ביי איר ערשטן אָנהייב, ביי די נאָמאַדישע אָבות,
אָבער אויך דאַן האָט זי זיך אונטערשיידט פון די היידנישע
אמונות, ווייל זי איז געגרינדעט אויף דעם גלויבן אין אַן איינ-
איינציקן גאָט, וואָס דער שכל קען אים ניט משיג
זיין, אָנשטאָט דעם, וואָס די אַלע אַנדערע פעלקער האָבן גע-
האַט אַ סך געטער, וואָס זיינען געווען פאַר אַלעמען באַ-
גרייפלעך. די סיבות פון די ווירקונגען זיינען געווען אומ-
באַקאַנט די יידישע אָבות, פונקט ווי די היידן, און האָבן מיט
זייער עצם געהיימנישקייט געוועקט אין דעם מענטשן דעם רע-

ליגיעזן געפיל; אָבער אין דער צייט, ווען די היידן האָבן גע־גלויבט, אז די אייגנשאַפטן פון די באַזונדערע ווירקונגען זיינען כאַראַקטעריסטיש אויך פאַר די באַזונדערע סיבות זייערע, ד. ה. פאַר די באַזונדערע געטער — די ווירקער, וואָס באַזיצן אויך די אייגענע אייגנשאַפטן, — האָבן די אָבות גע־האַלטן, אַז עס איז פאַרהאַן בלויז איין איינציקע אור־זאַך פאַר אַלע מעשים אינם וועלטאַל אָן שום אונטערשייד און אַז אָט די איינאייציקע אורזאַך באַזיצט בשום אופן ניט די אייגנשאַפטן פון די ווירקונגען. דען די באַזונדערע ווירקונגען זיינען אין סתירה צווישן אַנאַנד און בייטן זיך כּסדר אין איינעם און דעמזעלבן אָביעקט; די איינאייציקע סיבה אָבער איז אָן שום סתירות, איז אַן אַבסאָלוטע איינהייט און קען באַין אופן ניט דעפינירט ווערן אַנאַלאָגיש דורך קיינער פון די באַזונדערע ווירקונגען.

און אַפילו נאָכדעם ווי די יידישע רעליגיע איז דורך מתּן־תּורה געוואָרן אַ פּאָזיטיווע, האָט זי זיך אויך לחלוטין אונ־טערשיידט פון דער היידנישער דערמיט, וואָס זי איז ניט געוואָרן קיין בלויז פּאָליטישע, ד. ה. זי איז ניט געוואָרן אַ רע־ליגיע, וואָס איר צוועק איז בלויז די טובת־הכּלל אין קעגנזאַץ צו דער אמתער דערקענטעניש און צו דער טובה פונם פּרט, נאָר אַ רעליגיע בהסכּם מיט דער טעאָקראַטישער[1] רעגי־רונגס־פאָרם פון דער נאַציע, וואָס איז געגרינדעט אויפן באַ־וואוסטזיין פון אמת, אויף דער דערקענטעניש פון שׂכל, און דעריבער שטימט זי הן מיט טובת הכּלל הן מיט טובת הפּרט. בכן, אויב מיר זאָלן באַטראַכטן די יידישע רעליגיע אין איר עצם ריינקייט, וועלן מיר אין איר ניט געפינען קיין שום סודות אינם אייגנטלעכן זין פונם וואָרט, ד. ה. אַזעלכע סודות, וואָס צוליב דעם געווינטשטן פּאָליטישן צוועק וויל מען זיי ניט מגלה זיין, — נאָר אַזעלכע סודות, וואָס ניט אַלעמען קען מען זיי אַנטפּלעקן (ווייל פּשוט צוליב זייער טיפן וויסנשאַפטלעך־

[1] אין איר ריינסטן און ניט אינם מאָדערן־פּאָליטישן זין.

פילאָסאָפישן כאַראַקטער האָבן ניט אַלע די געהעריקע פעיקייטן זיי צו באַנעמען.

נאָכדעם ווי עס איז אונטערגעגאַנגען די יידישע מלוכה און עס האָט אויפגעהערט אַ פּאָליטיש לעבן, איז די רעליגיע אָפּגעטיילט געוואָרן פון דער מלוכה, וואָס האָט שוין ניט עקסיסטירט. די רעליגיאָנס־לערער האָבן שוין מער ניט געהאַט קיין שום אינטערעס צוצופּאַסן די רעליגיע בהסכם מיטן מלוכהשאַפטלעכן לעבן, ווי ביז אַהער, נאָר האָבן די גאַנצע זאָרג זייערע אָנגעווענדט בלויז דערויף, צו דערהאַלטן די רעליגיע, וואָס פון איר איז מהיום והלאה געוואָרן אָפּהענגיק דער קיום פון דער אומה. געטריבן פון זייער שנאה צו יענע אומות, וואָס האָבן חרוב געמאַכט די מלוכה פון ישראל, און מחמת מורא, דער אונטערגאַנג פון דער מלוכה זאָל ניט ברענגען צום אונטערגאַנג אויך פון דער רעליגיע און פון דער נאַציע, האָבן די מנהיגים פונם פאָלק געזוכט און אויסגעפונען די פאָלגנדיקע מיטלען צו דערהאַלטן און ווייטער צו אַנטוויקלען זיין רעליגיע:

1) אַ מעטאָדע: ס'איז געשאַפן געוואָרן אַ תּורה־שֶׁבְּעַל־פֶּה (מינדלעכע תּורה), וואָס איז, לויט די רייד פון די חכמי ישראל, איבערגעגעבן געוואָרן בקַבָּלה פון משה רבנו אָן פון איין דור צום אַנדערן, און אָט אין דער תּורה־שבעל־פּה איז געגעבן געוואָרן אַ מעטאָדע צו דערקלערן די געזעצן פון דער תּורה שֶׁבִּכְתַב און אָנצוּווענדן זיי אין פאַרשיידענע פאַלן פון לעבן. דידאָזיקע מעטאָדע איז ניט אַזאַ, וואָס דער שכל איז מחייב, בכדי צו מאָדיפיצירן די חוקים פון דער תּורה בהסכם מיט די פאָדערונגען פון דער צייט און מיט די פאַרשיידענע אומשטאַנדן, נאָר אַזאַ, וואָס באַזירט אויף געוויסע כללים, ווי אויסצוטייטשן די שריפטלעכע תּורה („מידות — מאָדוסן — שהתורה נדרשת בהן").

2) די אַווטאָריטאַטיווע קראַפט פון דער תּורה־שבעל־פּה: דורך דידאָזיקע פּירושים און „דרשות" האָט מען פון די חוקים פון דער געשריבענער תּורה מחדש געווען נייע חוקים און דינים, און פון דידאָזיקע נייע געזעצן האָט

מען אויסגעדרוגגען נאָך נייערע, און אָט צו דידאָזיקע אַלע נייע און נייערע חוקים און דינים פון דער מינדלעכער תורה האָט מען צוגעגעבן פונקט אזא אווטאָריטאַטיווע קראַפט, ווי צו די געבאָטן פון תורת משה[1]).

לפי דעם אַלץ געזאָגטן, קען מען די געשיכטע פון דער יידישער רעליגיע גאַנץ באַקוועם איינטיילן אין פינף הויפט־תקופות:

די ערשטע תקופה איז די תקופה פון דער נאַטירלעכער רעליגיע, זינט די צייטן פון די אָבות ביז משה רבנו, ד. ה. ביז נאָך יציאת מצרים.

די צווייטע תקופה נעמט אַרום די פאָזיטיווע רעליגיע—די רעליגיע פון געטלעכער אַנטפּלעקונג — פון משהן אָן ביז נאָך דער צייט פון דער „כנסת הגדולה" (גרויסע פאַרזאַמלונג). דידאָזיקע „כנסת הגדולה" טאָר מען זיך ניט פאָרשטעלן ווי אַ פאַרזאַמלונג פון טעאָלאָגן איין מאָל אין איין באַשטימטער צייט, דען אַזוי האָט זיך גערופן אַ שטענדיקע נאַציאָנאַלע געזעצגעבערישע אינסטיטוציע פון נביאים, סופרים (געלערנטע שריפטשטעלער) און טעאָלאָגן (צוזאַמען הונדערט צוואַנציק מיטגלידער) פאַר אַ משך פון אַ גאַנצער לאַנגער עפּאָכע זינט דעם חורבן בית ראשון ביז אָנהייב משנה[2]). די נביאים חגי, זכריה און מלאכי זיינען געווען פון די ערשטע מיטגלידער פון דער כנסת הגדולה און שמעון הצדיק איז געווען פון די לעצטע[3]). דידאָזיקע אַנשי כנסת הגדולה, ווי זייערע

1) וועגן אַ גאַנצער ריי געזעצן און דינים פון תלמוד איז אָנגעגעבן, אַז זיי זיינען הלכה למשה מסיני, ד. ה. זיי זיינען איבערגעגעבן בקבלה דירעקט פון משה מסיני. דער איבערז.

2) אין דער ערשטער העלפט פון צווייטן יאָרהונדער פאַר דער אייראָפּ. צייטרעכענונג. דער איבערז.

3) „משירי אנשי כנסת הגדולה" (אבות א'). שמעון הצדיק האָט געלעבט אין דער צייט, ווען מלכות יהודה איז אַריבער אונטער דער הערשאַפט פון די סעלעוקידן (צום סוף פון דריטן און אין אָנהייב פון צווייטן יר"ה פאַר דער אייראָפּ. צייטרעכענונג). דער איבערז.

פאַרגייער זינט די צייטן פון יהושע בן־נון, האָבן אין גרונד פון דער יַהֲדוּת געלייגט תורת משה און בהסכם מיט דער מעטאָדע פון דרשענען די תורה, וואָס איז איבערגעגאַנגען בקבלה (ווי אַ טראַדיציע) פון דור צו דור, האָבן זיי, לויט די פאָדערונגען פון דער צייט און לויט די אומשטאַנדן, מוסיף געווען נייע חוקים, אַרויסגעדרונגענע פון די אַלטע. און אויב זיי פלעגן אין עפּעס זיין מחולק, פלעגן זיי מכריע זיין לויטן רוב דעות.

די דריטע תקופה גייט פון אָנהייב משנה ביז איר אָפּשלוס[1]) דורך ר׳ יהודה הנשיא, וואָס דאָס פאָלק האָט אים גערופן „רבנו הקדוש". ביז דער דאָזיקער תקופה איז פאַרווערט געווען צונויפצושטעלן שריפטלעך אַלע נייע און נייערע געזעצן, וואָס זיינען אין תורת משה ניטאָ, נאָר זיינען פון איר בלויז אַרויסגעדרונגען, און זיי האָבן געטראָגן דעם נאָמען תורה שבעל־פה אויך דערפאַר, ווייל די געלערנטע האָבן זיי געמוזט איינחזרן און געדענקען אויף אויסווייניק. דאָס איז פאַרווערט געווען צוליב דעם, כּדי ניט־קאָמפּעטענטע מענטשן זאָלן ניט האָבן קיין טעות און זאָלן ניט מיינען, אַז וויבאַלד די נייע דינים זיינען אָנגעשריבן, האָבן זיי אויך אַזאַ קראַפט ווי די חוקים פון דער תורה שבכתב. ר׳ יהודה הנשיא אָבער האָט דערזען, אַז פאַר אַ משך פון הונדערטער יאָרן האָט זיך אָנגעזאַמלט אַן אומגעהייערע פאַרשיידנאַרטיקע מינדלעכע ליטעראַטור, וואָס קען לייכט פאַרגעסן ווערן[2]), און האָט באַשלאָסן, אַז בכדי צו האָבן די

[1]) אַן ערך אין יאָר 200 נאָך דער אייראָפּ. צ״ר. די תקופה הייסט אויך די תקופה פון די תנאים, וואָס האָט געדויערט קרוב 400 יאָר.
דער איבערז.

[2]) אַגב האָט זיך אין זיין צייט אָנגעהויבן דער לאַנגער פּעריאָד פון דער טיראַנישער מיליטערישער דיקטאַטור אין דער רוימישער אימפּעריע, וואָס האָט געבושעוועט באַזונדערס איבער דער יידישער באַפעלקערונג אין ארץ־ישראל, — האָט מען אין דידאָזיקע פינסטערע צייטן געמוזט זען ראַטעווען קולטור־ווערטן פון אונטערגאַנג, איבערלאָזנדיק פאַר די קומענדיקע דורות כאָטש שריפטלעכע דאָקומענטן. דער איבערז.

מעגלעכקייט אײַנצוהיטן און אָפּצוהיטן אַלע געזעצן, מוז מען עובר זײַן אויף איין געזעץ. אָבער בכדי אַרויסצורופן אַ הסכם פון דער געזעלשאַפט צו זײַן דרייסטן אַקט, האָט ער זיך דערין געשטיצט אויף אַ פסוק פון תהילים: „עת לעשות להי' הֵפֵרוּ תּוֹרָתֶךָ", וואָס ער האָט אים אויסגעטײַטשט אויף אַזאַ אופן: עס זײַנען דאָ אומשטאַנדן, ווען מען טוט אַ גוטע זאַך פון גאָטס וועגן דווקא דערמיט, וואָס מען איז עובר אויף אַ געוויסן געזעץ פון דער תורה. ער האָט געלעבט אין די צײַטן פון אַנטונינוס פּיוס[1], איז געווען רײַך[2]) און איז געווען באַגאַבט מיט אַלע כשרונות, וואָס האָבן זיך געפאָדערט פאַר דער דאָזיקער אונטערנעמונג. ער האָט מחבר געווען די מִשנה, וואו ער האָט רעפּערירט די געזעצן פון תורת משה טיילווייז לויט פירושים, וואָס זײַנען איבערגעגעבן געוואָרן בקבלה פון דור צו דור, און טיילווייז דערקלערנדיק לויטן רײַנעם פאַרשטאַנד. עס זײַנען אין דער משנה אַרײַן אויך געוויסע געזעצן, וואָס וועגן זיי ווערט געפירט אַ מחלוקת צווישן די תַּנָאִים.

דאָס דאָזיקע ווערק ווערט אײַנגעטיילט אין זעקס הויפּטטיילן אָדער סְדָרים (שִׁשָּׁה סִדְרֵי מִשְׁנָה). דער ערשטער סדר אַנטהאַלט די דינים, וואָס האָבן אַ שייכות צו פעלדאַרבעט און גאָרטן-אַרבעט („זְרָעִים", — זייונגען). דער צווייטער סדר נעמט אַרום די דינים וועגן שבתים, ימים-טובים, תעניתים און כל המינים אַנדערע פײַערונגען („מוֹעֵד"—פײַערונגען). דער דריטער סדר („נשים") איז אַ גרויסע זאַמלונג פון געזעצן וועגן פאַ-

[1]) אונזער מחבר האָט דאָ מקצר געווען. ר' יהודה הנשיא האָט געלעבט ניט בלויז אין די צײַטן פון אַנטונינוס פּיוס. ער איז געווען נשיא פון 170 ביז 210 נאָך אייראָפּ. צ"ר. בכן האָט ער געלעבט אין די צײַטן פון אַנטונינוס פּיוס (138 — 161), מאַרקוס אווירעליוס פילאָסאָפוס (161—180), קאָמאָדוס (180—192) און סעפּטימיוס סעווערוס (193—211).

[2]) ער האָט דעם גרעסטן טייל פון זײַן פאַרמעגן אָפּגעגעבן פאַר זײַן גראַנדיאָזער זאַך און אויף שטיצע פאַר אָרעמע תלמידי-חכמים. דער איבערז.

מיליען-לעבן (חתונות, גטין און אַז. וו.). דער פערטער סדר („נזיקין", — שעדיקונגען) איז אַ פולשטענדיקער מלוכהשאַפטלעכער געזעץ-קאָדעקס (ציוויל-רעכט, קרימינאַליסטיק, געריכטס-וועזן א. אַז. וו.). דער פינפטער סדר („קָדָשִׁים", — הייליקייטן) באַהאַנדלט אַלע דינים, וואָס זיינען נוגע דער עבודה אין בית-המקדש און דעם ענין קרבנות. דער זעקסטער סדר („טְהָרוֹת", — רייניקונגען) אַנטהאַלט געזעצן וועגן רייניקונגען אין פּריוואַטן און געזעלשאַפט-לעכן לעבן[1].

די משנה אָבער איז צונויפגעשטעלט מיט דער גרעסטער געניקייט און אָן אַ קאָמענטאַר איז שווער זי צו פאַרשטיין, — בכן איז נאַטירלעך, אַז מיט דער צייט זיינען אויפגעקומען ספקות און חילוקי-דעות הן בנוגע צום עצם פשט פון דער משנה, הן וועגן דעם אופן, ווי אָנצוווענדן זי אין אַזוינע פאַלן, וואָס זיי-נען אין איר ניט גענוג קלאָר באַשטימט. דידאָזיקע אַלע ספקות און זייערע פאַרשיידנאַרטיקע אויפקלערונגען, די חילוקי-דעות און זייערע אויסגלייכונגען[2] זיינען סוף-כל-סוף געוואָרן צונויפגעזאַמלט און צונויפגעשטעלט דורך רַב אַשי[3] און רַבִינָא[4] אין איין

[1] אַן אָפּטיילונג, וואָס באַהאַנדלט די יסודות פון מעדיצין און היגיענע אין אַ מערקווירדיקן מאַסשטאַב.

[2] די אויסטייטשער און אויפקלערער פון דער משנה הייסן אַמוֹרָאִים. אַזעלכע זיינען געווען אין ארץ-ישראל און אין בבל. די וויכטיקסטע אַקאַדעמיעס זיינען געווען אין בבל: אין סורא און פומבדיתא. דער איבערז.

[3] דער געניאַלער רב אשי (370—427 נ. א. צ"ר) איז געווען רעקטאָר פון דער אַקאַדעמיע אין סורא, פאָרשטייער פון פערטן דור באַבילאָנישע אַמוראים, און האָט בלויז געלייגט דעם יסוד פון דער ריזן-אַרבעט פון תלמוד, וואָס אַנטהאַלט, חוץ דעם קאָמענטאַטאָרישן טייל, נאָך אומגעהייערע אוצרות פאָלקס-עפּאָס, פאָלקלאָר, פאָלקס-פילאָסאָפיע, ידיעות פון געשיכטע און אַנדערע וויסנשאַפטן. דער איבערז.

[4] רַבִינָא בַר הוּנָא (467—500), פאָרשטייער פון זעקסטן און לעצטן דור אַמוראים, האָט מיט דער הילף פון זיינע חברים פון דער אַקאַדעמיע פאַרענדיקט און געשלאָסן דעם תלמוד בבלי. דאָס האָט געהייסן „חתימת התלמוד" (אָפּשלוס פון תלמוד), וואָס נאָכדעם טאָר מען קיין שום זאַך ניט אַראָפּנעמען און קיין שום זאַך ניט צוגעבן. דער איבערז.

ווערק אונטערן נאָמען תּלמוד, — און דאָס איז די פערטע תּקופה פון דער יידישער געזעצגעבונג.

די פינפטע תּקופה הייבט זיך אָן פון חתימת התּלמוד און ציט זיך ביז היינטיקן טאָג, און קען זיך אַזוי ציען ביז אייביק, ביז משיח וועט קומען. זינט חתימת התּלמוד זיצן די רבנים אויך ניט ליידיק; אמת, עס איז שטרענג פאַרווערט עפּעס צו ענדערן אין דער משנה אָדער אין תּלמוד, אָבער זיי האָבן נאָך גענוג אַרבעט — אויסצוגלייכן די סתּירות אין תּלמוד גופא[1]) און פון דעם גאַנצן לאַבירינט פאַרשיידענע מיינונגען פון די אמוראים, אויסטייטשונגען, חילוקי־דעות און אויסגלייכונגען אַרויסצודריינגען כּל המינים נייע דינים, וואָס מ'זאָל קאָנען אָנווענדן פאַר אַלע פאַלן, אין תּלמוד ניט פאָראויסגעזעענע.

אַזוי איז בּיסלעכווייז געענדערט געוואָרן לרעה די יידישע רעליגיע, וואָס אין אָנהייב איז זי געווען אַ נאַטירלעכע רעליגיע, בהסכּם מיטן שׂכל. לויט דער היינטיקער יידישער רעליגיע מוז אַ ייד אָפּהיטן אַן אומגעהייערע צאָל דינים ביים עסן, ביים טרינקען, ביי זיין געשלעכט־לעבן, ביים טאָן זיינע באַדערפעניש. מיט די ספרים, וואָס זיינען אָנגעשריבן געוואָרן בלויז וועגן „הלכות שחיטה״, קען מען אויספילן אַ גאַנצע ביבליאָטעק. און וואָס זאָל איך שוין זאָגן וועגן דער אומגעהייערער צאָל ספרים, וואָס זיינען געשריבן געוואָרן וועגן ענינים, וואָס זיינען שוין לאַנג ניט אַקטועל, ווי, למשל, די דינים פון קרבּנות, פון טומאה וטהרה א. אַז. וו.? די פעדער ציטערט אין מיין האַנט ביי דער איין ערינערונג, אַז איך און נאָך אַ סך מיין גלייכן האָבן די בעסטע יאָרן, ווען עס אַנטוויקלען זיך די כּוחות אין זייער פולער שטאַרקייט, פאַרבראַכט אין דידאָזיקע לימודים, וואָס טייטן

[1]) פיל חילוקי־דעות צווישן די אמוראים זיינען ניט אויסגעגליכן געוואָרן, פיל פראַגן זיינען ניט פאַרענטפערט געוואָרן און דער תּלמוד, אָדער דער לעצטער קאָנאָנ־זירער פון תּלמוד, מעלדעט אליין אָפן: „די פראַגע איז געבליבן ניט פאַרענטפערט, די חילוקי־דעות אָדער די סתּירה — ניט אויסגעגלייכט״.
דער איבערז.

אָפּ דעם גייסט, און דורכגעזעסן נעכט, בכדי אויסצוזוכן א באַ-האַלטענע כוונה דאָרטן, וואו עס איז קיין שום כוונה ניטאָ; דורך הַמצָאות צו אַנטפּלעקן סתירות דאָרטן, וואו עס איז קיין שום סתירה ניטאָ; דורך חריפותדיקן פּלפּול אויסצוגלייכן אָפּענע סתירות, וואָס לאָזן זיך ניט אויסגלייכן; יאָגן זיך נאָך שאָטנס און בויען לופטשלעסער.

צוויי אורזאַכן האָבן גורם געווען, די רבנים זאָלן פאַר-קריפּלען די פּראַכט פון דער יידישער רעליגיע. די ערשטע אורזאַך איז די געקינצלטע שיטה, ווי טייטשן דעם תנ״ך. די נאַ-טירלעכע שיטה איז געבויט אויף גרינדלעכע שפּראַך-קענטע-נישן און אויף פאַרשטיין דעם אמתן גייסט פונם געזעצגעבער בשלימות מיט די היסטאָרישע אומשטאַנדן פון זיין צייט, וואָס האָבן אַרויסגערופן יעמאָלטיקע געזעצן,—בעת די געקינצלטע מעטאָדע האָב אין זינען בלויז אויסצוגעפינען אין תנ״ך נייע גע-זעצן פאַר דער היינטיקער צייט.

די רבנים באַטראַכטן דעם תנ״ך ניט בלויז ווי אַ קוואַל פון חוקים, וואָס אין זייער יסוד ליגן די פאַרשריבענע געזעצן פון תורת משה, און אויך ניט בלויז ווי אַ קוואַל פאַר נייע געזעצן, וואָס מ׳קען אַרויסדרינגען מיטן ריינעם שכל, נאָר אויך ווי אַ קוואַל, פון וואַנען מ׳קען שעפּן און שעפּן אַלץ בייערע דינים, לויט די באַדערפענישן פון דער צייט, ווייל „אַלץ איז אָנגעוואָונקען אין דער תורה״, אַפילו דאָס וואָס יעדער גוטער תלמיד וועט קינצלען מחדש זיין מיט זיין פאַרפּילפּולטן מוח עד סוף כל הדורות. אין דער אמתן איז די קינצלעכע שיטה צו דרשנען די פסוקים ניט מער ווי אַ מיטל כאָטש לפנים וועגן צו פאַרבינדן די נייגעשאַפענע דינים מיט די ווערטער פון דער געשריבענער תורה, בכדי אַזוי אַרום צוצוגעבן זיי אין די אויגן פון פאָלק אַן אַווטאָריטעטישקייט, ווי אויך בכדי אַוועקצושטעלן די נייע דינים אויף פרינציפּן פון פסוקים און זיי דערמיט לייכ-טער צו מאַכן פאַר די תלמידים צו געדענקען. קיין שום פאַר-שטענדיקער רב גלויבט ניט, אַז די דרָשות פון די פסוקים מיטן צוועק אַרויסצודרינגען פון זיי נייע דינים זיינען עס דער אמתער

פשט זייערער, און אַז איר וועט אים פרעגן וועגן די דרשות, וועט ער אייך ענטפערן: דידאָזיקע דינים זיינען בייטיק פאַר דער צייט און מ'זוכט פאַר זיי בלויז אַ סמך אין די פסוקים.

די צווייטע אורזאַך, וואָס די יידישע רעליגיע איז פאַרקריפּלט געוואָרן, איז אַן אויסווייניקסטע: נאָכדעם ווי די יידן האָבן אָנגעוואָרן זייער מלוכה און זיינען געוואָרן אַלץ מער צעזייט און צעשפּרייט צווישן די פעלקער פון דער וועלט, האָבן זיי אין משך פון דורות, ווילנדיק צי ניט-ווילנדיק, איבערגענומען זייער אַ סך דינים און מנהגים פון זייערע כל המינים שכנים, און אין משך פון יאָרן זיינען דידאָזיקע פרעמדע דינים און מנהגים פאַרהייליקט געוואָרן, ווי אַן עצם טייל פון דער יידישער רעליגיע. צו דער דאָזיקער קאַטעגאָריע געהערן, למשל: די דינים פון גיין מיט אַ צוגעדעקטן קאָפּ (לכל-הפחות אין אַ מקום קדוש און ביים דורכפירן רעליגיעזע ענינים); די דינים פון וואַשן די הענט (פאַר אַ תפילה אָדער פאַרן עסן), וועגן פאַסטן אַ גאַנצן טאָג ביז זונאונטערגאַנג, אַ געוויסע צאָל טעגלעכע תפילות, גיין אויף קבר-אבות, מאַכן הקפות אַרום בימה וכדומה, — דינים און מנהגים פון אַראַבישער אָפּשטאַמונג.

אויך זיינען אָנגענומען געוואָרן פאַרשיידענע דינים און מנהגים, וואָס זייער גרונד איז — פאַרביטערונג און פּראָטעסט קעגן יענע פעלקער, וואָס האָבן חרוב געמאַכט די יידישע מלוכה און וואָס האָבן די יידן געררודפט. באַזונדערס זיינען איינגעשטעלט געוואָרן אַ סך דינים ווי אַ קעגנגיפט אָדער ווי בכלל אַ קעגנערישקייט קעגן די מנהגים פון די גריכן און רוימער, וואָס האָבן מער ווי אַלע אַנדערע[1] בייז געטאָן די יידן און וואָס די שנאה פון די חכמי ישראל צו זיי איז מחמת דעם געווען שטאַרקער ווי צו אַנדערע.

אין דעם פּרט האָבן די רבנים געהאַט פאַר זיך אַ פאַר-

[1] מער ווי די מצריים, אַסיריער, בבליים א. אנד.

דער איבערז.

בילד אין תורת משה, וואו עס געפינען זיך טיילוויז געזעצן, וואָס שטימען מיט געוויסע געזעצן פון די מצריים און זיינען טיף איינגעוואָרצלט אין יידישן לעבן ניט אַרויסצורייסן, און טיילוויז אַ סך געזעצן, וואָס זיינען געווענדט בכוונה כנגד די געזעצן פון די מצריים, — ווי דאָס האָט שוין גרינדלעך און קלאָר דערוויזן רבנו משה ב״ר מיימון אין זיין ספר „מורה נבוכים״.

ס'איז אָבער מערקווירדיק, אַז כאָטש די רבנים האָבן זיך מיט אַ ברייטער האַנט באַנוצט מיט דער געקינצלטער שיטה צו פאַרקריפּלען די פסוקים, ביז זיי האָבן אַ סך געענדערט די תורה אין איר פּראַקטישן טייל, ד. ה. אין דעם טייל פון די געזעצן און מנהגים, — האָבן זיי אָבער ניט אָנגערירט זי אין איר טעאָלאָגישן טייל, און די יידישע טעאָלאָגיע איז פאַרבליבן עד־היום אין איר עצם ריינקייט. דער פּראָטעסטאַנטישער טעאָלאָג אייזנמענגער[1]) זאָגט, אַז דער תלמוד און די רבנים פאַרקערפּערן גאָט. אָבער עס איז לייכט צו דערווייזן מיט אומבאַשטרייטבאַרע ראיות, אַז אַלע מאמרים אין תלמוד און אין דער רבנישער ליטעראַטור, וואָס קענען אויבערפלעכלעך אויסווייזן ווי בילדלעכע פאָרשטעלונגען פון גאָט און פון זיינע אייגנשאַפטן, זיינען אין דער אמתן נאָר אַ פאָרם פון אויסדרוק, אַ מיטל פּאָפּולערער צו מאַכן פאַר דעם פשוטן שכל די באַגריפן פון טעאָלאָגיע. אין אָט דער הינזיכט האָבן די חכמי ישראל געהאַט פאַר די אויגן

[1]) אייזנמענגער (געלעבט אין צווייטער העלפט פון XVII יר״ה און אין אָנהייב XVIII) האָט צונויפגעזאַמלט פון פאַרשיידענע ביכער אַלע מיטלאַלטערלעכע אָבערגלויבנס, אויסגעטראַכטע ליגנס און בלבולים וועגן יידן און זייער רעליגיע און האָט דאָס אַלץ צונויפגעשטעלט אין אַ גרויסן בוך אין דייטש אונטערן נאָמען „ענטדעקטעס יודענטום״. דאָס דאָזיקע בוך איז געוואָרן דער אווטאָריטעטישסטער מקור פאַר אַלע אַנטיסעמיטישע „יידנקענער״ פון אַלע לענדער זינט יענער צייט ביז היינטיקן טאָג. אייזנמענגער האָט דעריבער מיט רעכט באַקומען דעם נאָמען „פאָטער פון אַלע צוררי היהודים און פּאָגראָמשטשיקעס פאַר די לעצטע פאַר הונדערט יאָר״. דער איבערז.

דעם אייגענעם מאמר, וואָס זיי האָבן געזאָגט וועגן די בילדלעכע אויסדריקן פון תנ"ך: "דִּבְּרָה תּוֹרָה כִּלְשׁוֹן בְּנֵי אָדָם" — די תורה רעדט מיט דער שפּראַך פונם פּשוטן מענטשן, דען די האַרצנס־רעליגיעזיטעט און די מאָראַלישע מידות, וואָס זיינען דער דירעקטער עיקר־צוועק פון דער טעאָלאָגיע, קענען אַמבעסטן פאַרשטאַנען ווערן און זיך אָננעמען ביים פאָלק, ווען זיי ווערן אַרויסגעזאָגט אין אַ בילדלעכער פאָרם. צוליב דעם האָבן זיי פאַרן פאַרשטאַנד פונם פּשוטן מענטשן פאָרגעשטעלט גאָט ווי אַן ערדישן קיניג, וואָס האַלט זיך אַן עצה מיט זיינע מיניסטאָרן און קאַבינעט־יועצים, די מַלְאָכִים, וועגן דער רעגירונג פון דער וועלט. פאַרקערט, פאַר מענטשן מיט אַן אויסגעבילדעטן פאַרשטאַנד האָבן זיי געזוכט אָפּצונעמען פון גאָט אַלע אַנטראָפּאָמאָרפיסטישע[1]) פאָרשטעלונגען, און צוליב דעם האָבן זיי פאָרגעוואָרפן די נביאים, אַז זיי האָבן אַ סך געוואַגט דערמיט, וואָס זיי האָבן פאַרגליכט דעם שעפער מיט זיינע ברואים, ווי, למשל, ביי יחזקאל א, כ"ו: "ועל דמות הכסא דמות כמראה אדם עליו מלמעלה" — און אויפן טראָן איז געווען אַ געשטאַלט ענלעך צו אַ מענטשן.

איך האָב אַן נשיאות־פּנים אויפגעדעקט די זינד פון די רבנים אין זייער דרשענען פסוקים צוליב מחדש זיין הלכות; איך טאָר אָבער אויך ניט פאַרשווייגן דאָס גוטס, וואָס זיי האָבן אויפגעטאָן, און מוז פונקט אַזוי אומפּאַרטייִיש זיי דערפאַר געֶרעכט געבן. און כדי צו ווייזן, ווי ריין און געלייטערט עס זיינען זייערע טעאָלאָגישע מיינונגען, וועל איך דאָ פאַרגלייכן — מחמדס באַשרייבונג וועגן דעם שכר פון די צדיקים אויף יענער וועלט מיט דער פאָרשטעלונג פון די תלמודיסטן וועגן דעם.

אין קאָראַן ווערט אַזוי דערציילט:

"דאָ (אין גן־עדן) זיינען דאָ אַזוי פיל כוסות וויפיל שטערן

---

[1]) אַנטראָפּאָמאָרפיסטישע — מענטשלעך־פאַרקערפּערנדיקע. אַנטראָפּאָמאָרפיזם — דאָס פאָרשטעלן גאָט אין דער געשטאַלט און ענלעכקייט פון אַ מענטשן. דער איבערז.

אין הימל. יונגע מיידלעך און ייִנגלעך גיסן אָן די כּוסות און באַ־
דינען די וואָס זיצן ביים טיש. די מיידלעך זיינען אַזוי שיין, אַז
קיין שום פאַנטאַזיע קען זיך עס גאָר ניט פאָרשטעלן. ווען איינע
פון דידאָזיקע מיידלעך וואָלט זיך באַוויזן אויפן הימל אָדער אין
דער לופט אין אַ פינסטערער נאַכט, וואָלט די וועלט ליכטיק גע־
וואָרן פון איר שיינקייט, פּונקט ווי די זון וואָלט אויפגעגאַנגען;
און ווען זי וואָלט אינם ים אַריין אַ שפּיי געטאָן, וואָלט זי זיין
זאַלציק וואַסער אין האָניק פאַרוואַנדלט און זיינע ביטערקייטן —
אין אַ זיסיקייט. וואַסער, מילך, האָניק און ווייסער וויין — זיינען
די טייכן, וואָס טרינקען אָן דידאָזיקע זיסע וואוינונג (פון די
צדיקים אויף יענער וועלט). דער שליים, וואָס דידאָזיקע טייכן
וואַרפן אַרויס, באַשטייט פון די וואוילשמעקעדיקסטע מוסקאַטן,
און די קיזלשטיינדלעך, וואָס ליגן אויף זייער גרונד, זיינען הוילע
פערל און היאַציגטן. דער מלאך גבריאל וועט עפענען די טויערן
פון גן־עדן פאַר די גלויביקע מוסעלמענער. דאָס ערשטע, וואָס
וועט זיי פאַלן אין די אויגן, וועט זיין אַ טיש פון דיאַמאַנטן פון
אַן אומגעהייערער לענג, וואָס אַ געשווינדסטער מענטש קען אים
צערומלויפן אין אַ משך פון זיבעציק טויזנט טעג. די שטולן, וואָס
שטייען אַרום, וועלן זיין פון גאָלד און זילבער, און די טישטע־
כער — פון זייד און גאָלד. ווען די פרומע מוסעלמענער וועלן זיך
זעצן צום טיש, וועט מען זיי דערלאַנגען צום עסן די אויסטער־
לישסטע געריכטן פון גן־עדן און טרינקען וועלן זיי פון זיינע
ליבסטע וואַסערן. נאָך זייער אָפּעסן צו זאַט וועלן שיינע ייִנגלעך
זיי אָנטאָן אין גרינע קליידער פון קאָסטבאַרע שטאָפן און זיי
אויספּוצן מיט גאָלדענע האַלזבענדער און מיט גאָלדענע אויררינג־
לעך. דאַן וועט מען איטלעכן צדיק געבן אַ ציטראָן אין האַנט,
און נאָכדעם ווי ער וועט צוטראָגן צום נאָז, בכדי זיין ריח
צו געניסן, וועט פאַר אים דערשיינען אַ מיידל פון אַ פאַרכישופנ־
דיקער שיינקייט. יעדער צדיק וועט מיט אַנטציקונג אַרומאַרמען
זיין מיידל, און דידאָזיקע פאַרשיכּורטע ליבע וועט געדויערן פופ־
ציק יאָר אָן שום הפסקות. איטלעכס פּאָרל וועט באַקומען אַ
פּרעכטיקן פּאַלאַץ פאַר אַ וואוינונג און דאָרטן וועלן זיי

עסן, טרינקען און געניסן פון כל־המינים תענוגים די גאַנצע איי־ביקייט".

דאָס דאָזיקע בילד איז, אמת, שיין, אָבער ווי גשמיותדיק, ווי תאווהדיק! די חכמי התלמוד זאָגן קורץ און לחלוטין אַנדערש: "אין למעלה לא אכילה ולא שתיה, אלא הצדיקים יושבים ועטרותיהם בראשיהם ונהנים מזיו השכינה" — אויבן (אין דער נשמות־וואוינונג פון די צדיקים) איז ניטאָ ניט קיין עסן ניט קיין טרינקען, נייערט די צדיקים זיצן מיט די אָרעאָלן אויף די קעפּ און קוויקן זיך מיט אָנקוקן די שכינה (די גאָטהייט).

אייזנמענגער זוכט אין זיין "ענטדעקטען יודענטום", 1 טייל, 8 קאַפּ., מיט אַלע תחבולות אויסצולאַכן די פּלאַטאָנישע לערע פון די חכמי התלמוד, פאַרדרייענדיק זייערע רייד און אַריינלייגנדיק אין זייערע רייד אַזעלכע געדאַנקען, וואָס זיינען גאָר קיינמאָל אויפן זינען ניט אַרויף. אָבער וואָס קאָן מען מיט אַזאַ גאַנג ניט מאַכן צו שאַנד און צו שפּאָט? אַזוי מאַכט ער שפּאָט פון דעם מאמר התלמוד: "מאן מלכי — רבנן" (ווער זיינען קי־ניגן, — די געלערנטע). אָבער אויך די פילאָסאָפן די סטאָיִקער האָבן גערופן די געלערנטע מלכים[1]. — ער חוזקט עם־האַרציש פון דעם מאַמר, וואָס חזרט זיך איבער אין תלמוד עטלעכע מאָל: "הקדוש ברוך הוא נמלך בפמליא של מעלה" — איידער גאָט טוט עפּעס, באַראַט ער זיך מיט די מלאָכים. אָבער די אמתע כוונה אין דעם דאָזיקן בילדלעכן אויסדרוק איז גאָר אָט וואָס: דער אַלמעכטיקער גאָט, הגם ער איז אַ כל־יכול, דאָך פירט ער דורך זיינע ווירקונגען אין דער נאַטור ניט דירעקט, נאָר דורך די כוחות פון דער נאַטור, וואָס זיינען עס די "מלאכים". — אויך האָט ער אַרויסגעשטעלט צו שפּאָט דעם תלמודישן מאמר: "הכל בידי שמים חוץ מיראת שמים" — אַלץ

---

[1]) דאָס האָט אויך געקאָנט זיין אַ מין פּראָטעסט קעגן די טיראַנישע פּיזישע הערשער פון זייער צייט: "די גייסטעס־לערער זיינען גאָר די אמתע הערשער". דער איבערז.

איז פאַראויס באַשטימט פון גאָט, חוץ גאָטספאָרכטיקייט, דאָס הייסט בכלל גוטסטואונג. אָבער וועלכער פאַרשטענדיקער טעאָלאָג קען אין דעם דאָזיקן מאמר געפינען עפּעס לעכערלעכס אָדער אַ פגיעה אין גאָטס כבוד? — אָבער איך וואָלט געדאַרפט אָנשרייבן אַ באַזונדער גרויס בוך, ווען איך זאָל וועלן ענטפערן אויף אַלע אומגערעכטע באַשולדיקונגען, פאַלשע בלבולים און אָפּשפּאָטונגען, וואָס עס האָבן געשריבן קעגן דעם תלמוד און קעגן די תלמודיסטן סיי קריסטלעכע מחברים, סיי יידן, וואָס האַלטן זיך פאַר „אויפגעקלערטע".

ווער עס איז אַריינגעדרונגען אינם אמתן גייסט פון תלמוד; ווער עס ווייס דעם שטייגער פון די אוראַלטע חכמים בכלל און פון די מזרח-לענדער בפרט אויסצודריקן טעאָלאָגישע, מאָראַלישע און אַפילו פיזיקאַלישע אמתן אין פאַבלען און אַלעגאָריעס; ווער עס איז גוט באַקאַנט מיט די אופנים פון היפּערבאָלע און גוזמאות ביי די מזרח-לענדישע לייט בכלל אין אַלץ, מיט וואָס זיי ווילן פאַראינטערעסירן די מענטשן, — דער וועט זיך נוהג זיין מיטן תלמוד, פונקט ווי ר' מאיר האָט זיך נוהג געווען מיט זיין לערער „אַחֵרן"[1]. אַזאַ מענטש וועט אין תלמוד ניט געפינען יענע „הבלים און שטותן", וואָס די אויבנדערמאָנטע אדונים זיינען גענייגט אַזוי לייכט דאָרטן צו געפינען.

צוליב צוויי זאַכן איז פּאָזיטיוו די מעטאָדע פון די חכמי התלמוד, — מעג דאָס זיין אַפילו דורך משונהדיקע דרשות, — סומך צו זיין טעאָרעטישע אָדער פּראַקטישע (מאָראַלישע) אמתן אויף שטעלן פון די כתבי הקודש אָדער פון אַן אַנדער אַלגעמיין געשעצטער שריפט, ווי אמתן, וואָס וואָלטן געווען אַרויסגעדרונגען פון די זעלביקע שטעלן דורך אַ פאַרנינפטיקן פירוש. ערשטנס איז דידאָזיקע מעטאָדע אַ קלוגער מיטל אַריינצובריינגען

[1]) ר' מאיר האָט אָפּגעוואָרפן דעם שאָלעכץ (די פּסולת פון אַחֵרס געדאַנקען) און אויסגעקליבן די קערנער (דעם געזונטן עיקר פון זיין לערער). דער איבערז.

שלמה מיימון

די אמתן אין פשוטן פאָלק, וואָס איז אַליין ניט מסוגל זיי איינצוזען און נעמט זיי אָן בלויז מיטן גלויבן אין אַווטאָרי־טעט. צווייטנס איז די מעטאָדע אַ גוטע סגולה צום זיכרון, ווייל היות אַלע ווייסן די פסוקים פון תנ״ך, וועלן אַדאַנק דעם איינגעהיט ווערן אין זיכרון פון די תּלמידים אויך די אמתן, וואָס זיינען געבויט אויפן סמך פון אָט די פסוקים.

בכלל געפינט מען אָפט אין תּלמוד, בעת עס שטייט אַ פראַגע וועגן דעדוצירן אַ בייעם געזעץ פון תנ״ך, אַזאַ כאַראַק־טעריסטישע ערשיינונג: בשעת איין אמורא וויל דעם דאָזיקן גע־זעץ אַרויסדרינגען פון דעם אָדער פון יענעם פסוק, טרעט אַן אַנדער אמורא אַרויס קעגן דעם מיט אַ טענה, אַז דאָס שטימט נאָר ניט מיטן אמתן פשט; יענער אָבער ענטפערט דערויף, אַז עס איז טאַקע אמת, דער פשט פון פסוק איז אַן אַנדערער, אָבער מען מוז אים דרשענען, בכדי אויף אים סומך צו זיין דעם בייעם געזעץ.

און היות דער דאָזיקער מנהג איז אומעטום באַקאַנט, האָבן די חכמי התלמוד ניט געהאַלטן פאַר נייטיק איבערצוחזרן עס ביי יעדער געלעגנהייט. און פאַר אַ ראיה וועט קלעקן צו ברענ־גען איין איינציקן ביישפּיל:

אין מסכתא „גטין" איז פאַרהאַן אַזאַ אָרט: רב הונא בר נתן האָט געפרעגט ביי רב אשי: „וואָס באַטייט דער פסוק: קִינָה וְדִימוֹנָה וְעַדְעָדָה"? (דאָס זיינען נעמען פון שטעט אין ארץ־ישראל, אין ספר יהושע קאַפּ. טו, פסוק כב). דערויף האָט אים רב אשי געענטפערט: „דאָ ווערן אויסגערעכנט די שטעט פון ארץ ישראל". — געוויס — האָט יענער דערווידערט — איך ווייס גאַנץ גוט, אַז דאָס זיינען נעמען פון ערטער, אָבער רב גביהא פון ארגיזא האָט געזאָגט, אַז אויסער דעם אייגנטלעכן פשט קען מען דערפון נאָך אַרויסדרינגען אַ מאָראַלישן געדאַנק: ווער עס האָט אַ געלעגנהייט צו נעמען נקמה (קינה) פון זיינעם אַ שונא און שווייגט (ודימונה), פירט דעם נקמה־אַקט ניט אויס, דעם וועט דער אייביקער (ועדעדה) געבן רעכט (גוטס).

וואָס פאַר אַ שיינע געלעגנהייט וואָלט דאָ געקענט זיין פאַר

אַ לֶץ אָפּצולאַכן פֿונם אָרעמען בעל־דרשן, וואָס דרינגט אַרויס אַ מאָראַלישע סענטענץ פֿון אייגנגעמען פֿון שטעט דורך אַ פֿאַר־קריפּלטן דרוש! אָבער דער דרשן האָט זיך אַליין מקדים געווען און דערקלערט, אַז ער ווייס אויך די אמתע באַטייטונג פֿונם פּסוק, נאָר ער וויל שטיצן אויף אים עפּעס אַ מאָראַלישע לערע.

פּונקט אויף אַזאַ אופֿן האָבן די חכמי־התלמוד אויך געוואָלט דערוייזן, אַז „מעשה גדול מלימוד“, אַז אין דעם ענין עטיק איז די פּראַקטיק העכער פֿון דער טעאָריע, ד. ה. אַז אַ מענטש מעג לערנען און פּריידיקן מאָראַל וויפֿיל ער וויל, אָבער קיין באַטייטונג האָט עס ניט, כּל־זמן ער פֿירט אַליין ניט דורך אין דער פּראַקטיק זיין איידעלע לערע און ווערט ניט מיט זיין לעבן קיין מוסטער פֿאַר אַנדערע. און אָט דידאָזיקע דערהייבענע לערע האָבן זיי אויך געוואָלט סאַנקציאָנירן מיט אַ פּסוק פֿון ישעיה דורך אַ משונהדיקן דרוש: „והיה אמונת עתיק חסן ישועות חכמת ודעת יראת ה׳ היא אוצרו“ — און אין רעזולטאַט פֿון דיין געטרייען וואַרטן אויף דיינע (גוטע) צייטן וועט זיין: שטאַרקייט, הילף, קלוגשאַפֿט, דערקענטעניש און גאָטספֿאָרכטיקייט. דער תּמצית פֿון דעם דרוש איז, אַז מעגסטו קענען אַלע ששה סדרי משנה, די גאַנצע תּורה, איז עס נאָך ווייניק, — דער עיקר איז יראת ה׳ — די פּראַקטישע דורכפֿירונגען פֿון דער לערע אין לעבן.

וואָס איז שייך דער מאָראַלישער לערע פֿון די חכמי־התלמוד, האָט זי קיין שום פֿעלער ניט, אויסער אפֿשר וואָס זיי זיינען אין מאַנכע פֿאַלן צופֿיל מחמיר. זי איז אין אַלץ ענלעך צום סטאָיציזם[1], איז אַפֿילו אין אַ סך וויכטיקע, פּרינציפּיעלע פּונקטן העכער פֿון אים, דהיינו: ביי די סטאָיקער איז אַלץ

[1]) סטאָיציזם איז אַ ריכטונג אין דער גריכישער פֿילאָסאָפֿיע, וואָס איז באַגרינדעט געוואָרן דורך זענאָן פֿון ציפּערן אַן ערך אַרום יאָר 300 פֿאַר דער אייראָפּ. צ״ר. זענאָן פֿלעגט פֿאַרזאַמלען זיינע תּלמידים און פֿירן מיט זיי געשפּרעכן אין דער סטאָאַ אַ קאָלאָנען־האַלע אין אַטען. דער־פֿון קומט דער נאָמען סטאָיקער. באַרימטע סטאָיקער זיינען געווען: קלע־

שטרענג נאָרמירט און איין מאָל פאַר אַלעמאָל פאַרפיקסירט, — ביי די חכמי התלמוד איז דאָ אַ אידעאַל און אַ מעגלעכקייט פון דערגרייכן העכערע מדרגות פון פולקומענהייט; ביי די סטאָיִקער האָבן, אמת, אַלע מענטשן גלייכע רעכט, אָבער דער מקור פון דעם דאָזיקן פרינציפּ איז אין גרונד אייגנליבע, — ביי די חכמי התלמוד איז דער מקור דערפון ליבשאַפט צום מיט־מענטשן און גרייטקייט אויף קרבנות צו פאַרווירק־לעכן דידאָזיקע ליבשאַפט, וכדומה. די תורת המוסר פון די חכמי התלמוד פאָדערט פונם מענטשן, ער זאָל זיין הייליק אַפילו אין

---

אַנטעס, כריזיפּאָס, פּאַנעטיוס, פּאָסידאָניוס, סענעקאַ, מו־סאָניוס, עפּיקטעט און מאַרקוס אַווּרעליוס.

דאָס איז דער תמצית פון דער לערע: גאָט און נאַטור איז איינס. דאָס מענטשלעכע וועזן איז אַ חלק פון גאָט־נאַטור (פונקט ווי ביי אונז: די נשמה איז אַ „חֵלֶק אֱלוֹהַ מִמַּעַל" — אַ טייל פון גאָט). אַלץ, וואָסווירקלעך איז און ווירקט אין וועלטאַל, איז קערפּערהאַפט, מאַטעריעל. די קראַפט איז ניט עפּעס אוממאַטעריעלס אָדער אַבסטראַקטס, נאָר איז דער עצם פיינסטער שטאָף. די ווירקנדיקע קראַפט אין דער גאַנצער וועלט איז די גאָטהייט. זי, די גאָטהייט, דרינגט דורך די וועלט ווי אַן אַלפאַרשפרייטער הויך (ליכט, עטער); זי איז די וועלט־נשמה, דער וועלט־שכל. דער גאַנצער שטאָף פון וועלטאַל איז אַ מאָדיפי־קאַציע (אַן אומענדערונג, אַן אומוואַנדלונג) פון דער דאָזיקער געטלעכער קראַפט. אַלץ געשעט לויט אַן אינעווייניקסטער און אַבסאָלוטער נויטווענדיקייט, און דאָס אַבסאָלוט נויטווענדיקע איז צוגלייך דאָס אַבסאָלוט צוועקמעסיקע. אָט דערפון דרינגט אַרויס די עטישע פאָדערונג: לעבן אין הסכם מיט דער נאַטור! און ווייל דער מענטשלעכער שכל, ווי ווייט ער פאַרדינט ווירקלעך דעם דאָזיקן נאָמען, איז אַ טייל פונם וועלט־שכל, דאַן הייסט לעבן בהסכם מיט דער נאַטור צוגלייך אויך לעבן בהסכם מיטן שכל.

פירן זיך זיטלעך, מאָראַליש, טאָן גוטס איז אין גרונד ניט קיין אַנדער זאַך ווי אַ מיטל פון זעלבסטפאַרהיטונג און זעלבסטבאַפעסטי־קונג. אָבער אײַנהיטן זיך, זיך העלפן און פאַרבעסערן, אין טיפערן זין, הייסט צוגלייך אויך אײַנהיטן, העלפן און פאַרבעסערן דעם וואוילשטאַנד פון כלל. זינד און מאָראַלישע פאַרדאָרבנקייט איז ניט קיין אַנדער זאַך ווי זעלבסט־

די געדאַנקען און געפילן, ניט בלויז אין אויסערלעכע מעשים. זיי זיינען דידאָזיקע לערע אויף זייער שטייגער סומך אויף דעם פסוק פון תהילים: „לא יהיה בך אל זר" — דו זאָלסט אין דיר ניט האָבן קיין שום פרעמדן גאָט. זיי שטעלן דאָ די פראַגע: וואָס פאַר אַ פרעמדער גאָט קאָן וואוינען ביים מענטשן אין האַרצן? און זיי ענטפערן: די בייזע פאַרלאַנגען! זיי פאַרווערן שטרענג אָפּצונאַרן אַפילו אַ געצנדינער ניט בלויז מיט מעשים, נאָר אַפילו מיט רייד, וואָס זיינען קיין שום מענטשן ניט גורם קיין שום שאָדן. מ'טאָר, למשל, ניט באַגעגענען קיין שום מענטשן מיט די געוויינלעכע ווערטער פון העפלעכקייט: „איך פריי מיך אַייך צו זען גליקלעך", אויב די ווערטער גייען ניט אַרויס פון גאַנצן האַרצן.

די צוררי ישראל ברענגען געוויינלעך אַנטקעגן ביישפּילן

---

שטערונג, אַ קראַנקהייט פון דער נשמה. בהסכם מיטן שכל און מיט דער נאַטור ריכטיק עפעס פאַרלאַנגען אָדער זיך אָפּזאָגן פון עפעס, טאָן אָדער ניט טאָן עפעס — איז אַליין אַן ערבות פאַרן מענטשנס גליק. ריכטיק באַגערן אָדער מיידן פאָדערט אָבער גייסטיקע קראַפט, כאַראַקטער, דאָס הייסט — דאָס אינעווייניק־סטע איך דאַרף שטייגן ביז צו ווערן די העכסטע קראַפט לגבי אויסן, וואָס בויגט זיך ניט פאַרן גורל און לאָזט זיך ניט ברעכן דורך קיין שום קראַפט.

היות אָבער אין אַלע מענטשן לעבט דער זעלביקער שכל, ווייל מיר אַלע זיינען גאָטס קינדער, בכן דאַרף זיין איין רעכט און איין מלוכה פאַר דער גאַנצער מענטשהייט. אַזוי שטעלן די סטאָיקער אַוועק אויפן אָרט פון איינצלנע מלוכות אַ וועלט־מלוכה, אויפן אָרט פון פּאָליטיק דעם קאָסמאָפּאָליטיזם.

דער יסוד פונם סטאָיציזם איז—די נויטווענדיקייט, די פּאַטאַלע נויטווענדיקייט. דער ציל זיינער איז—די העכערע באַקוועמלעכקייט, די העכערע, אָבער דאָך פּראַקטישע באַקוועמלעכקייט פון לעבן, און דאָס פאַרנונפטיקע גליק. דער מיטל דערצו איז — דער עצם סטאָיציזם, די אויסאַרבעטונג פון אַ שטאַרקן כאַראַקטער. דער סטאָיציזם האָט אין זינען יחידים, אַ סך יחידים, אָבער ניט די מאַסן. ביים סטאָיציזם איז אַלץ שכלדיק קאַלט, ניטאָ קיין ליבע. ניטאָ אויך קיין אידעע פון פּראָגרעס און פון פולקומענהייט.

דער איבערז.

פון יידן, וואָס נאַרן אָפּ קריסטן אָדער געצנדינער, אָבער דאָס איז לחלוטין ניט קיין באַווייז קעגן דער מאָראַלישער לערע פון תּלמוד. פאַרקערט, דידאָזיקע רמָאים האַנדלען גראָד קעגן אַלע פּרינציפּן פון דער דאָזיקער לערע.

דעם געבאָט: „לא תחמוד כל אשר לרעך" (דו זאָלסט ניט גלוסטן קיין שום זאַך, וואָס געהערט צו דיין מיטמענטשן) טייטשן די חכמי התלמוד אויס אַזוי, אַז מ'טאָר אַפילו אין האַרצן ניט פאַרלאַנגען צו באַזיצן יענעמס.

קורץ, ווען איך זאָל וועלן צונויפזאַמלען אַלע מערקווירדיקע און דערהייבענע לערן פון דער תּלמודישער מאָראַל, וואָלט איך געדאַרפט אָנשרייבן אַ גאַנצן גרויסן ספר וועגן דעם.

און מיר זעען, אַז די השפּעה פון דידאָזיקע לערן האָט זיך אָפּגעשטעמפּלט שטאַרק אויפן פּראַקטישן לעבן פון די יידן. די יידן אין פּוילן, וואו עס איז זיי פון אַלע צייטן דערלויבט צו באַשעפטיקן זיך מיט אַלע צווייגן פון פּרנסה, הערן זעלטן דעם פאָרוואורף אין רמאות, — ניט ווי די יידן אין אַנדערע לענ־דער, וואָס עס לאַסטעט אויף זיי די גזירה צו באַשעפטיקן זיך בלויז מיט „סחר־מכר" און מיט געלטוואוכער. די פּוילישע יידן בלייבן געטריי דעם לאַנד, וואו זיי וואוינען, און דערנערן זיך מיט ער־לעכער פּראַצע.

אַלע ווייסן זייער צדקה און זאָרג פאַר זייערע אָרעמעלייט, זייערע מוסדות צו שטיצן און קורירן אָרעמע חולאים, זייערע חברה־קדישאס, וואָס טוען אָפּ דעם גמילת חסד של אמת. זיי דינגען ניט קיין מענטשן פאַר געלט אויף אַרומצוגיין אַרום די חולאים און אויף מתעסק זיך צו זיין מיט דער קבורה פון די מתים, נייערט די עלטסטע און די נכבדים פון דער עדה זיינען זיך פערזענלעך עוסק מיט דידאָזיקע מצוות.

די פּוילישע יידן זיינען, אמת, גרעסטנטיילס נאָך ניט אויפגעקלערט דורך דער ליכט פון דער השכלה, זייערע מידות און זייער לעבנסשטייגער זיינען נאָך רוי, אָבער זיי זיינען גע־טריי דער רעליגיע פון זייערע אָבות און די געזעצן פונם לאַנד; זיי קענען אייך ניט מקבל פּנים זיין מיט גלאַטינקע ריידעלעך און

אויסוויינקסטער העפלעכקייט, אָבער זייער צוזאָג, זייער וואָרט איז ביי זיי הייליק. זיי זיינען ניט גאַלאַנט מיטן שיינעם מין, אָבער דערפאַר קענט איר זיכער זיין, אַז זיי וועלן ניט אויס־שפרייטן קיין נעצן פאַר דער אומשולד פון אַייערע ווייבער און טעכטער. לויטן שטייגער פון די פעלקער פון די מזרח־לענדער, פאַרגעטערן זיי ניט די פרוי, אָבער אַנשטאָט דעם דערפילן זיי זייערע פליכטן צו זייערע ווייבער מיט נאָך מער געטריישאַפט. זייערע קינדער האָבן ניט אויסגעלערנט אויף אויסוויינעק קיין שום פאָרמולעס, ווי אַזוי מיט שיינע רייד אויסצודריקן זייערע געפילן פון ליבע און כבוד צו זייערע עלטערן, ווייל זיי האַלטן ניט קיין פראַנצויזישע דערציערינס, אָבער דערסטאָ פשוטער דערפאַר און האַרציקער לעבן זיי און אַכטן זיי זייערע עלטערן.

באַזונדערס פאַרדינט באַמערקט צו ווערן די הייליקייט פון זייער מאַן־ און ווייב־לעבן און די אייביק נייע צערטלעכקייט, וואָס איז אָפּהענגיק פון דעם. אַלע חודש איז דער מאַן פערצן טעג איינגאַנצן אָפּגעשיידט פון זיין ווייב (די מאָנאַטלעכע רייניקונג לויטן געזעץ פון דער תורה); זיי טאָרן זיך איינער אָן דעם אַנדערן אַפילו ניט אָנרירן, ניט עסן פון איין שיסל און ניט טרינקען פון איין בעכער, — און דערפאַר ווערן זיי איינער צום אַנדערן קיינמאָל ניט איבערדריסיק. די פרוי בלייבט שטענדיק אין די אויגן פון איר מאַן, ווי אַ כלה אין די אויגן פון איר חתן.

און צום סוף — וואָס פאַר אַן אומשולד עס הערשט צווישן זייערע בחורים און מיידלעך! אַ יינגל מיט אַ מיידל פון זעכצן אָדער פון אַכצן יאָר האָבן חתונה און האָבן ס'רוב די מינדסטע אַנונג ניט פון דעם סוד און צוועק פון חתונה־האָבן, — וואָס איז צווישן אַנדערע אומות געוויס זייער אַ זעלטענע ערשיינונג.

---

# זעכצנטער קאַפּיטל.

## פרומקייט און וועגן פון תשובה.

אין מיין יוגנט בין איך געווען שטאַרק פרום, און אַז איך האָב באַמערקט אויף צווישן אַ סך רבנים פיל גאוה, אַ תשוקה צו קריגן זיך און אַנדערע שלעכטע מידות, האָב איך זיי פיינט באַקומען. איך האָב מיר דעריבער אויסגעקליבן פאַר אַ מוסטער בלויז די „חסידים", די פרומע, וואָס צווישן זיי, וואָס גיבן אָפּ זייער גאַנץ לעבן צום אָפּהיטן שטרענג די מצוות און אויף אויס־צואַרבעטן אין זיך גוטע מידות. אין משך פון דער צייט האָב איך אָבער געהאַט די געלעגנהייט צו באַמערקן, אַז דידאָזיקע לייט, כאָטש זיי טוען, אמת, קיין אַנדערן קיין שלעכטס ניט, אָבער זיך אַליין ברענגען זיי גרויס שאָדן. זיי גיסן אויס, לויטן באַקאַנטן שפּריכוואָרט, צוזאַמען מיטן וואַסער פונם מולטער אויך דאָס קינד, דען אין זייער צופיל „חסידות" אַרבעטן זיי מיט כל אַמצי כוחות גובר צו זיין דעם יצר־הרע און אונטערצודריקן די תאוות, אָבער אין דער זעלבי־קער צייט אונטערדריקן זיי אַליין דערמיט גופא אויך זייערע פיזישע קרעפטן, פאַראַליזירן די אייגענע טעטיקייט און אָפּט דערנעענטערן זיי מיט זייערע „סיגופים" און „תשובות" דעם איי־בעגעם טויט.

בכדי צו באַשטעטיקן דעם אמת פון מיינע רייד, וועט גע־נוג זיין איבערצוגעבן דאָ אַ פּאָר פאַקטן, וואו איך בין אַליין געווען אַן עד־ראיה. אין דער שטאָט לובטש האָט געלעבט אַ

באַוואוסטער געלערנטער ייד ר׳ שמעון, וואָס זיין איינציקער
ציל אין לעבן איז געווען אויסצולייטערן זיין נשמה דורך שטרענ=
גער תשובה. ער האָט שוין דורכגעמאַכט די „תשובת הַקָנֶה"[1]),
ד. ה. ער האָט זעקס יאָר כסדר געפאַסט אַלע טאָג, און אַלע
אָוונט ביים אָפּפאַסטן זיך האָט ער ניט גענאָסן פון קיין שום
שפּייז, וואָס קומט פון אַ בעל=חי, ווי, למשל, פיש, פלייש, מילכ=
שפּייזן, האָניק וכדומה; האָט אָפּגעריכט „גלות", ד. ה. האָט
אומגעוואַנדערט ווי אַן עלנטער נע=ונדניק, איז אין איין אָרט ניט
פאַרבליבן קיין צוויי טעג, און האָט געטראָגן אַ האָרענעם זאַק
אויפן הוילן לייב. אָבער ר׳ שמעון לובטשער האָט גע=
גלויבט, אַז ער האָט נאָך אַלץ ניט גענוג געטאָן אויף צו דער=
גרייכן אַ פאַרגעבונג פון זיינע כלומרשטיקע זינד, און האָט אויף
זיך גענומען די „תשובת הַמִשְׁקָל" (די תשובה פון אָפּוועגונג),
ד. ה. אָפּצוּוועגן איטלעכע זינד און פייניקן דעם גוף פּראָפּאָר=
ציאָנעל צו דער וואָג. אָבער ער האָט אויסגערעכנט און געפונען,
אַז די צאָל פון זיינע זינד איז צו גרויס, ער זאָל קענען ברענגען
זיי אַ „תיקון" דורך דער „תשובת המשקל" — בכן האָט ער באַ=
שלאָסן צו געפינען אַ כפרה אויף זיינע עוונות אויף אַ פשוטן
אופן — זיך צו פאַרהונגערן ביז טויט. און אַזוי האָט
ער טאַקע געטאָן. גאָכדעם ווי ער האָט אַ געוויסע צייט צוגעבראַכט
אויף אַזאַ אופן, איז ער אויף זיין וואַנדערוועג איינמאָל געקומען
אין וואוינאָרט פון מיין פאָטער, און ניט זאָגנדיק קיינעם פון די
הויזלייט קיין וואָרט, איז ער אַריין אין שייער און אַנידערגעפאַלן
אויף דער ערד אין חלשות. מיין פאָטער איז דאַן גראָד צופעליק
אַריין אין שייער און האָט געפונען אויף דער ערד ר׳ שמעונען,

---

1) קָנֶה — שילפראָר, טשערעט. וואַקסט ביי די ברעגעס פון וואַ=
סערן, אין זומפּן. איז בויגעוודיק, און ביי ווינטן בויגט עס זיך שטאַרק.
ווערט גערעכנט פאַר אַ סימבאָל פון הכנעה, דערשלאָגנקייט, דערנידעריקטקייט.
תשובת הקנה הייסט די תשובה פון אַ נכנע, אַ שפל=רוח. די מדרגה
פון אַ שפל=רוח דערגרייכט מען דורך תעניתים און סיגופים.

דער איבערז.

וועמען ער האָט שוין לאַנג געקענט, אַ האַלב־טויטן מיט אַ „זוהר" אין דער האַנט (דאָס הויפּט־ווערק פון קבלה).

אַזוי ווי מיין פאָטער האָט אים שוין געקענט, האָט ער תיכּף געבראַכט וויין און כל המינים אַנדערע דערפרישונגס־מיטלען, אָבער ר' שמעון האָט בשום אופן דערפון נישט געוועלט פאַרזוכן. מיין פאָטער האָט שטאַרק געבעטן ר' שמעונען עפּעס נעמען אין מויל זיך צו אַדחַיֶיהן, אָבער עס האָט גאָרנישט געהאָלפן. און אַזוי ווי מיין פאָטער איז אין דער צייט געווען גראָד זייער פאַרנומען אין הויז מיט אַן אַרבעט, און ר' שמעון האָט זיך געוועלט אַרויסדרייען פון זיין ווייטערדיקן צושטיין, האָט ער אָנגעשטרענגט אַלע זיינע קרעפטן, זיך געשטעלט אויף די פיס, איז אַרויס פון שייער און צום סוף אַוועק פון דאָרף. ווען מיין פאָטער איז ווידער אַריין אין שייער און האָט דאָרטן ר' שמעונען מער ניט געפונען, איז ער אים נאָכגעלאָפן און האָט אים געפונען ניט ווייט הינטערן דאָרף ליגן — שוין אַ טויטן. די זאַך איז באַלד באַקאַנט געוואָרן אומעטום אין תפוצות ישראל, און ר' שמעון איז געוואָרן אַ קדוש.

און אַן אַנדער חסיד, ר' יוסיל פון קלעצק, האָט גענומען אויף זיך איין קלייניקייט — צוצואיילן דאָס קומען פון משיח. צו דעם דאָזיקן צוועק האָט ער גענומען אויף זיך אַ שטרענגע תשובה, האָט געפאַסט הפסקות, געקייקלט זיך אין שניי, ניט געשלאָפן און געפּראַוועט „תקון חצות" וכדומה. ער האָט בתמימות געגלויבט, אַז מיט איטלעכער פון דידאָזיקע אָפּעראַציעס פאַרטיליקט ער אַ גאַנצן לעגיאָן בייזע רוחות, וואָס שטייען משיחן אין וועג און דערלאָזן ניט זיין קומען[1]. דערצו

[1]) אַזוי האָט אַ געוויסער שוטה, מיטן נאָמען חוזק, געוואָלט אויסהונגערן די שטאָט לעמבערג, וואָס ער איז אויף איר געווען אין כעס. צו דעם צוועק האָט ער זיך אַוועקגעלייגט הינטער דער מויער, בכדי מיט זיין קערפּער צו באַלאַגערן די שטאָט. דער פּועל־יוצא פון דער דאָזיקער באַלאַגערונג איז אָבער געווען, אַז ער איז כמעט געשטאָרבן פון הונגער, — די שטאָט אָבער האָט פון הונגער גאָר ניט אָנגעהויבן צו וויסן. הערה פון מחבר.

זיינען נאָך צום סוף צוגעקומען אַ סך שטותערייען פון דער „פּראַקטישער קבלה": ער האָט געריכערט קטורת, געמאַכט באַ־שווערונגען וכדומה, ביז זיין שכל איז סוף־כל־סוף אינגאַנצן פאַרטונקלט געוואָרן און ער האָט אָנגעהויבן גלויבן, אַז ער זעט גייסטער (מלאכים) מיט אָפענע אויגן, האָט יעדערן פון זיי אָנ־גערופן מיטן נאָמען; ער האָט געוואָרפן אַלץ אַרום זיך ווי אַ מטורף, געבראָכן פענסטער און אויוונס, מיינענדיק, אַז ער האַלט עס מלחמה מיט זיינע שונאים די בייזע רוחות (ממש ווי זיין פאָרגייער דאָן־קישאָט), — ביז ער איז צולעצט געבליבן ליגן אויף דער ערד אינגאַנצן אָן כוחות. אַזוי איז דער דאָזיקער מענטש אַראָפּ פון זינען דורך זיין חסידות און זיינע פאַנטאַזיעס, און בלויז מיט פיל מי האָט זיך דעם פּירשט ראַדזיווילס לייב־דאָקטאָר איינ־געגעבן אים אויסצוהיילן און צוריק צו זיך צו ברענגען.

איך האָב אויך געפּרוּווט נאָכטאָן די חסידים, אָבער, צום באַדויערן, האָב איך אין די נסיונות פון דער דאָזיקער פרומקייט ווייט ניט געקענט אַוועקגיין. מיר איז בלויז געלונגען אַ געוויסע צייט איינצוהאַלטן זיך פון צו עסן שפּייזן, וואָס קומען פון בעלי־חיים, און צו פאַסטן אין די עשרת־ימי־תשובה דריי טעג נאָך דער ריי. איך האָב מיך, אמת, אַנטשלאָסן צו נעמען אויף זיך די „תשובת הקנה"[1]. אָבער פונקט ווי אַנדערע, איז אויך דער דאָ־זיקער פּראָיעקט געבליבן ניט אויסגעפירט, נאָכדעם ווי איך בין דורכגעדרונגען געוואָרן מיט די מיינונגען פונם רמב"ם, וואָס האָט ניט געהאַט ליב די אָבערגלויבנס און די איבערטריבענע פרומקייט. עס איז מערקווערדיק, וואָס אין דער צייט, ווען איך האָב נאָך אויפן שטרענגסטן אופן אָפּגעהיט אַלע דינים פונם „שלחן־ערוך", האָב איך פונדעסטוועגן ניט געוועלט אָפּהיטן געוויסע דינים, וואָס האָבן געהאַט אין זיך עטוואָס קאָמישעס.

צו דער דאָזיקער קאַטעגאָריע דינים האָט געהערט, למשל, דער ענין מלקות שלאָגן ערב־יום־כּיפּור, ווען יעדער ייד לייגט זיך אין שול אויפן בויך און אַן אַנדערער ציילט אים אַריין

---

[1]) זע אויבן.

מיט אַ רימען ניין און דרייסיק שמיץ[1]). אַזוי איז אויך דער ענין התּרת נדרים (דאָס באַפרייען זיך פון נדרים) ערב-ראש-השנה, ווען עס זעצן זיך דריי יידן אַלס שופטים און פאַר זיי שטעלט זיך אַ ייד, וואָס וויל זיך באַפרייען פון זיינע נדרים, און ווענדט זיך צו זיי אין אַ געוויסן נוסח אומגעפער מיט אַזאַ מין אינהאַלט: „רבותי! איך ווייס, וואָס פאַר אַ שווערער חטא עס איז ניט מקיים צו זיין אַ נדר, און היות ווי איך האָב אין משך פון יאָר געוויס אַרויסגעכאַפּט זיך מיט נדרים, וואָס איך האָב זיי נאָך ניט מקיים געווען און וואָס איך קען מיר איצט אַפילו ניט דערמאָנען, — בכן בעט איך אייך, איר זאָלט מיר מַתּיר נדר זיין. איך האָב קיין חרטה ניט אויף מיינע גוטע אַנטשלוסן, וואָס איך האָב מיך צו זיי מתחייב געווען מיט מיינע נדרים; איך האָב נאָר פאַרדרוס, וואָס איך האָב צו די דיזאָזיקע אַנטשלוסן ניט צוגעגעבן די ווערטער „בלי נדר" א. אַז. וו." נאָכדעם דערווייטערט ער זיך פון די ריכטער, טוט אויס די שיך און זעצט זיך אויף דער דיל, ווי ער וואָלט זיך אַליין אַריינגעלייגט אין חרם, ביז זיינע נדרים וועלן אויפגעבונדן ווערן. נאָכדעם ווי ער זיצט אַזוי אָפּ אַ געוויסע צייט און מורמלט פאַר זיך שטיל אַ תּפילה, ווענדן זיך צו אים די ריכטער בקול רם: „אחינו אתּה, אחינו אתּה, אחינו אתּה! נאָכדעם ווי דו האָסט זיך איבערגעגעבן צום בית-דין, איז ניטאָ מער קיין שום נדר, קיין שום שבועה, קיין שום חרם! שטיי אויף פון דער ערד און קום צו אונז".—דאָס חזרן זיי איבער דריי מאָל, און דערמיט ווערט דער מענטש מיט איין מאָל באַפרייט פון אַלע זיינע נדרים.

ביי אַזעלכע טראַגיקאָמישע סצענעס פלעג איך מיך בלויז מיט גרויס מי קענען איינהאַלטן פון לאַכן. איך פלעג רויט ווערן פון חרפּה, ווען איך פלעג געצוואונגען זיין דורכצומאַכן אַזוינע צערעמאָניעס. איך פלעג דעריבער שטענדיק זוכן אַרויסצומאַכן זיך פון זיי, מיטן אויסרייד, אַז איך האָב עס שוין דורכגעמאַכט אין

[1]) דאָס איז אַן אָפּקומעניש פאַר געוויסע זינד, בכדי גאָט זאָל שוין פאַר זיי ניט שטראָפן. דער איבערז.

אָן אַנדער קלויז אָדער אַז איך וועל עס נאָך שפּעטער דורכמאַכן.

דאָס איז זייער אַ מערקווירדיקע פּסיכאָלאָגישע ערשיינונג. מ׳קען מיינען, אַז ס׳איז אוממעגלעך, אַ מענטש זאָל זיך שעמען פאַר אַזוינע מעשׂים, וואָס אַלע אַנדערע טוען אָן שום בושה. פונ־דעסטוועגן איז עס פּאָרט אַ פאַקט געווען. דידאָזיקע ערשיינונג לאָזט זיך דערקלערן בלויז דורך דעם, וואָס איך האָב אַלע מאָל געהאַט אַ באַזונדערן קוק אויף די מעשׂים פון די מענטשן. איך בין געוווינט געווען ביי אַלע מיינע האַנדלונגען צו באַטראַכטן קודם־כּל דעם כאַראַקטער פון דער האַנדלונג (צי עס איז רעכט אָדער ניט רעכט, אָנשטענדיק אָדער ניט אָנשטענדיק) און נאָכדעם ערשט צו זוכן דעם צוועק אירן; און ערשט דאַן נעם איך אָן די האַנדלונג פאַר אַ מיטל צו אַ תּכלית, ווען איך געפין אין איר כאַראַקטער קיין שום פעלער ניט. דער דאָזיקער פּרינציפּ האָט זיך ביי מיר נאָכדעם פולקום אַנטוויקלט און איז געוואָרן דער יסוד פון מיין רעליגיעזער און מאָראַלישער שיטה. אָבער די מערסטע מענטשן דענקען ניט אַזוי און דער פּרינציפּ פון זייער מאָראַל איז: דער ציל כּשרט די מיטלען.

# זיבעצנטער קאַפּיטל.

## פריינדשאַפט און פילאָסאָפירונגען.

אין מיין שטעטל האָב איך געהאַט אַן אויפריכטיקן פריינד — משה לפידות. מיר זיינען ביידע געווען אין איין עלטער, האָבן באַזעסן גלייכע ידיעות און געלעבט כמעט אין גלייכע אויסווייניקסטע באַדינגונגען; מער ניט איך האָב פון מיינע סאַמע פריע יאָרן אָן געהאַט אַ תשוקה צו וויסנשאַפטן, בעת לפידות, כאָטש ער האָט געהאַט אַ נטיה צו פילאָסאָפירן און האָט פאַרמאָגט שאַרפזין און אַ געזונטן לאָגישן שכל, האָט ער אָבער ניט געוואָלט חקירהן זיך טיפער, ווי דאָס האָט דערלויבט זיין געזונטער פאַרשטאַנד. מיט דעם דאָזיקן פריינד פלעג איך מיך אָפט אונטערהאַלטן וועגן ענינים, וואָס זיינען געווען נאָענט אונזערע ביידנס הערצער, באַזונדערס וועגן די ענינים פון רעליגיע און מאָראַל.

מיר זיינען געווען די איינציקע אין שטעטל, וואָס האָבן געוואַגט ניט נאָכצומאַכן אַלץ אָן אַ חשבון, נאָר אויך וועגן אַלץ זעלבשטענדיק צו דענקען. עס איז על כן געווען גאַנץ נאַטירלעך, וואָס ווייל מיר ביידע האָבן זיך אונטערשיידט מיט אונזערע מיינונגען און מעשים פון אַלע איבעריקע יידן פון דער עדה, האָבן מיר זיך ביסלעכווייז אַלץ מער און מער דערווייטערט פון איר, און צוליב דעם האָט זיך אונזער מצב אַלץ מער און מער פאַרערגערט, ווייל מיר זיינען געווען אָפּהענגיק פון דער עדה. מיר האָבן דאָס, אמת, באַמערקט, אָבער מיר האָבן פונדעסטוועגן ניט

געוואָלט מקריב זיין אונזערע ליבע אידעען צוליב קיין שום מאַ־טעריעלע אינטערעסן אין דער וועלט. מיר האָבן זיך דעריבער געטרייסט, וויפיל מיר האָבן געקאָנט, איבער דעם מאַטעריעלן שאָדן אונזערן, מיר האָבן שטענדיק אַ סך גערעדט וועגן די הבלים פון דער חמריותדיקער וועלט און וועגן די רעליגיעזע און מאָראַלישע טעותן פונם המון, וואָס מיר האָבן אויף אים געקוקט פון אויבן אַראָפּ מיט אַ מין איידעלן שטאָלץ און פאַראַכטונג.

באַזונדערס פלעגן מיר אָפט ריידן וועגן דער מענטשלעכער צביעות. למשל, אין אונזער מקום האָט אויסגעבראָכן אַ פּאָקן־עפּידעמיע און עס זיינען אויסגעשטאָרבן אַ סך יידישע קינדער. האָבן זיך פאַרזאַמלט די ראשי הקהל אויף אַ ישוב־הדעת, ווי אויסצו־זוכן די געהיימע חטאים, וואָס פאַר זיי איז עס זיכער אָנגעשיקט געוואָרן אויף דער עדה דידאָזיקע שטראָף. נאָך אַ חקירה־ודרישה איז דערוואוסט געוואָרן, אַז אַ יידישע יונגע אַלמנה פלעגט צו פריי פאַרקערן מיט די משרתים פונם פירשט ראַדזיווילס הויף. מ׳האָט גלייך געשיקט נאָך איר, אָבער נאָכן גאַנצן שטרענגן פאַר־הער האָט מען מער ניט געקענט אַרויסבאַקומען ווי דאָס, אַז זי בעטט אַפילו יאָ אויף גאַנץ פריינדלעך דידאָזיקע לייט, וואָס קו־מען צו איר טרינקען מעד, אָבער קיין „פריצות״ קען מען דערין ניט אַיינזען, ווייל דאָס איז בלויז אַ העפלעכער מנהג. די ראשי הקהל האָבן קיין שום אַנדערע ראיות ניט געהאַט און האָבן שוין געוואָלט אָפּלאָזן די פרוי בשלום, ווי מיטאַמאָל האָט זיך אין קהל־שטוב אַריינגעריסן ווי אַ בייזע פוריע אַן עלטערע פרוי פּ. און גענומען שרייען:

— שלאָגט זי, שלאָגט זי כּל־זמן זי וועט זיך ניט מודה זיין אויף איר פאַרברעך! אויב איר וועט עס ניט טאָן, וועט אויף אייך פאַלן די שולד פון טויט פון אַזויפיל אומשולדיקע נפשות!

ל׳ פּ י ד ו ת, וואָס האָט צוזאַמען מיט מיר בייגעוואוינט די־דאָזיקע סצענע, האָט געזאָגט צו מיר:

— פריינד, דו מיינסט, אַז פּ. קלאָגט אַזוי שאַרף אָן די אַלמנה, ווייל זי איז דאָס אַזוי באַגייסטערט מיט הייליקע געפילן פאַר טובת הכלל? לחלוטין ניין! זי איז בלויז בייז אויף דער

יונגער, ווייל יענע געפּעלט נאָך, בעת זי אַליין, די זקנה, קען שוין קיינעם ניט געפעלן.

איך האָב אים פאַרזיכערט, אַז ער אורטיילט פּונקט אַזוי ווי איך.

לפידות האָט געהאַט אָרעמע שוויגערעלטערן. זיין שווער איז געווען אַ שמש אין אַ שול און מיט זיין אָרעמער שכירות האָט ער מפרנס געווען זיין פאַמיליע מיט גרויס דוחק. אַלע פרייטאָג פלעגט דעריבער דער אָרעמער מאַן מוזן, נעבעך, אויס־הערן פון זיין ווייב כל המינים קללות און זלזולים, ווייל ער האָט איר קיינמאָל ניט געקענט געבן אויף אַלע נייטיקע הוצאות לכבוד דעם הייליקן שבת. לפידות האָט דאָס מיר דערציילט און צוגע־געבן דידאָזיקע ווערטער:

— מיין שוויגער וויל מיך איינריידן, אַז זי ברענט מיט קנאה לכבוד דעם שבת־קודש. ניין, אין דער אמתן פייערט זי פאַרן כבוד פון איר הייליקן מאָגן, וואָס זי קען אים ניט אָנ־פילן ווי זי וויל. דער הייליקער שבת דינט איר בלויז פאַר אַן אויסרייד.

איינמאָל זיינען מיר געגאַנגען שפּאַצירן אויפן וואַל, וואָס אַרום שטאָט, און ריידנדיק וועגן דער נטיה פונם מענטשן אָפּצו־נאַרן זיך און יענעם, האָב איך געזאָגט צו לפידותן:

— פריינד! לאָמיר זיין גערעכטיק און לאָמיר אויך זיך אַליין שטעלן אונטערן רוט פון דער קריטיק, ווי מיר טוען עס בנוגע אַן אַנדערן. אפשר איז דער שטייגער לעבן פון חקרנים און גריב־לער, וואָס מיר פירן און וואָס שטימט כלל ניט מיט די אומ־שטאַנדן פון אונזער אויסווייניקסטן לעבן, — אפשר איז ער אַ פועל־יוצא פון אונזער פוילקייט און פון אונזער נטיה צו ליידיק־גיין, וואָס מיר זוכן אַליין צו שטיצן מיט אונזער חקרנען זיך וועגן דעם הבל־הבלים פון דער וועלט? מיר זיינען איצט צופרידן מיט אונזער גורל און קלאָגן זיך ניט אויף אונזער מצב, — פאַר־וואָס? ווייל מיר קענען אונזערע אומשטאַנדן ניט ענדערן, כל־זמן מיר ווילן ניט גובר זיין אונזער נטיה צו בטלנות. מיר באַמיען זיך איינצורעדן זיך און אַנדערע, אַז מיר פאַראַכטן אַלע זאַכן,

וואָס זיינען אויסער אונז, — די הבלים פון דער וועלט, — אָבער מיר קענען פונדעסטוועגן זיך ניט איינהאַלטן פונם געהיימען וואונטש בעסער צו עסן און אָנצוטאָן זיך בעסער, איידער מיר זיינען עס איצט אין שטאַנד צו טאָן. מיר זידלען אונזערע פריינד י. ר., ה. א. אַז. וו., אַז זיי זיינען פאַרזונקען אין די תענוגים און הבלים פון עולם הזה, ווייל זיי האָבן פאַרלאָזן אונזער לעבנס־שטייגער און האָבן זיך אויסגעקליבן געשעפטן, וואָס זיינען צוגעפּאַסט פאַר זייערע כוחות. אין וואָס באַשטייט אָבער אונזער יָתֶר־שְׂאֵת, לְגַבֵּי זיי, ווען מיר גיבן זיך אָפּ אונזער נטיה צו ליידיק־גיין, פונקט ווי זיי גיבן זיך אָפּ זייערע נטיה צו האָבעווען און צו רוָחים? און אויב מיר ווילן מיטן גאַנצן האַרצן דערגרייכן אַ יתר־שאת קעגן אונזערע חברים, דאַן זאָל עס באַשטיין דערין, וואָס מיר ווילן לכל־הפחות מודה זיין אויף דעם דאָזיקן אמת, אַז מיר פירן אַ לעבן פון חקרנים בלויז בכדי נאָכצוגעבן אונזער נטיה צו בטלנות, אָנשטאָט דעם וואָס זיי, אונזערע חברים די „פּראַקטיקער“, ווילן ניט מודה זיין אין זייער נטיה צו האַבענעריי און וואוילטאָגן און גיבן אָן ווי אַ גרונד פאַר זייערע עסקים — זייער באַגייסטערטע שטרעבונג צו טובת הכלל.

דידאָזיקע רייד האָבן געמאַכט אויף לַפּידותן אַ שטאַרקן איינדרוק, און ער האָט דערויף געענטפערט מיט התלהבות:

— דו ביסט, פריינד, פולקום גערעכט! אויב מיר קענען ניט פאַרבעסערן אונזערע פעלערן שוין איצט, טאָ לאָמיר זיך אליין ניט נאַרן און קוקן מיט אָפענע אויגן, כדי צו קענען לכל־הפחות דורכלייגן אַ וועג פאַר אונזער תיקון.

אין אזעלכע אונטערהאַנדלונגען האָבן מיר, ציניקער, פאַרבראַכט אונזערע אָנגענעמסטע שָעהן, אָפּשפּעטנדיק אַמאָל פון דער גאַנצער וועלט, אַמאָל — פון זיך אליין. לפּידותעס אַלטער שמוציקער בגד איז אינגאַנצן צעפאַלן געווען, ס'האָבן אַראָפּגעהאַנגען פון אים הוילע שטיקער און איין אַרבל איז געווען לגמרי אָפּגעריסן פונם איבעריקן טייל; און מחמת ער איז קיינמאָל ניט געווען ביכולת צו געבן אים פאַרריכטן, פלעגט ער דעם

דאָזיקן אַראָפּגעפּאַלענעם אַרבל צושפּילען מיט אַ שטעקנאָדל אויפן רוקן אַנטקעגן נאַקן און פּלעגט פרעגן ביי מיר: „זע איך ניט אויס ווי אַן אמתער שליאַכציץ (פּוילישער פּריץ)?" — איך ווידער האָב ניט געקענט געווּנג אָנקוועלן פון מיינע צעריסענע שיך, וואָס זיינען פון פאָרנט געווען איינגאַנצן פונאַנדערגעקלייעט, און איך האָב זיי געלויבט: „זיי דריקן גאָר ניט, — אַ מְחַיֶה!"

איך מיט מיין חבר זיינען גלייך געווען איינער צום אַנדערן מיט אונזערע נטיות און מיט אונזער שטייגער לעבן; אונטערשיידט האָבן מיר זיך בלויז מיט אונזערע פעיקייטן, אָבער דאָס האָט געמאַכט אונזער אונטערהאַלטונג נאָך אָנגענעמער. איך האָב געהאַט מער טאַלענט צו וויסנשאַפטן, האָב געשטרעבט מער צו גרינדלעכקייט און פּינקטלעכקייט פון מיינע ידיעות, איידער לפּידות. לפּידות אָבער האָט געהאַט אַ יתר־שאת לגבי מיר מיט זיין לעבעדיקער פאַנטאַזיע, און, ווי אַ פּועל־יוצא דערפון, איז ער געווען פעיקער ווי איך צו ריטאָריק און דיכטערישער קונסט. ווען איך פלעג אַרויסזאָגן אַ נייעם געדאַנק, פלעגט מיין פריינד אים תיכף דערקלערן און לעבעדיק מאַכן מיט אַ סך ביישפּילן און לעבעדיקע בילדער.

אונזער פריינדשאַפט איז געוואָרן אַזוי גרויס, אַז ווען עס פלעגט זיך נאָר לאָזן, פלעגן מיר פאַרברענגען צוזאַמען טאָג און נאַכט. אַז מיר פלעגן זיך אומקערן צוריק פון די שטעלעס, וואו מיר זיינען געווען אויף קאָנדיציע, פלעגן מיר צוערשט אַריינגיין איינער צום אַנדערן געוואָר ווערן, נאָך איידער מיר האָבן אַפילו באַוויזן צו זען אונזערע פאַמיליעס. מיט דער צייט האָבן מיר איבער אונזער באַגייסטערטן פאַרברענגען צוזאַמען אַפילו אָנגעהויבן פאַרנאַכלעסיקן די געוויינלעכע שעהן פון דאַווענען בציבור. צוערשט האָט לפּידות זיך גענומען דערוויזן, אַז אַפילו די חכמי־התלמוד גופא האָבן ניט אַלעמאָל געדאַווענט אין די שולן, נאָר אַן אַנדערשמאָל אין די לערנזאַלן. דערנאָך האָט ער דערוויזן, אַז ניט אַלע תפילות, וואָס ווערן געהאַלטן פאַר אַ חוב, זיינען ווירקלעך נייטיק, און אַז מ׳קען אייניקע דורכלאָזן. און אַפילו די אָנערקענטע פאַר נויטווענדיק זיינען אַלץ מער און מער אַרומגעשניטן

געוואָרן, ביז זיי זיינען סוף־כל־סוף לגמרי פאַרנאַכלעסיקט גע־וואָרן.

איינמאָל האָבן מיר אין דער צייט פון דאַוונען שפּאַצירט אַרום שטאָט. האָט זיך לפּידות פּלוצלונג אָפּגערופן:

— פריינד! וואָס וועט עס פון אונז ווערן? מיר דאַוונען דאָך שוין ניט מער!

— נו, וואָס מיינסטו וועגן דעם? — האָב איך געפרעגט.

— איך — האָט געענטפערט לפּידות — פאַרלאָז מיך אויף גאָטס חסד. ער וועט זיינע קינדער געוויס ניט באַשטראָפן איבער אַזאַ קליינער עבירה.

— גאָט איז ניט בלויז באַרימהאַרציק — האָב איך דער־ווידערט, — ער איז אויך גערעכטיק. אויב מיר האָבן געזינדיקט, קען אונז זיין חסד ניט העלפן.

— וואָס מיינסטו דערמיט? — האָט לפּידות געפרעגט.

איך האָב שוין פון די ספרי הרמב״ם געהאַט באַקומען ריכטיקערע באַגריפן וועגן גאָט און וועגן די חובות פונם מענטשן צו אים, — האָב איך לפּידותן געענטפערט:

— דער תּכלית פונם מענטשן איז בלויז צו דערגרייכן שלימות (פולקומענהייט) דורך דערקענען גאָט און נאָכטאָן זיינע מעשים. דאַוונען איז בלויז דער אויסדרוק פון דערקענען גאָטס שלימות און איז ווי אַ רעזולטאַט פון דער דאָזיקער דערקענטעניש באַשטימט בלויז פאַרן פּשוטן מענטשן, וואָס איז פון זיך אַליין ניט בכּוח צו דערגרייכן צו דער דאָזיקער דערקענטעניש, און ער דריקט אויס זיין דערקענען דעם בוראס פולקומענהייט דורך די תּפילות, וואָס זיינען צוגעפּאַסט צום מאַסשטאַב פון זיין פאַר־שטאַנד. היות אָבער מיר ווייסן דעם צוועק פון דאַוונען און מיר קענען דורך חקירה דירעקט דערקענען די שלימות פון גאָט, קענען מיר דאָס דאַוונען האַלטן פאַר זיך פאַר איבעריק.

דער דאָזיקער אַרגומענט האָט אונז ביידן אויסגעוויזן ווי באַגרינדעט. מיר האָבן אָבער ניט געוואָלט אויפרעגן אונזער סביבה און האָבן באַשלאָסן אַלע פרימאָרגן אַרויסצוגיין פון הויז מיט טלית און תּפילין, אָבער ניט אין שול אַריין, נאָר צו אונ־

זער ליבלינגס-פּלאַץ, צום וואַל. דורך דער דאָזיקער תּחבולה האָבן מיר אויסגעמיידט דעם צאָרן פון דער עדה.

אָבער דידאָזיקע פריינדשאַפט און פילאָסאָפירונג האָט, ווי אַלץ אין דער וועלט, דאָך אַמאָל געמוזט קומען צו אַ סוף. היות מיר זיינען ביידע געווען חתונה-געהאַטע און מיר זיינען גע-בענטשט געווען מיט פּרוכפּערקייט, האָבן מיר, כּדי צו קענען מפרנס זיין אונזערע פאַמיליעס, געמוזט אָננעמען קאָנדיציעס אויף מלמדות אין פאַרשיידענע דערפער. דורך דעם פלעגן מיר ניט זעלטן ווערן צעשיידט און אין די סופי-זמנים פלעגן מיר קע-נען צוריק צוזאַמען פאַרברענגען בלויז אייניקע וואָכן אין יאָר.

---

# אַכצנטער קאַפּיטל.

## דאָס לעבן אויף קאָנדיציע.

מיין ערשטע קאָנדיציע איז געווען אַ שעה רייזע פון מיין וואוינאָרט ביי אַ אָרעמען אַרענדאַר י. אין זייער אַן אָרעמען דאָרף פּ. מיין געהאַלט איז געווען — פינף פוילישע טאָלער. די אָרעמ־קייט, אומוויסנקייט און פאַרגרעבטקייט פון דעם לעבנס־שטייגער, וואָס האָט דאָ געהערשט, זיינען אומבאַשרייבלעך. מיין באַלעבאָס דער אַרענדאַר אַליין איז געווען אַ מענטש פון אַ יאָר פופציק, מיט אַ פּנים אינגאַנצן באַוואַקסן מיט האָר און פאַרענדיקט מיט אַ שמוציקער, דיקער און פעכשוואַרצער באָרד; זיין שפּראַך איז געווען אַ מין געמורמל, און בלויז די פויערים, וואָס ער האָט זיך געדרייט אין זייערע קרייזן, האָבן אים געקענט פאַרשטיין. ער האָט ניט געקענט ניט בלויז קיין העברעיש, נאָר אַפילו ניט אַ וואָרט יידיש; ער האָט גערעדט אויף דעם רוסישן דיאַלעקט, וואָס ווערט גערעדט צווישן די דאָרפישע פויערים. און פונקט פון אַזאַ שניט זיינען געווען אויך זיין ווייב און זיינע קינדער. און אָט דאָס איז דאָס אויסזען פונם הויז, וואו מיין באַלעבאָס האָט געוואוינט: אַן איינגעפאַלן פאַרוויכערט שטיבל (אַ „פעקערניע”), שוואַרץ ווי קייל פון אינעווייניק און פון דרויסן, אָן אַ קוימען, און בלויז אין דאַך איז געווען געמאַכט אַן עפענונג, וואָס דורך איר פלעגט אַרויסגיין דער רויך, נאָר תיכף ווי דער אויוון פלעגט

זיך אויסהייצן, פלעגט מען זי פאַרמאַכן, בכדי די וואַרעמקייט זאָל ניט אַרויס.

אָנשטאָט פענסטער האָבן געדינט קינעלעך אַריבערגעלייגט שתי־וָעֶרבדיק אין שמאָלע שטרייפן און איבערגעצויגן מיט פאַפיר. דאָס איז געווען דער איינציקער געמאַך, וואָס האָט געדינט פאַר אַ זאַל, פאַר אַן עסצימער, פאַר אַ שענק, פאַר אַ חדר און פאַר אַ שלאָפצימער צוגלייך. דידאָזיקע שטוב פלעגט שטענדיק שטאַרק געהייצט ווערן און ווינטער פלעגט שטענדיק שטיין אין שטוב אַ געדיכטע פייכטקייט פון די ווענט און פון דער נאַסער אָנגעטאָפּטשעטער פאָדלאָגע, — און היינט שטעלט זיך פאָר, ווען דער ווינט טרייבט דערצו נאָך דורך דעם דאַך־לאָך דעם רויך צוריק אין פעקערניע אַריין, — וואָס פאַר אַ דערשטיקעניש דאָ פלעגט דאַן ווערן! איבער דער גאַנצער שטוב האָבן זיך אין דער הויך געצויגן לאַנגע שטאַנגען און אויף זיי זייַנען געהאַנגען שוואַרצע וועש און אַנדערע שמוציקע מלבושים, בכדי די קליינע חיות זאָלן אין רויך דערשטיקט ווערן. און לעבן די שמוציקע וועש זייַנען געהאַנגען צום טריקענען — וואורשטן, וואָס זייער פעטס פלעגט אַראָפּטריפן די מענטשן אויף די קעפּ. אין איין ווינקל זייַנען געשטאַנען צעבערס מיט אייַנגעזייערטע קרויט און רויטע בוריקעס (די הויפּט־שפּייַזן פון די ליטווינער), און אין אַן אַנדער ווינקל — צעבערס מיט וואַסער צום טעגלעכן געברויך צוזאַמען מיט אומרייַנע פּאָמוניצעס. אין דער זעלביקער שטוב האָט מען געקנאָטן טייג, געבאַקן ברויט, געקאָכט, געמאָלקן די די קו א. אַז. וו.

און אָט אין דער דאָזיקער הערלעכער וואוינונג זיצן די פּויערים אויף דער הוילער ערד (העכער האָט מען ניט געטאָרט זיצן, אויב מ׳האָט ניט געוואָלט דערשטיקט ווערן פון רויך), שיכּורן און לאַרעמען; אין איין אָרט זיצן די בני־בית, און הינטערן אויוון — זיץ איך מיט מייַנע שמוציקע האַלב־נאַקעטע תּלמידים און לערן מיט זיי תּורה פון אַן אַלטן צעריסענעם חומש, פאַרטייטשנדיק דאָס העברעיִשע אין רוסישן יידיש. דאָס איז געווען די הערלעכסטע גרופּע אין דער וועלט, וואָס איז ווערט

געווען בלויז די פענזל פון אַ האָגאַרט[1]) און די דיכטערישע פעדער פון אַ בוטלער[2]).

מ'קען זיך לייכט פאָרשטעלן, ווי טרויעריק דאָ האָט גע־דאַרפט זיין מיין לאַגע. אין אַזוינע באַדינגונגען האָב איך מיין איינציקע טרייסט געפונען אין טרינקען בראַנפן, וואָס האָט מיך געמאַכט פאַרגעסן אָן אַלע מיינע צרות.

דערצו איז נאָך צוגעקומען אַ צרה פון דרויסן. אין דעם דאָזיקן דאָרף און אין זיין גאַנצער סביבה איז אין יענער צייט פונאַנדערגעקוואַרטירט געוואָרן אַ פּאָלק רוסישע סאָלדאַטן, וואָס האָבן ווילד געבושעוועט און אָנגעמאַכט די אַכזריותדיקסטע פאַר־וויסטונגען אין די נחלאות פונם פירשט ראַדזיוויל. דאָס הויז איז תמיד פול געווען מיט שיכורע רוסן, וואָס זיינען באַגאַנגען אַלע מעגלעכע עקסצעסן, האָבן צעשמעטערט טישן און בענק, געוואָרפן די בני־בית אין די פנימער גלעזער און פלאַשן, וכדומה.

פאַר אַ אילוסטראַציע וועל איך דאָ ברענגען בלויז איין ביישפיל: ביי מיין באַלעבאָס אין הויז האָט קוואַרטירט אַ רוסי־שער סאָלדאַט, וואָס אים איז איבערגעגעבן געוואָרן די שליחות צו פאַרהיטן דאָס הויז פון אַלע מעגלעכע גוואַלד־מעשים מצד זיינע חברים. איינמאָל איז דער דאָזיקער פאַרהיטער געקומען אין הויז אַ שיכורער און האָט געפאָדערט עסן. האָט מען אים דער־לאַנגט צום טיש אַ שיסל הירז מיט פוטער. ער האָט אָפּגעשטויסן די שיסל פון זיך און גענומען שרייען, מ'זאָל אַריינלייגן אַהין נאָך פוטער. האָט מען אים געבראַכט אַ גאַנצע פעסעלע מיט פוטער. דערויף האָט ער זיך צעשריען, מ'זאָל אים געבן נאָך אַ שיסל. אויך דאָס איז גלייך דערפילט געוואָרן. דאַן האָט ער דאָס גאַנצע פוטער אַריינגעוואָרפן אין שיסל און אַ פאָדער געטאָן בראַנפן.

---

[1]) וויליאַם האָגאַרט — באַרימטער ענגלישער קינסטלער, פּייזאַ־זשיסט און קאַריקאַטוריסט (1697—1764). דער איבערז.

[2]) סעמועל בוטלער — באַרימטער ענגלישער דיכטער (1612 — 1680). דער איבערז.

מ'האָט אים געבראַכט אַ גאַנצע פלאַש, און ער האָט זי תיכף אַריינגעגאָסן אין שיסל פוטער. נאָכדעם האָט מען אים געמוזט ברענגען אַ סך מילך, פעפער, זאַלץ און טאַבאַק, — און דאָס אַלץ האָט ער אַריינגעטאָן אין שיסל מיט די פוטער און בראַנפן, געמאַכט דערפון אַ קאַשע און דעם דאָזיקן מאכל געפרעסן. נאָכ־דעם ווי ער האָט זיך שוין צוזאַט אָנגעגעסן, האָט ער אָנגעהויבן צו בושעווען, צו שלאָגן אויף רעכטס און אויף לינקס, געריסן ביי מיין באַלעבאָס די באָרד, געשלאָגן אים מיט די פויסטן אין פּנים, ביז ער איז באַגאָסן געוואָרן מיט בלוט; נאָכדעם האָט ער מיט געוואַלד אים געגאָסן אין מויל אַריין דעם מאכל־מלך, וואָס ער האָט אַזוי גאַסטראָנאָמיש צוגעריכט. און האָט געווילדעוועט אַזוי לאַנג, ביז ער האָט פון שיכּרות שוין מער ניט געקאָנט האַלטן זיך אויף די פיס און איז אַנידערגעפאַלן אויף דער פאָד־לאָגע ווי אַ קלאָץ.

אַזעלכע סצענעס זיינען יעמאָלט אין פוילן געווען מעשים בכל יום. ווען אַ רוסישע אַרמיי פלעגט דורכגיין דורך אַן אָרט, פלעגט זי נעמען פונדאַנען אַ „פּראָוואָדניק" (אַ וועגווייזער), וואָס זאָל זי צופירן ביזן נאָענטסטן אָרט. אָבער אָנשטאָט צו בעטן ביים בירגערמייסטער פון שטאָט אָדער ביים עלטסטן פון דאָרף, ער זאָל זיי געבן אַזאַ מענטשן, פלעגן די מיליטערלייט בעסער אַליין כאַפּן דעם ערשטן בעסטן, וואָס פלעגט זיי צופעליק אַנט־קעגן קומען אין גאַס. און ס'איז זיי געווען אַלץ איינס, ווער דער געכאַפּטער איז געווען: אַ יונגער צי אַן אַלטער, אַ מאַנסביל צי אַ פרויענצימער, אַ געזונטער אָדער אַ קראַנקער, — דען אין דער אמתן האָבן זיי דעם וועג גאַנץ גוט געוואוסט (לויט ספּע־ציעלע לאַנדקאַרטעס), נאָר זיי האָבן געזוכט אַ געלעגנהייט אַרויס־צוּווייזן זייער אכזריות. און אויב עס פלעגט טרעפן, אַז דער גע־כאַפּטער האָט ניט געוואוסט דעם וועג און פלעגט זיי ווייזן ניט ריכטיק, פלעגן זיי איבער דעם פונדעסטוועגן ניט פאַרבלאָנדזשען און פלעגן דווקא טרעפן דעם רעכטן וועג, אָבער זיי פלעגן דאַן שלאָגן דעם „פּראָוואָדניק" מכּות־רצח ביז האַלב־טויט דערפאַר, וואָס ער האָט ניט געוואוסט דעם רעכטן וועג.

אויך איך בין אַמאָל געכאַפּט געוואָרן פאַר אַ „פּראָוואָדניק". איך האָב דעם רעכטן וועג באמת ניט געוואוסט, אָבער צום גליק האָב איך אים צופעליק געטראָפן. איך בין בכן אָפּגעקומען בלויז מיט די אָנשרעקן, אַז אויב איך וועל זיי פאַרפירן, וועלן זיי דאַן פון מיר אַ לעבעדיקן אָפּשינדן מיין הויט (וואָס מ'האָט פון זיי געקענט דערוואַרטן), און מיט די אָפּטע געדיכטע פויסטנקלעפּ און סטוסאַקעס אין די זייטן, וואָס איך האָב געקראָגן ביז איך בין גליקלעך געקומען אויפן געהעריקן אָרט.

מיינע איבעריקע קאָנדיציעס זיינען געווען מער אָדער ווייניקער ענלעך אויף מיין ערשטער קאָנדיציע. אויף איינער אַזאַ קאָנדיציע האָט פּאַסירט אַ מערקווירדיקער פּסיכאָלאָגישער פאַל, וואו איך בין געווען די הויפּט־פּערזאָן און וואָס איך וועל ווייטער באַשרייבן. לעת־עתה מוז איך אָבער דאָ דערציילן וועגן אַ פּסיכאָלאָגישער ערשיינונג, וואָס האָט פּאַסירט אויף אַן אַנדערנס אַ קאָנדיציע און וואָס איך בין געווען אין איר בלויז אַן עד־ראיה און ניט די הויפּט־פּערזאָן.

אין נאָענטסטן דאָרף איז געווען אַ מלמד אַ לונאַטיקער. איינמאָל ביינאַכט איז ער אויפגעשטאַנען פון בעט, האָט גענומען אין האַנט איינעם פון די טיילן פון „שולחן ערוך" און איז אַוועק אויפן בית־עולם. ער האָט דאָ פאַרבראַכט אַ געוויסע צייט און זיך אומגעקערט צוריק צו זיין געלעגער. אינדערפרי איז ער אויפגעשטאַנען און האָט גאָרנישט געדענקט דערפון, וואָס עס האָט מיט אים פּאַסירט ביינאַכט. ער איז צוגעגאַנגען צו זיין קופּערט אַרויסצונעמען פון דאָרט דעם „אורח־חיים" (וועג צום לעבן, — ערשטער טייל פונם „שלחן־ערוך"), וואָס ער פלעגט לערנען אַלע פרימאָרגן. אָבער ווי נשתומם איז ער געוואָרן, ווען ער האָט פון די פיר באַזונדערע געבונדענע טיילן („טורים") „שולחן־ערוך", וואָס זיינען דאָרטן געווען פאַרשלאָסן, געפונען בלויז דריי, — עס האָט געפעלט דער „יוֹרֶה־דֵעָה" (לערער פון העכערער קלוגשאַפט).

ער האָט אָבער געוואוסט פון זיין מחלה, — און האָט גענומען זוכן זיין ספר אומעטום אין גאַנצן דאָרף ביז ער איז צום

סוף געקומען אויפן בית־עולם און האָט געפונען דעם „יורה־דעה״ אָפֿן אויפן קאַפּיטל „הִלְכוֹת אֲבֵילוּת״ (דינים וועגן טרויערן). ער האָט עס געהאַלטן פאַר אַ שלעכטן סימן און האָט זיך אומגע־קערט אַ צערודערטער אַהיים. מ׳האָט בײַ אים געפרעגט די סיבה פון זײַן צערודערטקייט, און ער האָט דערציילט אַלץ וואָס עס האָט מיט אים פּאַסירט, און האָט צוגעגעבן:

— גאָט ווייס, וואָס מײַן מוטער מאַכט אין געזונט!

ער האָט אויסגעבעטן בײַ זײַן באַלעבאָס אַן ערלויבעניש צו גיין זען, וואָס זײַן מוטער מאַכט. זײַן באַלעבאָס האָט אים גע־געבן אַ פערד און ער איז אַוועקגעריטן אין זײַן מוטערס שטאָט. ער האָט געדאַרפט גראָד דורכרײַטן דעם דאָרף, וואו איך בין געווען אויף קאָנדיציע, און אַז איך האָב דערזען, ווי דער מענטש רײַט אַזוי געאײַלט און איז אינגאַנצן דערשלאָגן, האָב איך בײַ אים געפרעגט וועגן דעם. דערויף האָט ער מיר דערציילט די גאַנצע געשיכטע הנ״ל.

הערנדיק זײַנע רייד, בין איך זייער פאַרוואונדערט גע־וואָרן, אָבער ניט אַזוי איבער די פּרטים פון דער מעשה, נאָר דער־עיקר איבער דער מחלה פון נאָכטוואַנדערונג, וואָס איך האָב וועגן איר ביז יעמאָלט גאָרנישט געוואוסט. דער מלמד האָט מיך פאַרזיכערט, אַז זײַן קראַנקהייט קימערט אים ניט, ס׳איז בײַ אים אַ גאַנץ געוויינלעכע זאַך, נאָר די מעשה מיטן אָפענעם „יורה־דעה״ אויף „הלכות אבילות״ זאָגט אים פאָראויס אַן אומגליק און גיסט אַרײַן אַ טרויער אין זײַן האַרצן.

דערויף איז ער אַוועק ווײַטער זײַן וועג, איז געקומען אין זײַן מוטערס הויז און געטראָפן זי — ווי זי זיצט און נייט. זי האָט אים געפרעגט וועגן דער אורזאַך פון זײַן קומען, און ער האָט איר געענטפערט, אַז ער איז געקומען פשוט זען זיך מיט איר, ווײַל ער האָט זי שוין לאַנג ניט געזען. נאָכדעם ווי ער האָט זיך בײַ זײַן מוטער אין הויז גוט אויסגערוט, איז ער אַוועקגעריטן צו־ריק, — זײַן אומרויִקייט אָבער איז דאָך פון אים ניט אינגאַנצן אַוועק: דער געדאַנק וועגן דעם „יורה־דעה״ און „הלכות אבילות״ איז אים פון קאָפּ ניט אַרויס. אויפן דריטן טאָג נאָך זײַן אומקערן

זיך צוריק אין דאָרף, איז אין דער שטאָט, וואו זיין מוטער האָט געוואוינט, אויסגעבראָכן אַ שריפה, און דידאָזיקע אָרעמע פרוי איז אומגעקומען אין די פלאַמען. ווי דער זון האָט נאָר דערהערט פון דער דאָזיקער שריפה, האָט ער אָנגעהויבן צו יאָמערן און קלאָגן, אַז זיין מוטער איז אַזוי אומגליקלעך אומגעקומען. ער איז שנעל אַוועקגעריטן אין שטאָט, און האָט געפונען, אַז וואָס זיין הארץ האָט אים פאָראויסגעזאָגט, איז מקויים געוואָרן.

---

# ניינצנטער קאַפּיטל.

## דאָ דערציילט זיך וועגן אַ געהיימער געזעל-שאַפט, און דעריבער איז דער קאַפּיטל אַ לאַנגער.

אַן ערך אין יענער צייט בין איך באַקאַנט געוואָרן מיט אַ נייער סעקטע, וואָס איז יעמאָלט אויפגעקומען אין יידישן פאָלק און האָט זיך גערופן מיטן נאָמען „נייע חסידים". חסידים בכלל הייסן די אמת פרומע, ד. ה. די וואָס צייכענען זיך אויס פון אַנדערע מיט שטרענגסטער פרומקייט. דאָס זיינען געווען מענטשן, וואָס האָבן פון אייביקע צייטן אָן זיך אָפּגעזאָגט פון אַלע וועלטלעכע עסקים און תענוגים און האָבן געווידמעט זייער לעבן אויפן שטרענגסטן אופן אָפּצוהיטן די מצוות פון דער תורה און אויף תשובה טאָן פאַר די באַגאַנגענע חטאים. און זיי האָבן געזוכט דורכצופירן דאָס, ווי שוין אויבן געזאָגט, דורך תפילות, תעניתים און פייניקן דעם קערפּער („סיגופים").

אָבער אַרום דער דאָזיקער צייט האָבן אייניקע פון זיי באַשלאָסן צו גרינדן אַ נייע סעקטע. די לערע פון דידאָזיקע נייע חסידים באַשטייט אין פאָלגנדיקן: די אמתע חסידות (פרומ-קייט) באַשטייט בשום אופן ניט אין פייניקן דעם גוף, וואָרעם דורך דעם ווערן צוגלייך אָפּגעשוואַכט אויך די כוחות פון דער נשמה און עס ווערט צעשטערט די גייסטיקע רויקייט און פריי-לעכקייט, וואָס זיינען נייטיק אויף צום דערקענען גאָט און צו דינען אים פון ליבשאַפט. פּונקט דער היפוך: מ'מוז באַפרידיקן

אַלע קערפּערלעכע באַדערפעניש̈ן, און אויף וויפל עס איז נייטיק צו אַנטוויקלען אונזערע געפילן, דאַרף מען הנאה האָבן פון דער וועלט, ווייל גאָט האָט אַלץ באַשאַפן פון זיין כבוד וועגן. די אמתע עבודת־הבורא באַשטייט אין האַרציקער תפילה מיט אָנשטרענגונג פון אַלע כוחות און אין „ביטול־היש[1]). דען דער מענטש קען, לויט זיין באַשטימונג, דערגרייכן זיין העכסטע פולקומענהייט (תכלית השלימות), ניט ווען ער וועט זיך האַלטן פאַר אַ בריה פאַר זיך, נאָר בלויז ווי אַ חלק פון דער גאָטהייט. בכן, אָנשטאָט דעם, וואָס די ערשטע חסידים האָבן זייער גאַנץ לעבן פאַרבראַכט אין נזירות און פרישות, אָפּגעזונדערט פון דער וועלט, און האָבן געזוכט צו דערשטיקן זייערע נאַטירלעכע געפילן און צו טייטן זייערע כוחות, — האָבן די פאָרשטייער פון דער נייער חסידישער לערע באַהויפּטעט, אַז עס איז ווייט צוועקמעסיקער ווי ווייט נאָר מעגלעך צו אַנטוויקלען די נאַטיר׳לעכע געפילן, אויסצונוצן די כוחות און שטענדיק צו פאַרברייטערן וואָס מער דעם קרייז פון טעטיקייט.

מ׳מוז מודה זיין, אַז דידאָזיקע צוויי חסידישע שיטות האָבן ביידע אַ רעאַלן באָדן, זיינען געגרינדעט אויף צוויי פילאָסאָפישע סיסטעמען. אין גרונד פון דער אַלטער שיטה ליגט אָפּן דער סטאָיציזם — די שטרעבונג צו באַשטימען די האַנדלונגען פונם מענטשן לויט אַ העכערן פּרינציפּ, העכער פון די תאוות פון די חושים, בהסכם מיטן פרייען ווילן; די נייע שיטה אָבער גרינדעט זיך אויפן פּרינציפּ פון אַנטוויקלונג צו פולקומענהייט. מ׳דאַרף אָבער אויך זאָגן, אַז ביידע שיטות, פונקט ווי אַלץ אין דער וועלט, קענען אַריבערכאַפּן די מאָס, און זיי האָבן ווירקלעך אַריבערגעכאַפּט די מאָס און דערמיט ממילא אָפּגעטראָטן פון די יסודות, אויף וועלכע זיי זיינען געגרינדעט. די לייט פון דער ערשטער סעקטע טרעטן אַריבער אַלע גרעניצן אין זייער שטרעבונג נאָך תשובה. אָנשטאָט צו באַמיען זיך

[1]) פּסיכאָלאָגיש זיך דערפירן ביז דער גרעסטער הכנעה פאַר גאָט, ביז ממשותדיק איבערלעבן דעם געפיל, אַז מ׳איז קעגן גאָט גאָרנישט, לחלוטין גאָרנישט, ביז אימה גאָרנישט. דער איבערז.

זייערע פאַרלאַנגען און תאוות אין אַ געהעריקער מאָס בלויז צו באַהערשן, זוכן זיי אינגאַנצן אָפּצוטייטן זיי; און אָנשטאָט דעם, וואָס זיי וואָלטן געדאַרפט, פּונקט ווי די סטאָיִקער, זוכן דעם פּרינציפּ פון זייערע האַנדלונגען אינם ריינעם שכל, זוכן זיי דאָס אין דער רעליגיע, וואָס איז, אמת, אַ ריינער קוואַל, אָבער ווייל זיי האָבן וועגן דער רעליגיע גופא פאַלשע באַגריפן, איז זי פאַר זיי פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ אומריינעם קוואַל. דען דער גרונד פון זייער העכסטער פרומקייט, פון זייער טוגנט, איז בלויז דער צוקינפטיקער „שָׂכָר וְעוֹנֶש“[1]) מצד אַ זעלבסטהערשע־ריש־רעגירנדיקן טיראַנישן וועזן, — בכן שטאַמט די גאַנצע צדקות זייערע, זייער טוגנט, פון אַן אומריינעם קוואַל, פון פּערזענלעכן אינטערעס, פון עגאָיִזם. און היות דער דאָזיקער אינטערעס גופא באַזירט בלויז אויפן כּוח־הדמיון, דאַן שטייען דידאָזיקע חסידים דערמיט נאָך נידעריקער פון די גרעב־סטע אַפּיקורסים[2]), וואָס דער גרונד פון זייערע האַנדלונגען

---

[1]) באַלוינונג פאַר גוטס און באַשטראָפונג פאַר שלעכטס. [2]) אַפּיקורס— עפּיקורעער, תּלמידים פון עפּיקור (341—270 פאַר איר. צ״ר) גריכישער פילאָסאָף פון אינזל סאַמאָס. לויט זיין נאַטור־לערע, אַנטוויקלען זיך די וועלטן פון זיך אליין אָן אַ צאָל און אָן אַ. סוף. וועלטן גייען און פאַרגייען, דען די עצם אַטאָ־מען קנוילן זיך צוזאַמען, פאָרמירן זיך אין וועלטן און ווערן ווידער אויפגע־לייזט. אַזוי אַנטשטייען און פאַרגייען אויך אַלע ברואים, אַזוי אַנטשטייט און פאַרגייט אויך די נשמה, וואָס באַשטייט פון די פיינסטע, לייכטסטע, רונדלעכסטע און באַוועגלעכסטע אַטאָמען. די נאַטור־דערקענטעניש איז ניט קיין צוועק פאַר זיך, נאָר אַ מיטל: זי באַפרייט דעם מענטשן פון די שרעקן פון אָבער־גלויבנס און פון דער מורא פאַרן טויט. דידאָזיקע באַפרייונג איז נייטיק צוליב דער גליקזעליקייט פונם מענטשן. דער עצם פון גליקזעליקייט איז די לוסט. עפּיקורס לוסט איז אָבער ניט די פּשוטע תּאווה. ער האָט געזאָגט: „אויב מיר דערקלערן, אַז די לוסט איז דער העכסטער גליק, דאַן מיינען מיר דערמיט ניט די תּאוות פון די גראָבע עולם־הזהניקעס און איבערהויפּט ניט דעם גראָב־פיזישן גענוס, ווי אייניקע אונזערע קעגנער מיינען אָדער ווי עס מיינען די, וואָס פאַר־שטייען אונז שלעכט. מיר מיינען די לוסט, וואָס באַפרייט דעם קערפּער פון

איז, אמת, אַ שְׁפֶּלער, אָבער דאָך אַ רעאַלער, ניט פאַנטאַסטישער אינטערעס. בלויז דאַן וועט די רעליגיע ווערן אַ פּרינציפּ פון טוגנט, ווען זי אַליין וועט געגרינדעט זיין אויף דער אידעע פון טוגנט, און ניט אויף דער מורא פאַר עונש און אויף דער שטרעבונג נאָך שכר[1].

די אָנהענגער פון דער צווייטער סעקטע האָבן שוין ריכ־טיקערע באַגריפן פון רעליגיע און מאָראַל, אָבער אַזוי ווי אויך זייערע באַגריפן זיינען אַ רעזולטאַט ס'רוב פון נאָך טונקעלע גע־פילן און ניט פון אַ קלאָרער דערקענטעניש, בכן מוזן זיי אויך

---

שטערצן און די נשמה פון אומרו". ער מיינט די פיינע, דורכגעטראַכטע, פאַר־בינפטיקע לוסט. די לוסט איז די העכסטע טוגנט, דער מקור פון אַלע טוגנטן. פאַרנינפטיק אומגליקלעך צו זיין איז בעסער, איידער אויף אַן אומפאַרנינפטיקן אופן גליקלעך צו זיין. — עפּיקורס געדאַנקען זיינען אָבער געווען צו דיך, אַגב האָט ער זיי טאַקע ניט גאָר קלאָר אַרויסגעזאָגט, און ער איז פאַרבליבן ניט פאַרשטאַנען. זיינע תלמידים האָבן אים אויסגעטייטשט גראָב, זיינען פאַרזונקען אין אַ תהום פון תאוות און פיזישע תענוגים, און דער נאָמען עפּיקורעער אָדער אַפּיקורס איז געבליבן אַ סינאָנים פאַר יעדערן, וואָס לייקנט אין רוחניות און אָנערקענט נאָר די חמריות, און פאַר יעדן גראָבן עולם־הזהניק.

דער איבערז.

1) דער ערשטער פון די תּנאָים, אנטיגנוס איש סוכו, איז שוין אין אָנהייב פון צווייטן יאָרהונדערט פאַר דער אייראָפּ. צ"ר אַרויסגעטראָטן קעגן עפּיקורס געדאַנק, אַז גוטס, דערקענטעניש, טוגנט א. אַז. וו. זיינען ניט קיין צוועק פאַר זיך, נאָר אַ מיטל צו געגוס אָדער צו באַפרייען דעם מענטשן פון פיזישע און גייסטיקע ליידן. אַנטיגנוס האָט געפּריידיקט: „זייט ניט ווי די קנעכט, וואָס באַדינען דעם האַרן מיטן תנאי צו באַקומען אַ באַלוינונג, נאָר זייט ווי קנעכט, וואָס באַדינען דעם האַרן ניט מיטן צוועק צו באַקומען דערפאַר אַ שכר", — ד. ה.: דערקענט און ליבט דעם אמת צוליבן עצם אמת, אָן שום פּערזענלעכן נוצן; זייט אַבסאָלוט גוט, גערעכטיק, טוגנט־האַפט, פרום אָן שום פּערזענלעכן אינטערעס; זייט פעיק צו ברענגען קרבנות פאַר אַ העכערן אידעאַל. דאָס איז אויך דער געדאַנק פון „שֶׁלְּךָ־שֶׁלָּךְ ושֶׁלִּי־שֶׁלָּךְ": דיינע איז דיינע און מיינע איז אויך דיינע. דער איבערז.

אריינפאַלן אין כלערליי עקסטרעמיטעטן. זייער ענין „ביטול היש״ מוז נויטווענדיק פאַרהאַלטן זייער ענערגיע און זייער טעטיקייט אָדער פירן זיי אויף אַ פאַלשן וועג. און היות זיי קענען ניט קיין נאַטורוויסנשאַפט און האָבן ניט קיין שום פסיכאָלאָגישע ידיעות און דערצו פאַרמאָגן זיי געגוג גאווה צו באַטראַכטן זיך ווי אַ חלק פון דער גאָטהייט (וואָס זיי זיינען עס, אמת, אָבער בלויז מיט אַ באַגרעניצונג לויט דער דערגרייכטער מדרגה פון פולקומענהייט), — דאַן טוען זיי אָפּ אויפן חשבון פון דער דאָזי־קער „געטלעכקייט״ זייערער די גרעסטע מעשים־תּעתּועים. יעדן משונהדיקן רעיון, וואָס פאַלט זיי איין אין קאָפּ, נעמען זיי אָן פאַר אַ „סוד פון גאָט״, וואָס איז זיי אַנטפּלעקט געוואָרן, און איטלעכע לעבעדיקע נטיה און שטרעבונג — ווי אַ געטלעכן באַרוף („אִתְעָרוּתָא דִלְעֵילָא״ — אַ התעוררות פון אויבן).

דידאָזיקעביידע מינים חסידים זיינען אין דער אמתן ניט קיין צוויי רעליגיעזע סעקטעס, דען זיי האָבן זיך פּאַקטיש אונטערשיידט בלויז מיט די דרכים פון זייער דינען גאָט; אָבער דאָך איז דער אַנטאַגאָניזם פון דידאָזיקע ביידע פּאַרטייען, זייער קעגנזייטיקע צערייצטקייט און שנאה, אַוועק אַזוי ווייט, אַז זיי האָבן זיך איינע די אַנדערע פאַרשריען פאַר כופרים און האָבן איינע די אַנדערע גערודפט. תּחילת האָט די נייע סעקטע באַקומען די אויבערהאַנט און האָט זיך פאַרשפּרייט כמעט אין גאַנץ פּוילן און אויך מחוץ די גרענעצן פון פּוילן. די מנהיגים פון דער דאָזיקער סעקטע האָבן אויף אַן אָרגאַניזירטן אופן צע־שיקט אין אַלע לענדער זייערע שלוחים און פּריידיקער צו פאַר־שפּרייטן די נייע תּורה און איר פאַרשאַפן אָנהענגער. און עס איז געווען גאַנץ נאַטירלעך, וואָס דידאָזיקע סעקטע האָט זיך אין אַ קורצער צייט ברייט פאַרשפּרייט און טיף באַפעסטיקט דווקא אין פּוילן. דער גרעסטער טייל פּוילישע יידן איז יעמאָלט באַ־שטאַנען פון למדָנים, דאָס הייסט פון מענטשן, וואָס זיינען נוטה צו אַ לעבן פון בטלנות און הקרָנות (פילאָסאָפירונג), — דען איטלעכער פּוילישער ייד איז פון געבאָרן אָן באַשטימט געווען צו זיין אַ רָב, און בלויז ווען עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז ער

האָט לחלוטין צו דעם קיין פעיקייטן ניט, האָט ער זיך גענומען צו אַנדערע עסקים, — און אָט דאָס איז די הויפּט־סיבה, פאַר־וואָס זיי האָבן מיט ליבשאַפט און גרויס חשק אויפגענומען די נייע תורה. אויסערדעם האָט די נייע תורה פאַרלייכטערט דעם וועג צו חיי עולם־הבא, ווייל זי האַלט, אַז די תעניתים, די סיגופים (פּייניקונגען פון גוף) און דאָס שטענדיקע באַשעפטיקן זיך מיט לערנען תלמוד זיינען ניט בלויז אומנוצלעך, נאָר זיינען אַפילו שעדלעך פאַר דער עכטער פרומקייט, וואָס פאָדערט אַ פריילעך־מונטערן געמיט און ניט קיין „עַצבות״.

די ערטער, וואו עס זיינען געזעסן די ראשים פון דער כּתּה, זיינען געוואָרן הייליקע ערטער, און פון אַלע עקן און קאַנטן פלעגן די נייע חסידים קומען אַהין נהנה זיין פון אָנקוקן די „צדיקים״. דאָס זיינען געווען מעדזשיבאָזש, מעזשי־ריטש, קאָזיניץ און אַנדערע. יונגעלייט האָבן פאַרלאָזן זיי־ערע עלטערן, פרויען און קינדער, און זיינען געגאַנגען מחנות־ווייז אויסזוכן די גרויסע „רבּיים״ און צו הערן פון זייער מויל די נייע תורה.

די סיבה פונם אויפקום פון דער דאָזיקער סעקטע איז פאָלגנדיקע:

איך האָב שוין באַמערקט, אַז זינט דער צייט, ווען די יידן האָבן אָנגעוואָרן זייער מלוכה און זיינען צעזייט און צעשפּרייט געוואָרן צווישן אַנדערע אומות, וואָס האָבן זיך צו זיי באַצויגן מער אָדער ווייניקער טאָלעראַנט, האָבן זיי, אויסער דער פאַר־בינדונג פון זייער רעליגיע, ניט געהאַט קיין שום אַנדערע אינע־ווייניקסטע פאַרבינדונג, וואָס זאָל קענען צוזאַמענהאַלטן זיי אין איין גאַנצער נאַציע, ניט געקוקט אויף זייער פּאָליטישער דיאַס־פּאָרע. זייערע מנהיגים האָבן פון דעמסטמאָל אָן דעריבער אָנגע־שטרענגט אַלע כּוחות וואָס מער און זיכערער צו באַפעסטיקן דעם דאָזיקן איינציקן באַנד. אָבער היות די לערן פון זייער אמונה און זייערע רעליגיעזע געזעצן באַזירן אויף דער

הייליקער שריפט און אין אָט דער הייליקער שריפט זיינען פאַר־בליבן אַ סך אומדייטלעכע און אומדערקלערטע ערטער, — האָבן די חכמי ישראל געמוזט נעמען צו הילף די טראַדיציע, דאָס הייסט די תורה־שבעל־פּה, וואָס ווייזט אָן די דרכים, ווי אַזוי אויסצוטייטשן דעם תנ"ך און ווי אַזוי פון די חוקים, וואָס זיינען אין דער תורה אָנגעוויזן בפירוש, אַרויסברענגען ביידע חוקים אין יעדער צייט און אין יעדן פאַל. דידאָזיקע גרויסע און שווערע תורה־שבעל־פּה איז אָבער שווער געווען איבערצוגעבן דעם גאַנצן פאָלק, נייערט בלויז אַ געוויסער קערפּערשאַפט, אַ געזעצ־געבערישער קאָמיסיע.

אָבער אויך די תורה־שבעל־פּה, דער תלמוד, האָט דאָ ניט געקענט ברענגען קיין אַבסאָלוטע ישועה. אין תלמוד גופא זיינען נאָך פאַרבליבן אַ סך אומדערקלערטע ענינים. דער ענין אַרויס־דרינגען באַזונדערע פאַלן פון די אַלגעמיינע און דער ענין ביידע דינים, וואָס האָבן זיך געפאָדערט לויט די אומשטאַנדן פון דער צייט, האָבן געגעבן אַ געלעגנהייט פאַר ביידע חילוקי־דעות און ביידע מחלוקתן. און אָט דורך דידאָזיקע מחלוקתן און דורך די מע־טאָדן זיי צו ליקווידירן האָט זיך פאַרברייטערט דער טעטיקייטס־קרייז און די השפּעה פון דער געזעצגעבערישער קאָרפּאָראַציע אויפן פאָלק, און די עצם קאָרפּאָראַציע איז אויך אַלץ מער גע־וואַקסן אין צאָל פון דור צו דור. בכן קומט אויס, אַז די יידישע קאָנסטיטוציע איז לויט דער פאָרם אַן אַריסטאָקראַטישע, ווען די רעליגיעזע מאַכט ליגט אין די הענט פון אַ געלערנטער קערפּערשאַפט, און זי מוז דעריבער האָבן אַלע חסרונות פון אַזאַ אַריסטאָקראַטישער מאַכט. דער גרויסער טייל פון פאָלק, וואָס איז כל ימיו טרוד מיט דאגת־הפּרנסה, מיט שווערער האָרעוואַניע פאַר זיך אַליין און פאַר דעם לומדיש־רבנישן קלאַס, וואָס איז אים נייטיק, — אָט דער המון „עם־הארצים" האָט ניט געהאַט די מעגלעכקייט אויפמערקזאַם צו ווערן אויף דידאָזיקע חסרונות. דערפאַר זיינען פון צייט צו צייט אויפגעשטאַנען מענטשן פון אָט דער געזעצגעבערישער קאָרפּאָראַציע גופא, וואָס האָבן ניט בלויז געטאַדלט זייערע קאָלעגן פאַר זייער דעספּאָטיש באַהאַנד־

לען דאָס פאָלק, נייערט האָבן אַפילו געשטעלט אונטער אַ פּראַ־
געצייכן דעם עצם ענין פון זייער אַווטאָריטעט.

פון דעם דאָזיקן מין מענטשן איז געווען דער גרינדער פון
דער קריסטלעכער רעליגיע, וואָס האָט זיך גלייך אין אָנהייב גע־
שטעלט אַנטקעגן דער טיראַניע פון דער אַריסטאָקראַטיע, און
אָנשטאָט דער סיסטעם פון צערעמאָניאַלע געזעצן, וואָס האָבן
געדאַרפט זיין ערשט אַ מיטל צום צוועק — צו דער אויסאַרבע־
טונג פון אַ מאָראַלישער סיסטעם,—האָט ער געוואָלט אַוועקשטעלן
דירעקט די מאָראַלישע סיסטעם גופא.

צו דעם מין האָט געהערט אויך דער באַרימטער שבתאי
צבי אין צווייטער העלפט פון פאָריקן[1] יאָרהונדערט, וואָס האָט
זיך אויסגערופן פאַר אַ משיח און געוואָלט מבטל מאַכן דעם
גאַנצן קאָדעקס רעליגיעזע געזעצן און מנהגים, וואָס די רבנים
האָבן צוגעגעבן צו די עיקרדיקע געזעצן פון דער תורה. אָבער
ער האָט ניט געקענט געבן דעם פאָלק, אָנשטאָט די חוקים און
מנהגים, אַ געלייטערטע לערע פון מאָראַל, געגרינדעט אויפן
שכל, ווי אַ רעפאָרמאַציע, ווייל אין יענער צייט איז דאָס פאָלק
נאָך געווען טיף פאַרזונקען אין אָבערגלויבנס. מ'האָט געמוזט
געבן דעם פאָלק נייע הבלדיקע אמונות און פאַנטאַזיעס אָנשטאָט
די אַלטע אָבערגלויבנס און דמיונות. דאָס איז געשען אויף פאָלגנ־
דיקן אופן.

ס'האָט שוין לאַנג עקסיסטירט אַ געהיימע געזעלשאַפט פון
אומצופרידענע אין פאָלק, וואָס נאָכן תנ"ך איז איר הייליקסטער
ספר געווען דער „זוהר". לויט די ווערטער פון ר' יוסף קאַנ־
דיאַ[2], זאָל האָבן דעם „זוהר" אָנגעשריבן אַ פראַנצויזישער ייד
ר' משה דע ליאָן, וואָס האָט אים איבערגעגעבן דעם פאָלק
ווי אַן אַלטן אויסגעפונענעם ספר, וואָס זיין מחבר איז דער באַ־
רימטער תנא ר' שמעון בן יוחאי. דער דאָזיקער ספר, ווי

---

[1] XVII.

[2] ר' יוסף שלמה דעלמעדיגאַ פון אײנזל קאַנדיאַ (1591 — 1655) — מאַטעמאַטיקער, אַסטראָנאָם, פיזיקער, פענאָמענאַלער

שוין אויבן געזאָגט, איז אַן אויסטייטשונג פון תנ"ך לויט די פרינציפּן פון קבלה, אָדער ריכטיקער געזאָגט: דער „זוהר" גיט איבער די עצם פרינציפּן פון קבלה אין דער פאָרם פון תנ"ך, אַזוי ווי דידאָזיקע פרינציפּן פון קבלה וואָלטן געווען אַרויסגעדרונגען און אַרויסגעשעפּט פון תנ"ך. דער דאָזיקער ספר האָט, פּונקט ווי דער יאַנוס[1], אַ טאָפּלט געזיכט און ווערט דעריבער אויסגעטייטשט אויף צוויי אופנים. דער ערשטער אופן פון אויסטייטשן איז דער *בפרטיותדיקער* ברייטער פּירוש פון דער *געוויינלעכער* קאַבאַליסטישער סיסטעם. דאָ איז אַ ברייט פעלד פאַר דער פאַנטאַזיע, וואָס קען זיך פונאַנדערשפּילן פראַנק און פריי, פאַרגעסנדיק אָן עיקר און ניט קומענדיק נעענטער אויף אַ האָר צום ציל. דאָ ווערן אויך איבערגעגעבן אין בילדער מאַנכע אמתן פון מאָראַל און פיזיק, אָבער סוף־כל־סוף ווערן זיי פאַרלאָרן אינם לאַבירינט פון היפּערבאָלעס און גוזמאות. אויף אַזאַ אופן צו אָפּערירן מיט קבלה לעבן די מקובלישע *מחברים* און דאָס רופט זיך ביי זיי „די קליינע מיסטעריע („מיסתּורין") פון דער געהיימער געזעלשאַפט".

דער צווייטער אופן פון אויסטייטשן דעם „זוהר" האָט אַ שייכות צום געהיימען *פּאָליטישן* אינהאַלט פון דער געזעלשאַפט און איז באַקאַנט בלויז די *ראשים* אירע. די רָאשים גופא אָבער פון דער געהיימער געזעלשאַפט און די מעשים זייערע בלייבן שטענדיק דעם ברייטן עולם אומבאַקאַנט; די געוויינלעכע מיטגלידער ווידער פון דער געזעלשאַפט קענען יאָ זיין

ליגגוויסט, פילאָסאָף און מקובל, דאָקטאָר מעדיצין, רייזנדער, — געווען אויך אין פּוילן, — געבילדעטסטער מענטש פון זיין צייט. מאַסן ווערק איבער פאַרשיידענע געביטן פון וויסנשאַפטן, פילאָסאָפיע און קבלה. אַלע היסטאָריקער ציטירן זיינע ווערק, ווי איינעם פון די גרעסטע אויטאָריטעטן. באַקאַנט אויך אונטערן פּסעוודאָנים „היש"ר מקאנדיא"ה". דער איבערז.

[1]) *יאַנוס* — אוראַלט־רוימישער גאָט פון צייט, פון איטלעכן אָנהייב און פון איטלעכן סוף, איז געווען פאָרגעשטעלט מיט צוויי פּנימער, געווענדט אין קעגנזעצלעכע זייטן. *דער איבערז.*

באַקאַנט. דידאָזיקע געוויינלעכע מיטגלידער קענען ניט אַרויסגעבן די פּאָליטישע סודות, ווייל זיי ווייסן זיי אַליין ניט. די ראשים ווען ניט אַרויסגעבן די סודות, ווייל דאָס איז כּנגד זייער אינטערעס. בלויז די קליינע, ליטעראַרישע[1], סודות ווערן אַנטפּלעקט דעם פּאָלק, און ווערן אים רעקאָמענדירט ווי זייער וויכטיקע זאַכן. די גרויסע, פּאָליטישע, סודות אָבער לערנט מען ניט מיטן עולם; עס באַנוצן זיך מיט זיי בלויז די, וואָס האָבן זיי אַליין באַגריפן.

איינער אַ געוויסער מקובל, ר׳ יואל בעל־שֵׁם[2], איז אַרום דער דאָזיקער צייט זייער באַרימט געוואָרן אין פּוילן דורך זיינע סגולות און רפואות, וואָס מיט זייער הילף איז אים געלונגען אויסצוקורירן געוויסע אומהיילבאַרע חולאים און בעלי־מומים. לויט זיינע רייד, האָט ער געטאָן אַלע זיינע נפלאות ניט דורך באַטירלעכע מיטלען, נאָר בלויז מיט דער הילף פון „קבלה מעשית״ (פּראַקטישער קבלה) און פון די „הייליקע שמות״, אָבער אין דער אמתן האָט ער עס דורכגעפירט אויפן גרונד פון זיינע מעדיצינישע ידיעות און מיט שאַרלאַטאַנישע מעשים תעתועים. אויף אַזאַ אופן האָט ער געשפּילט אין פּוילן זייער אַ גליקלעכע ראָלע.

ער האָט אויך געטראַכט וועגן איבערלאָזן יורשים פון זיין קונסט. צווישן זיינע תלמידים זיינען געווען אייניקע, וואָס האָבן זיך גענומען פאַר זיין פּראָפעסיע און זיך באַרימט געמאַכט דער־

---

[1]) וואָס זיינען פאַרשריבן אין די קבלה־ספרים.

[2]) בעל־שם הייסט דער, וואָס גיט זיך אָפּ מיט דער „פּראַקטישער קבלה״, ד. ה. מיט באַשווערן רוחות און מיט שרייבן קמיעות, צו וואָס עס ווערן באַנוצט גאָטס נאָמען (דער שֵׁם) און די נעמען („שמות״) פון מלאכים.

הערה פון מחבר.

בנוגע דעם נאָמען ר׳ יואל האָט אונזער מחבר אַ טעות. ער מיינט געוויס ר׳ ישראל בעל־שם־טוב (בעש״ט), דעם געני און גרינדער פון דער נייער חסידישער שיטה. דער איבערז.

מיט, וואָס זיי האָבן מיט הצלחה קורירט קראַנקע און אויפגעדעקט גנבים.

מיט די קוראַציעס איז צוגעגאַנגען גאַנץ נאַטירלעך. זיי האָבן זיך באַדינט מיט די געוויינלעכע מעדיצינישע מיטלען, אָבער, פונקט ווי אַלע קונצנמאַכערס, האָבן זיי געזוכט אָפּצווענדן די אויפמערקזאַמקייט פון די צושויער פון דידאָזיקע נאַטירלעכע מיטלען און צו לענקען זי אינגאַנצן אויף זייער קאַבאַליסטישן האָקוס-פּאָקוס. בנוגע די גנבות דאַרף מען משער זיין, אַז אָדער זיי האָבן עס אַליין דורכגעפירט דורך אייגענע מענטשן און נאָכ־דעם קונציק געטראָפן, ווער דאָס האָט געטאָן, אָדער זיי האָבן זיי אויפגעדעקט מיט דער הילף פון זייערע פיל מרגלים.

עס האָבן זיך אָבער געפונען אַנדערע פון זיינע תלמידים, באַגאַבטע מיט גרעסערע כשרונות און מיט אַן איידעלערער אַרט דענקען, וואָס האָבן זיך געשטעלט העכערע צילן. זיי האָבן איינ־געזען, אַז מיטן כוח פונם פּאָלקסצוטרוי צו זיי וועלן זיי קענען אויפטאָן אַ סך הן פאַר זייער אייגענער טובה, הן לטובת הכלל, — און זיי האָבן באַשלאָסן אויפצוקלערן דאָס פאָלק און דורך דעם אים צו באַהערשן. זייער פּלאַן האָט בכן געהאַט אי אַ מאָראַלישע אי אַ פּאָליטישע זייט[1]. פון אָנהייב, האָט זיך געדוכט, האָבן זיי געוואָלט בלויז אָפּשאַפן די חסרונות, וואָס האָבן זיך אַריינגעכאַפּט אין דער סיסטעם און אין דער לערע פון דער יידישער רעליגיע און מאָראַל. אָבער דאָס האָט בהכרח געמוזט ציען נאָך זיך אויך דעם חורבן פון דער גאַנצער סיס־טעם, פון דער גאַנצער לערע.

זיי זיינען אַרויסגעטראָטן דער־עיקר קעגן די רבנים און קעגן די חסידים די אַסקעטן.

קעגן די רבנים האָבן זיי געשטריטן דערפאַר, וואָס אָנ־

---

[1] אַזוי ווי איך בין קיינמאָל ניט דערהויבן געוואָרן צו דער מדרגה פון אַ ראש אין דער דאָזיקער געזעלשאַפט, קען איך ניט איבערגעבן וועגן זייער פּלאַן ווי וועגן אַ פאַקט אויפן גרונט פון דערפאַרונג, נייערט בלויז ווי אַ השערה. הערה פון מחבר.

שטאָט דעם, וואָס יענע האָבן מיט דער הילף פון זייער געלערנט־קייט געדאַרפט פאַראיינפאַכערן די געזעצן און מאַכן זיי צוטריט־לעך דעם פאָלק, האָבן זיי מיט זייערע סכאָלאַסטישע פלפולים אַריינגעטראָגן אין זיי נאָך אַ גרעסערן פלאָנטער און געמאַכט זיי נאָך אומפאַרשטענדלעכער. די לומדים, אויסערדעם, זיינען זיך עוסק מיט דער תורה בלויז לשם לערנען, אָנשטאָט דעם, וואָס זיי האָבן זיך דער־עיקר געדאַרפט באַשעפטיקן מער מיט דער פראַקטישער דורכפירונג פון די געזעצן, ווייל דאָס לערנען איז דאָך אייגנטלעך ניט קיין ציל, נאָר בלויז אַ מיטל דערצו; און דערביי האָט ביי זיי דער לימוד פון די דינים, וואָס האָבן איצט שוין ניט קיין שום באַדייטונג (ווי, למשל, די דינים פון קרבנות און פון טומאה וטהרה וכדומה), פונקט אַזאַ חשיבות, ווי די דינים, וואָס ווערן נאָך אויך איצט געברויכט. און נאָך אַ זאַך: ביים מקיים זיין די מצוות לייגן זיי מער אַכט אויפן אויסווייניקסטן צערעמאָניאַל, איידער אויף דער אינעווייניקסטער כוונה און אויף דעם מאָראַלישן צוועק פון די מצוות. — קעגן דעם אַלץ זיינען אַרויסגעטראָטן די נייע חסידים.

שאַרף האָבן זיי אָנגעגריפן אויך די איבערטריבענע פרומ־קייט פון די בעלי־תשובה די אַסקעטן. דידאָזיקע בעלי־תשובה פלייסן זיך, אמת, צו טאָן מעשים טובים, אָבער דער מאָטיוו פון זייערע מעשים טובים פליסט ניט אַרויס פונם פאַרלאַנג צו דער־קענען גאָט און זיין שלימות, נאָר גיכער פון פאַלשע באַגריפן וועגן גאָט און זיינע אייגנשאַפטן, — און דעריבער איז זייער טוגנט ניט קיין אמתע, נאָר אַן איינגעבילדעטע. דער פועל־יוצא דערפון איז פאָלגנדיקער: אָנשטאָט דעם, וואָס פון ליבשאַפט צו גאָט און פונם פאַרלאַנג צו ווערן ענלעך אויף אים וואָלטן זיי זיך געדאַרפט באַפרייען פון קערפערלעכע באַגערן און תאוות און שטרעבן צו האַנדלען לויט די געזעצן, וואָס זיינען געגרינדעט אויפן פרייען ווילן און אויפן שכל, — אָנשטאָט דעם זוכן זיי צו פאַרניכטן זייערע באַגערן און תאוות דורך דער פ אַ ר נ י כ ט ו נ ג פון זייערע ווירקנדיקע כוחות, ווי איך האָב שוין אויבן געשיל־דערט מיט אייניקע טרויעריקע ביישפילן.

די אויפקלערער (די נייע חסידים) האָבן געלערנט, אַז דער ערשטער תּנאי פאַר אמתער חסידות (טוגנט) איז אַ פריילעכער געמיט, אַן אויפגעלייגטער צו אַלע אַרטן טעטיקייט. ווייטער, זיי האָבן דערלויבט, באַכמער — זיי האָבן אַפילו געראָטן אויף אַ מעסיקן אופן צו געניסן אַלע מינים פאַרגעניגנס, וואָס זיינען נויטווענדיק אויף צו דערגרייכן אַ פריילעכע שטימונג, ווייל בלויז אין אַ פריילעכער שטימונג קען מען אויפטאָן וויכטיקס. זייער עבודת־הבורא איז באַשטאַנען אין אַ פרייוויליקער זעלבסטבאַפרייונג פון אַלץ קערפּערלעכס, ד. ה. אין אַבסטראַהירן די רעיונות פון אַלע זאַכן אויסער גאָט, אַפילו אויסטאָן זיך פונם אינדיווידועלן איך, פונם אייגענעם יֶש[1], און אין פאַראייניקונג מיט גאָט[2]. זיי האָבן זיך דאַן געפונען אין אַ מצב פון זעלבסטפאַרלייקענונג, פון „ביטול היֶש", אַזוי אַז אַלץ, וואָס זיי האָבן געטאָן אין דעם דאָזיקן צושטאַנד, האָבן זיי געהאַלטן ניט פאַר אייגענע מעשים, נאָר פאַר מעשים פון גאָט.

בכן איז זייער עבודת־הבורא באַשטאַנען אין אַ מין דורכגעטראַכטן יראַת־הכבוד[2]. דערצו איז ניט נייטיק געווען קיין באַזונדערע צייט און קיין באַזונדערער נוסח. יעדער איינער האָט געהאַט פולע פרייהייט, ווען צו פאַרנעמען זיך מיט דער דאָזיקער „התבוננות" (אַריינטראַכטונג), — דאָס איז געווען אָפּהענגיק פון פון דער מדרגה פון זיין גאָט־דערקענטעניש. פונדעסטוועגן האָבן די חסידים אויסגעקליבן דערצו הויפּטזעכלעך די שעהן, וואָס זיינען באַשטימט צום דאַוונען. בעת זייער דאַוונען האָבן זיי זיך באַמיט הויפּטזעכלעך אויסצוטאָן זיך פון זייער גשמיות, ד. ה. זיי

1) לויט דער חסידישער טערמינאָלאָגיע הייסט עס: „התפּשטות הגשמיות" — דאָס אויסטאָן זיך פון אַלע ערדישע ענינים און פון זיך אַליין. אויך „ביטול היֶש" — דאָס מבטל מאַכן דעם יֶש, דעם איך.

דער איבערז.

2) ד. ה. „דביקות" — באַהעפטן זיך אין גאָט. דער איבערז.

3) אויפן חסידישן לשון: „התבוננות" — אַריינטראַכטונג, דורכטראַכטונג.

דער איבערז.

האָבן זיך אַזוי פאַרטיפט אין פאָרשטעלן זיך די פולקומענהייט
פון גאָט, אַז זיי האָבן דורכדעם אָנגעוואָרן די פאָרשטעלונג פון
אַלע אַנדערע זאַכן, אַפילו פונם אייגענעם קערפּער, אַזוי אַז זייער
גוף האָט, לויט זייערע רייד, אין דער צייט גאָרנישט געפילט.

אָבער אַזוי ווי אַ בשר־ודם איז זייער שווער צו דערגרייכן
אַזאַ מין אַבסאָלוטע אַבסטראַקציע[1]), דען די „פרעמדע מחשבות"
פירן אים אָפּט אַרויס פונם צושטאַנד פון דער „התבוננות", —
האָבן זיי צוגעטראַכטן אַלערהאַנט מעכאַנישע אָפּעראַציעס
(באַוועגונגען און קולות), כדי צו פאַרטרייבן די „מחשבות זרות"
און אײַנצוהאַלטן זיך אין צושטאַנד פון „התפשטות הגשמיות" די
גאַנצע צייט פון דאַוונען. ס'איז געווען קאָמיש צו זען, ווי זיי האָבן
אָפּט מפסיק געווען דאָס דאַוונען דורך כל המינים משונהדיקע קולות
און לעכערלעכע תנועות, וואָס האָבן, משמעות, געהאַט דעם ציל
אָנצוּוואַרפן אַ פחד אויף זייער שונא, דעם אומדערטרעגלעכן
שטן מקטרג, וואָס האָט געזוכט צו שטערן זיי אין זייער
„התבוננות". דורך דעם פלעגן זיי אַזוי אײַנמאַטערן און אויס־
שעפּן זייערע כוחות, אַז זיי פלעגן נאָכן דאַוונען אַנידערפאַלן
אויף דער ערד ווי געחלשטע.

ס'איז אמת, אַז אַזעלכע דרכים פון גאָטעסדינסט זײַנען אין
גרונד צוגעפּאַסט צו זייער צוועק, אָבער מ'קען אויך ניט לייקע־
נען, אַז זיי זײַנען עלול איבערצושטייגן די מאָס און צו ברענ־
גען צו ניט־געווינטשטע רעזולטאַטן. די אינעווייניקסטע התעוררות
צו טעטיקייט, וואָס קומט פון גייסטיקער פרייד, קען אויפקומען
בלויז אויף אַ געוויסער מדרגה פונם מענטשנס דערגרייכטער
דערקענטעניש. דער „ביטול היש" פאַר גאָט קען האָבן אַ זין
בלויז דאַן, ווען דער כוח פון דעם מענטשנס דערקענטעניש איז
אַזוי פאַרטאָן אינם אַרײַנטראַכטן זיך (התבוננות) אינם
געטלעכן עצם, אַז מחמת דער גרויסקייט פון דעם דאָזיקן עצם
טוט זיך דער מענטש אויס פון זיין אייגענעם עצם און באַהעפט

---

1) אַבסטראַקציע—דאָס זעלביקע וואָס „התפשטות הגשמיות", דאָס
אויסטאָן זיך פון זיך. דער איבערז.

זיך בלויז אין יענעם דערהויבענעם עצם אליין. און פאַרקערט: אויב דער כוח פונם מענטשנס דערקענטעניש איז באַגרענעצט, אַז זיין אַריינטראַכטן זיך איז ניט איבעריקס טיף, ער דערקענט ניט די גרויסקייט פונם דערהויבענעם עצם און איז ניט פעיִק צו קיין שום פאָרטשריט אין זיין התבוננות, — דאַן איז קיין שום ספק ניט, אַז די אינעווייניקסטע התעוררות צו טעטיקייט ווערט נאָך מער געשטערט און פאַרהאַלטן, אָנשטאָט צו פּראָגרעסירן, ווייל אַלע גייסטיקע כוחות זיינען קאָנצענטרירט אין אַזאַ פרוכט־לאָזער אַריינטראַכטונג (התבוננות).

עס טרעפט, אַז מיר זעען תמימותדיקע מענטשן פון דער דאָזיקער כיתה, ווי זיי זיצן אָדער גייען אַרום אַ גאַנצן טאָג ליי־דיק מיט דער ליולקע אין מויל, און אַז מיר פרעגן זיי, מיט וואָס זיינען איצט פאַרנומען זייערע רעיונות, — ענטפערן זיי:

— מיר זיינען אַריינגעטאָן אין דענקען וועגן גאָט!

דער דאָזיקער ענטפער וואָלט געווען אַ באַפרידיקנדיקער, ווען דידאָזיקע לייט וואָלטן געזוכט צו פאַרברייטערן זייער דער־קענטעניש וועגן דער געטלעכער שלימות דורך אַ שטענדיקער באַשעפטיקונג מיט שטודירן די נאַטור. אָבער היות דאָ האָט מיט זיי ניט געקענט זיין אַזוי דער פאַל, ווייל זייערע ידיעות אין נאַטורוויסנשאַפט זיינען געווען זייער באַגרענעצטע, — איז פאַר־שטענדלעך, אַז דער צושטאַנד פון אַזאַ אומפרוכטבאַרער „התבוננות" (אַריינטראַכטונג), וואָס זיי האָבן אויף איר קאָנצענטרירט זייער גאַנצע ענערגיע, איז אַן אומנאַטירלעכער צושטאַנד. און ווייטער: זיי באַהויפּטן, אַז אַלע מעשים, וואָס זיי טוען בעת זייער התפשטות הגשמיות, זיינען מעשים פון גאָט אַליין; אָבער דאָס וואָלט גע־האַט אַ זין, ווען זייערע האַנדלונגען וואָלטן געווען פּועל־יוצאס פון אַ ריכטיקער גאָט־דערקענטעניש. ווייבאַלד אָבער זייערע האַנד־לונגען זיינען בלויז רעזולטאַטן פון אַ באַשרענקטער גאָט־דער־קענטעניש, איז נאַטירלעך, אַז זיי מוזן אָפּטאָן אויף גאָטס חשבון כל המינים מעשים תעתועים, ווי דאָס האָט זיך צום אומגליק שפּעטער אַרויסגעוויזן.

עס לאָזט זיך אָבער לייכט דערקלערן דער פאַקט, וואָס

דידאָזיקע סעקטע האָט זיך געשווינדט פאַרשפּרייט און וואָס איר בייע לערע איז אויפגענומען געוואָרן מיט גרויס שמחה ביים גרעסטן טייל פון פאָלק. די נאַטירלעכע נטיה צו בטלנות און צו אַ וועלטבאַטראַכטערישן שטייגער לעבן פונם גרעסטן טייל פּוילישע יידן, וואָס זיינען פון קינדהייט אָן שוין באַשטימט צום לערנען; די טרוקנקייט און די אומפּרוכפּערדיקייט פונם רבנישן שטייגער לערנען; די גרויסע משא האַרבע רעליגיעזע דינים, וואָס די ניי-חסידישע לערע האָט צוגעזאָגט צו פאַרלייכטערן, און צום סוף די נטיה צו חלומות אויפן וואָר און צו נסים ונפלאות, וואָס געפינט איר דערנערונג אין דער דאָזיקער לערע, — דאָס אַלץ דערקלערט גענוג דידאָזיקע פענאָמענאַלע דערשיינונג.

תחילת האָבן, אמת, די רבנים און די חסידים פון אַלטן טיפּ זיך געשטעלט קעגן דער פאַרשפּרייטונג פון דער דאָזיקער נייער סעקטע, אָבער סוף-כל-סוף, מחמת די אויבנדערמאָנטע סיבות, האָט די תורה פון דער נייער חסידות באַקומען די אייבערהאַנט.ביידע צדדים האָבן אַרויסגעוויזן אַ געוואַלדיקע קעגנזייטיקע שנאה. יעדער צד האָט געזוכט צו ווערבירן אָנהענגער, אין פאָלק איז אויסגעקומען אַ אירונג, ס'האָבן אויסגעבראָכן גרויסע מחלוקתן און די נאַציע איז געשפּאָלטן געוואָרן אויף צוויי רעליגיעזע ריכטונגען: אויף ח ס י ד י ם און מ ת נ ג ד י ם (קעגנער פון די חסידים).

איך האָב יעמאָלט[1]) נאָך ניט געקענט האָבן קיין שום ריכטיקן באַגריף וועגן דער דאָזיקער סעקטע און איך האָב ניט געוואוסט, וואָס צו דענקען וועגן איר, ביז איך האָב מיך באַקאַנט מיט אַ יונגנמאַן, וואָס האָט שוין געהערט צו דער דאָזיקער געזעלשאַפט און האָט שוין זוכה געווען פּנים אל פּנים צו ריידן מיט די „רביים". ער איז גראָד דורכגעפאָרן דורך דעם אָרט, וואו איך האָב געוואוינט, און איך האָב אויסגענוצט די דאָזיקע געלעגנהייט און געבעטן ביי אים אייניקע דערקלערונגען וועגן דער אינעווייניקסטער אײַנאָרדענונג פון דער דאָזיקער

[1]) אין דער צייט פון זיינע קאָנדיציעס. ד ע ר  א י ב ע ר ז.

געזעלשאַפט, וועגן דעם אופן, ווי אָנגענומען צו ווערן אין איר א. אַז. וו.

דער דאָזיקער יונגערמאַן אָבער איז נאָך אַליין געשטאַנען אויף דער ערשטער מדרגה אין דער היעראַרכיע פון דער סעקטע, האָט מחמת דעם נאָך גאָרנישט געוואוסט פון די אינעווייניקסטע ענינים פון דער דאָזיקער געזעלשאַפט און האָט מיר וועגן דעם ניט געקענט געבן קיין שום ידיעות. וואָס איז אָבער שייך דעם אופן, ווי צו ווערן אָנגענומען אין דער דאָזיקער געזעלשאַפט, האָט ער מיך פאַרזיכערט, אַז עס איז ניטאָ קיין פשוטערע זאַך. יעדער מענטש, וואָס שפירט אין זיך אַ שטרעבונג צו פולקומענ־הייט, נאָר ער ווייס ניט, ווי דאָס צו דערגרייכן, אָדער ער ווייס ניט, ווי אָפּצוראַמען פון וועג די מניעות, וואָס שטייען קעגן דער שטרעבונג זיינער, — האָט ער קיין שום אַנדער זאַך ניט נייטיק, ווי נאָר צו ווענדן זיך צו די רביים, און דערמיט גופא ווערט ער שוין מיטגליד פון דער דאָזיקער געזעלשאַפט. ער דאַרף ניט (ווי דאָס איז דער פאַל מיט די מעדיקער) דערציילן די רביים וועגן זיינע מאָראַלישע חסרונות און וועגן זיין פריער־דיקן שטייגער לעבן וכדומה, דען פונם רבין איז קיין שום זאַך ניט פאַרהוילן. דער רבי זעט דאָס מענטשלעכע האַרץ דורך און דורך און ער אַנטפּלעקט אַלץ, וואָס איז פאַרבאָרגן אין די חדרי־חדרים פון דער נשמה; ער קען פאָראויסזאָגן די צוקונפט און דאָס ווייטע קען ער נאָענט מאַכן.

זייערע דרשות און מאָראַלישע לערן גרייטן זיי ניט צו אַ פריער דורכגעטראַכט און סיסטעמאַטיש, ווי דאָס ווערט גע־ווינלעך געטאָן, דען דער דאָזיקער אופן פון דרשות פאַסט בלויז פאַר די, וואָס באַטראַכטן זיך ווי וועזנס, וואָס עקסיסטירן און ווירקן אָפּגעזונדערט פון גאָט און לערנען לויט זייער שכל, און ניט לויטס גאָטס וואָרט. די רביים אָבער האַלטן בלויז דאַן זייער לערע פאַר געטלעך און בכן פאַר אַבסאָלוט אמת, ווען זי איז דער פועל־יוצא פון התפשטות הגשמיות, ד. ה. ווען זי קומט זיי אויפן זין פּלוצלונג, אָן הכנות, לויט די פאָדערונגען פון די אומ־שטאַנדן,—לויט דער אינטוציע פון אויבן.

פון דער דאָזיקער באַשרייבונג בין איך אַריין אין התפּעלות און האָב געבעטן מיין נייעם באַקאַנטן, ער זאָל מיר איבערגעבן אייניקע פון דידאָזיקע געטלעכע דרשות. ער האָט זיך אַ קלאַפּ געטאָן מיט דער האַנט אין שטערן, ווי ער וואָלט געוואַרט אויף רוח־הקודש; נאָכדעם האָט ער זיך געווענדט צו מיר מיט אַ פייער־לעכער מינע און מיט אַנטבלויזטע הענט און אָנגעהויבן בזה הלשון:

„שִׁירוּ לַה׳ שִׁיר חָדָשׁ, תְּהִלָּתוֹ בִּקְהַל חֲסִידִים“ (זינגט צו גאָט אַ ניי ליד, זיין לויב איז אין דער געמיינדע פון די פרומע, — תהלים, קמ״ט, א׳). אונזער רבי האָט דעם דאָזיקן פּסוק דער־קלערט אויף אַזאַ אופן: די מידות (אייגנשאַפטן) פון גאָט, וואָס איז דער פולקומענסטער בתכלית השלימות, מוזן ווייט אַריבער־שטייגן די מידות פון איטלעכן איינגעשרענקטן וועזן, — בכן מוז אויך זיין לויב, וואָס איז דער אויסדרוק פון זיינע מידות, ווייט אַריבערשטייגן דאָס לויב פון פון אַלע אַנדערע וועזנס. ביז איצט האָבן מיר געלויבט גאָט, אַז ער טוט די גרעסטע נפלאות: אַנטפּלעקט פאַרבאָרגנס, זעט פאָראויס די צוקונפט, ווירקט די־רעקט און בלויז מיט זיין איינציקן ווילן וכדומה. איצט אָבער, אַז די פרומע (די רביים) זיינען ביכולת אַליין צו טאָן אַזעלכע נפלאות, האָט דאָך שוין גאָט ניט קיין יתר־שאת לגבי זיי דע־רין, — בכן מוזן מיר איצט זען אויסצוגעפינען אַ ניי לויב, וואָס פּאַסט בלויז פאַר גאָט אַליין. (בכן איז דער פּשט פון פּסוק אַזוי: שירו לה׳ שיר חדש — זינגט צו גאָט אַ נייעם געזאַנג — זוכט אויס פאַר גאָט אַ ניי לויב, ד׳ען תהלתו — דאָס וואָס מיר האָבן אים ביז אַהער געלויבט, איז שוין פאַראַן בקהל חסידים — אין דער געמיינדע פון די חסידים).

איך בין געווען אין פולער התפּעלות פון דעם דאָזיקן גייסטרייכן אופן פון אויסטייטשן די כתבי הקודש און האָב גע־בעטן ביים יונגנמאַן, ער זאָל מיר זאָגן נאָך דברי תורה פון דעם מין. דאַן האָט דער דאָזיקער ווייטער גערעדט אין גרויס באַ־גייסטערונג:

— „וְהָיָה כְּנַגֵּן הַמְנַגֵּן וַתְּהִי עָלָיו יַד ה׳“ (מלכים ב׳, קאַפּ.

ג׳, פסוק ט״ו) — און עס איז געווען, אַז דער שפּילער (דער מו־זיקאַנט) האָט געשפּילט, איז אַרויף אויף אים (אויף אלישע הנביא) דער גייסט פון גאָט. דעם דאָזיקן פּסוק טייטשן די רַבֵּיִים אויס אַזוי: כל זמן דער מענטש איז זעלבסטעטיק (אַקטיוו), קען אויף אים ניט רוען דער רוח־הקודש; צו דעם צוועק מוז ער זיין בלויז ווי אַ אינסטרומענט, פאַרהאַלטן זיך פּאַסיוו. בכן דאַרף מען דעם דאָזיקן פּסוק פאַרשטיין אַזוי: וְהָיָה כְּנַגֵּן הַמְנַגֵּן — ווען דער מנגן (גאָטס דינער) ווערט גלייך ווי דער אינסטרומענט (כּנגן), בלויז דאַן איז ותּהי עליו יד ה׳ — גייט אויף אים אַרויף דער רוח־הקודש[1].

און דער יונגערמאַן האָט ווייטער גערעדט:

— נון הערט דעם פּירוש פון דער מִשנה אין פּרקי אָבות: „יְהִי כְבוֹד חֲבֵרְךָ חָבִיב עָלֶיךָ כְּשֶׁלָּךְ״ — דער כבוד פון דיין מיטמענטשן זאָל דיר ליב זיין ווי דיין אייגענער. אונזערע רביים דערקלערן די דאָזיקע משנה אַזוי: ס׳איז זיכער, אַז קיין שום מענטש וועט ניט געפינען קיין שום פאַרגניגן אין אָנטאָן כבוד זיך אַליין; דאָס וואָלט אויך לעכערלעך געווען. אָבער פּונקט אַזוי לעכערלעך איז עס צו פיל אַכט צו לייגן אויפן כבוד, וואָס אַנדערע גיבן אונז אָפּ, דען דער דאָזיקער אָפּגעגעבענער כבוד פאַרגרעסערט ניט אונזער אינעווייניקסטן ווערט. און דאָס מיינט דער תּנא: יהי כבוד חברך — זאָל דער כבוד פון דעם מיט־מענטשן, — דער כבוד, וואָס דיין מיטמענטש ווייזט דיר אַרויס, — חביב עליך כשלך — דיר פּונקט אַזוי ווייניק

---

[1]) דער שאַרפזין פון דעם דאָזיקן פּירוש באַשטייט דערין, אַז דאָס העברעישע וואָרט נַגֵּן באַטייט גלייכצייטיק דעם אינפיניטיוו פונם פּעַל (צייטוואָרט) שפּילן, און דעם שם עצם (הויפּטוואָרט) מוזיקאַלישער אינסטרומענט; דער אות כּ באַטייט אין איינער און דערזעלביקער צייט ווען און ווי. די רביים, וואָס האָבן אַרויסגעריסן די פּסוקים פון תּנ״ך פון זייער צוזאַמענהאַנג, האָבן ניט געלייגט קיין אַכט אויפן אַלגעמיינעם אינהאַלט פון די קאַפּיטלען. זיי האָבן אויסגעקליבן בלויז יענע שטעלן, וואָס האָבן גע־קאָנט דינען פאַר אַ באַשטעטיקונג פון זייערע לערן און פון זייער פּרינציפּ פון התפּשטות הגשמיות. הערה פונם מחבר.

ליב זיין, ווי דיין אייגענער, ד. ה. ווי דער כבוד, וואָס דו וואָלסט זיך אליין אָפּגעגעבן.

איך בין פאַרוואונדערט און נתפעל געוואָרן — און איך האָב ניט געקאָנט ניט ווערן פאַרוואונדערט און נתפעל — פון די פאָרטרעפלעכע רעיונות און פון די שאַרפזיניקע פירושים, וואָס האָבן זיי געשטיצט[1].

---

[1]) איך האַלט, אַז אַפילו איצט דאַרף איך מיך ניט שעמען מיט דער דאָזיקער באַוואונדערונג און התפעלות מיינער, דען מיר געפעלן בכלל שאַרפזיניקע איינפאַלן. איך בין דאָך געוויס בשום אופן ניט קיין אָנהענגער פונם קריסטלעכן גלויבן, פונדעסטוועגן האָב איך מיך ניט געקאָנט גענוג אָפּוואונדערן פון פאָלגנדיקן אָריגינעלן פירוש, וואָס אַ קאַטוילישער טעאָלאָג האָט געמאַכט אויף יחזקאל מ״ד, א—ב: „וַיָּשֶׁב אֹתִי דֶּרֶךְ שַׁעַר הַמִּקְדָּשׁ הַחִיצוֹן הַפֹּנֶה קָדִים וְהוּא סָגוּר. וַיֹּאמֶר אֵלַי ה׳: הַשַּׁעַר הַזֶּה סָגוּר יִהְיֶה, לֹא יִפָּתֵחַ וְאִישׁ לֹא יָבֹא בוֹ, כִּי ה׳ אֱלֹהֵי יִשְׂרָאֵל בָּא בוֹ, וְהָיָה סָגוּר״ (און ער — גאָטס גייסט — האָט מיך צוריקגעפירט צום טויער פונם אויסוויניקסטן הייליקטום, וואָס איז געווענדט פאַראויס־צו; און דער דאָזיקער — דער טויער — איז געווען צוגעשלאָסן. און דער אייביקער האָט געזאָגט צו מיר: דער דאָזיקער טויער זאָל בלייבן צוגעשלאָסן, זאָל ניט געעפנט ווערן, און קיינער זאָל ניט אַרייננקומען אַהין. דען דער אייביקער גאָט פון ישראל קומט אַהין אַריין, — בכן מוז ער — דער טויער — בלייבן צוגעשלאָסן).

לויטן פירוש פון דעם דאָזיקן טעאָלאָג זיינען די דאָזיקע צוויי פסוקים אַן אַלעגאָריע וועגן דער מוטער מאַריע. מ׳דאַרף מודה זיין, אַז קיין שאַרפזיניקערן פירוש קען מען גאָרניט אויסטראַכטן. מ׳זעט דערפון אויך אַרויס, וואָס פאַר אַ השפעה די תאוות האָבן אויף דער העכערונג פון די דערקענטעניש־כוחות און ווי פאַנטאַזירעריי מאַכט וויציק. יעדער אויסדרוק איז דאָ ווי אָנגעמאָסטן פאַר דער זאַך: „דער טויער פונם אויסוויניקסטן הייליקטום, וואָס איז געווענדט פאַר־אויס־צו, און דער דאָזיקער איז געווען צוגעשלאָסן. דער דאָזיקער טויער זאָל בלייבן צוגעשלאָסן, און קיי־נער זאָל ניט אַרייננקומען אַהין; דען דער אייביקער גאָט פון ישראל קומט אַהין אַריין״, — וגומר. פאָרטרעפלעך!

דורך דידאָזיקע באַשרייבונגען האָט זיך מיין כּוח־הדמיון צעשפּילט ביז גאָר, און איך האָב קיין שום זאַך אַזוי ליידנ־שאַפטלעך ניט פאַרלאַנגט, ווי צו האָבן דאָס גליק צו ווערן מיט־גליד פון דער דאָזיקער העכסט־ווערדיקער געזעלשאַפט. איך האָב דעריבער באַשלאָסן צו מאַכן אַ נסיעה קיין מעזשעריטש, וואו עס איז געווען דער מקום כּבודו פונם רבין ר' בער[1]. מיט דער גרעסטער אומגעדולד האָב איך געוואַרט אויפן סוף־זמן פון מיין קאָנדיציע, וואו איך האָב נאָך געדאַרפט זיין אייניקע וואָכן. אַז די עטלעכע וואָכן זיינען אַריבער און איך האָב באַקומען מיין שכר־לימוד, איז אָנשטאָט צו פאָרן אַהיים (מיין פאַמיליע האָט האָט געוואוינט סך־הכל צוויי מייל פון מיין שטעלע), האָב איך מיך אַוועקגעלאָזן עולה־רגל זיין קיין מעזשעריטש. די נסיעה האָט געדויערט עטלעכע וואָכן.

צום סוף בין איך אָנגעקומען בשלום קיין מעזשעריטש. נאָכדעם ווי איך האָב מיך אַ ביסל אויסגערוט פון די מאַטער־נישן פון וועג, בין איך אַוועקגעגאַנגען אין הויז פון רבין מיט דער האָפענונג, אַז ער וועט מיך תּיכף אויפנעמען. אָבער מ'האָט מיר געזאָגט, אַז ער קען נאָך דערווייל מיט מיר ניט ריידן, אָבער איך בין איינגעלאַדן אויף שבת צו זיין טיש צוזאַמען מיט די אי־בעריקע אורחים, וואָס זיינען געקומען אים באַזוכן. ביי דער

---

ווער דערקענט דאָ ניט די מוטער מאַריע לויט אירע אַטריבוטן? — *)
הערה פונם מחבר.

*) אונזער מחבר האָט דאָ אויסערגעוויינלעך סובטיל געוויזן, ווי ביט־יידישע טעאָלאָגן פאַרקריפּלען דעם תּנ"ך נאָך ניט לערך מער ווי יידישע. דער קאַפּיטל מ"ד איז דווקא איינער פון די סאַמע רעאַליסטישסטע אין יחזקאל, און בלויז אַ קראַנקע פאַנטאַזיע אָדער אַן אַבסורדאַלער שכל קען איינזען דאָרטן אַלעגאָריעס. דער איבערז.

[1]) ר' בער פון מעזשעריטש (וואָלין,—געב. אַן ערך אין י. 1710, געשט. 1772) איז געווען דער גייסטיקער יורש פון בעש"ט און דער פאַר־שפּרייטער פון זיין תּורה; האָט זייער גרויסע פאַרדינסטן פאַר דער אַנטוויקלונג פון דער חסידות. דער איבערז.

דאָזיקער געלעגנהייט וועל איך האָבן די זכיה צו זען דעם דאָ־זיקן הייליקן מאַן פּנים אל פּנים און צו הערן פון זיין מויל די דערהויבנסטע דברי־תורה, וואָס וועלן האָבן אַ שייכות אינדי־ווידועל בלויז צו מיר אַליין, און מחמת אָט דעם ספּעציעלן כאַ־ראַקטער גופא פון דער "זאָגעכץ" וועל איך דעם דאָזיקן עפּנט־לעכן אויפנאַם קענען באַטראַכטן ווי אַ פּריוואַטע אוידיענץ און ווי אַ באַזונדערן זכות פאַר זיך.

שבת בין איך געקומען צו דער דאָזיקער פייערלעכער סעודה און האָב דאָ געפונען אַ גרויסן עולם בכּבודיקע לייט, וואָס זיינען זיך אַהער צוזאַמענגעקומען פון פאַרשיידענע געגנטן. צום סוף האָט דערשיינט אויך דער צדיק בכבודו ובעצמו, אַ איש־תּואַר מיט אַ הדרת־פּנים, וואָס רופט אַרויס גרויס יראת־הכּבוד, געקליידט אין ווייסן אַטלאַס. אפילו זיינע שיך און זיין טאַבאַק־פּושקע זיינען געווען ווייס, — ביי די מקובלים איז די ווייסע פאַרב — די פאַרב פון חסד. ער האָט יעדערן פון די ניי־אָנגעקומענע געגעבן שלום.

מ'האָט זיך געזעצט צום טיש און אין דער גאַנצער צייט פון דער סעודה האָט צווישן די מסובים געהערשט אַ פייערלעכע שטילקייט. נאָך דער סעודה האָט דער צדיק גענומען זינגען אַ פייערלעכן ניגון, וואָס האָט דערהויבן די נשמה; האָט אַ געוויסע צייט געהאַלטן די האַנט ביים שטערן אין התבוננות און נאָכדעם אָנגעהויבן אויסרופן אַלע אורחים מיט זייערע נעמען און מיט די נעמען פון זייערע וואוינערטער. מיר זיינען דערפון זייער דער־שטוינט געוואָרן. יעדערן פון אונז האָט דער צדיק געהייסן זאָגן אַ באַזונדערן פּסוק פון תּנ"ך. נאָכדעם ווי אַלע האָבן געהאַט אָפּגעזאָגט יעדערער זיין פּסוק, האָט דער רבי אָנגעהויבן אַ דרשה, וואָס איר טעקסט האָט געדאַרפט באַשטיין פון די אָפּגע־זאָגטע פּסוקים, אַזוי, אַז כאָטש זיי זיינען אַרויסגענומען געוואָרן פון גאַנץ פאַרשיידענע ספרים פון די כּתבי־הקודש אָן אַ שום צוזאַמענהאַנג, האָט ער זיי פונדעסטוועגן אַזוי קונציק פאַרבונדן, ווי זיי וואָלטן געווען אַן אייבציקע גאַנצע זאַך פון איין גוס. דער

פֶּלֶא איז געווען נאָך גרעסער דערמיט, וואָס יעדערער פון די אורחים האָט געגלויבט, אַז אין דעם חלק פון דער דרשה, וואָס האָט זיך באַצויגן צו זיין פסוק, געפינט זיך עפעס אַזוינס, וואָס איז אַ רמז אויף די אינדיווידועלע ענינים פון זיין האַרצן. איז דעריבער גאַנץ נאַטירלעך, וואָס מיר זיינען אַזוי נשתומם געוואָרן.

עס האָט אָבער געדויערט ניט לאַנג און מיין הויכע מיינונג וועגן דעם צדיק און בכלל וועגן דער גאַנצער געזעלשאַפט האָט אָנגעהויבן פאַלן. איך האָב באַמערקט, אַז זייער שאַרפזיניקע עקזעגעטיק איז אין גרונד פאַלש און איז נאָך דערצו באַגרעניצט בלויז מיט זייערע עקסטרעמע פרינציפּן („ביטול היש" א. אַנד.), באופן אַז אויב מ'האָט דידאָזיקע תורה זייערע געהערט איינמאָל, האָט מען שוין מער ניט געקענט הערן פון זיי קיין שום נייס. אויך זייערע אַזויגערופענע מעשי־נפלאות לאָזן זיך דערקלערן אויף זייער אַ פשוטן אופן: די ידיעות, וואָס זיי באַקומען דורך קאָרעספּאָנדענץ פון זייערע אייגענע מענטשן, פון אויסשפירער; אַ געוויסער גראַד פון קענען מענטשן און זייער פסיכאָלאָגיע, צוזאַמען מיט ידיעות און פיזיאָגנאָמיע (חכמת־הפרצוף) און מיט דער קונסט צו שטעלן געשיקטע אומדירעקטע פראַגן, בכדי אַרויסצובאַקומען פון זייערע באַזוכער די סודות פון זייערע הערצער, — אָט דאָס אַלץ האָט געווירקט, די „צדיקים" זאָלן באַקומען אַ גרויסן נאָמען צווישן די פשוטע מענטשן, וואָס האָבן געקוקט אויף זיי ווי אויף נביאים.

מיר איז ניט געפעלן געוואָרן אויך דידאָזיקע גאַנצע געזעלשאַפט פאַר זייער גראָבער ליצנות און שגעונדיקער פריילעכקייט. פאַר אַ ביישפיל וועל איך ברענגען דעם פאָלגנדיקן פאַל. איינמאָל זיינען מיר געווען צונויפגעקומען אין צדיקס הויז צו דאַווענען שחרית. איינער פון אונז איז געקומען עטוואָס שפעטער. די איבעריקע האָבן ביי אים געפרעגט די סיבה פון זיין פאַרשפעטיקן, און ער האָט געענטפערט, אַז דאָס איז געשען, ווייל זיין פרוי האָט די נאַכט געבאָרן אַ טאָכטער. ווי זיי האָבן דאָס דערהערט, האָבן זיי אָנגעהויבן אים אָפּגעבן „מזל־טוב!" מיט גרויס רעש און

טומל. דערויף איז דער צדיק אַרויס פון זיין אַלקיר און האָט געפרעגט וועגן דער אורזאַך פונם לאַרים. די חסידים האָבן אים געענטפערט:

— מיר גיבן אָפּ „מזל־טוב” אונזער פ., דען זיין אישה האָט אויף דער וועלט געבראַכט אַ טעכטערל.

— אַ טעכטערל?! — האָט דער רבי אויסגערופן מיט גרויס אומצופרידנהייט — דעפאַר קומט אים מלקות1).

דער אָרעמער פ. האָט קעגן דעם פּראָטעסטירט. ער האָט ניט געקאָנט באַגרייפן, פאַרוואָס ער דאַרף באַשטראָפט ווערן דערפאַר, וואָס זיין ווייב האָט אים געבראַכט אַ מיידעלע. ס׳האָט אָבער גאָרנישט געהאָלפן. מ׳האָט אים שטאַרק אַ נעם געטאָן, אַוועקגעלייגט אויף דער שוועל און אים אַריינגעציילט די געהערי־קע צאָל מלקות. אַלע, אויסער דעם געליטענעם, זיינען פון דער דאָזיקער מעשה אַריין אין אַ לוסטיקער שטימונג, — און דאַן האָט דער רבי זיך געווענדט צו זיי בזה הלשון:

— נו איצט, ברידער, דינט גאָט2) מיט שמחה!

איך האָב ניט געוועלט מער פאַרבלייבן אין דער דאָזיקער שטאָט. איך בין געקומען צום רבין נעמען פון אים ברכה, האָב מיך געזעגנט מיט „אנשי־שלומנו”, מיט דער פעסטער כּוונה צו פאַרלאָזן זיי אויף אייביק, און בין אַוועקגעפאָרן צוריק אַהיים.

איצט נאָך עטלעכע ווערטער וועגן דער אינעווייניקסטער איינאָרדענונג פון דער דאָזיקער געזעלשאַפט.

די ראשים פון דער דאָזיקער כּיתּה קענען, לויט מיין דער־פאַרונג, איינגעטיילט ווערן אין פיר קלאַסן: 1) אין חכמים; 2) אין איבערגעשפּיצטע; 3) אין שטאַרקע און 4) אין גוטע.

דער העכסטער קלאַס, וואָס געוועלטיקט איבער אַלע אי־

---

1) אומאַכטונג צום ווייבלעכן מין איז אַ כאַראַקטעריסטישער שטריך פון אַלע ניטאויפגעקלערטע מענטשן ביי אַלע פעלקער.

הערה פון מחבר.

2) ד. ה. גייט דאַווענען. דער איבערז.

בעריקע קלאַסן, באַשטייט, נאַטירלעך, פון די חכמים. דאָס זיינען מענטשן מיט אַ ליכטיקן שכל, וואָס קענען טיף די שוואַכ־קייטן פון די מענטשן און אַלע שפּרונגדזינגעס. פון זייערע האַנדלונ־גען און וואָס האָבן גאַנץ פרי באַגריפן דעם אמת, אַז חכמה איז בעסער פון גבורה, דען גבורה איז טיילווייז אָפּהענגיק פון חכמה, די חכמה איז אָבער פון גבורה ניט אָפּהענגיק. אַ מענטש מעג באַזיצן אַזויפיל כּוחות און אין אַזאַ מדרגה, וויפיל ער וויל, — זיין ווירקונג איז אָבער דאָך אַלעמאָל באַגרעניצט. דורך קלוגשאַפט אָבער און דורך אַ מין פּסיכאָלאָגישער מעכאַניק, אָדער דורך אַריינטראַכטן זיך, ווי אויפן בעסטן און מעגלעכסטן אופן אויסצונוצן און אָנצופירן דידאָזיקע כּוחות, — קענען זיי, אָט די כּוחות, פאַרשטאַרקט ווערן אָן אַ סוף.

דידאָזיקע חכמים האָבן זיך דעריבער גענומען פאַר דער קונסט צו באַהערשן פרייע מענטשן, ד. ה. אויסצונוצן דעם ווילן און די קרעפטן פון אַנדערע מענטשן אויף אַזאַ אופן, אַז זיי, דידאָזיקע אַנדערע מענטשן, זאָלן מיינען, אַז זיי האַנדלען בלויז צוליב זייער אייגענער טובה, בעת אין דער אמתן זאָלן זיי האַנדלען אויך לטובת זייערע ראשים. צו דעם דאָזיקן ציל קען מען דערגרייכן, בלויז ווען מען זאָל צוועקמעסיק פאַרבינדן און איינאָרדענען דידאָזיקע כּוחות אין איין פעסט אָרגאַניזירטן קיבוץ, באופן, אַז דורך דעם קלענסטן שטויס זאָל דער דאָזיקער אָרגאַן זיין ביכולת אויפצוטאָן די גרעסטע זאַכן. דאָ איז ניטאָ קיין רמאָות, ווייל דידאָזיקע אַנדערע גופא, ווי געזאָגט, דערגרייכן אין דערזעלביקער צייט אויפן בעסטן אופן אויך זייערע פּער־זענלעכע צוועקן.

די איבערגעשפּיצטע נוצן אויך אויס דעם ווילן און די כּוחות פון אַנדערע זייערע אונטערטעניקע, בכדי צו דערגרייכן פּערזענלעכע צוועקן. אָבער היות זיי זיינען ניט אַזוי ווייטזיכטיק און אויסגערעכנט ווי יענע אין די מיטלען אויפן וועג צו זייער ציל, טרעפט עס אָפט, אַז זיי זוכן צו דערגרייכן זייערע צילן אויפן חשבון פון דידאָזיקע אַנדערע אונטערטעניקע, וואָס טוען אַלץ נאָר פון זייערטוועגן. בכן באַשטייט זייער קונסט ניט בלויז

דערין, וואָס זיי פאַרבאָרגן פון זייערע אונטערטעניקע די צוועקן, נאָך וועלכע זיי יאָגן זיך (ווי די „חכמים״), גייערט אויך דערין, וואָס זיי באַהאַלטן פון אָט די אונטערטעניקע אויך דעם שאָדן, וואָס זיי זיינען זיי, דידאָזיקע אונטערטעניקע, גורם מיטן אויסנוצן זיי צוליב דער אייגענער טובה.

די שטאַרקע זיינען מענער, וואָס דורך זייערע אַייגעבאָרענע אָדער אין משך פון דער צייט דערוואָרבענע מאָראַלישע כוחות הערשן זיי איבער די שוואַכקייטן פון די איבעריקע מענטשן, באַזונדערס ווען דאָס זיינען אַזוינע מאָראַלישע כוחות, וואָס מען טרעפט זעלטן ביי אַנדערע מענטשן, למשל, די באַהערשונג פון אַלע תּאוות, חוץ אייגער, וואָס איז ביי זיי דער תּכלית פון אַלע זייערע מעשים[1].

---

[1]) איך האָב געקענט איינעם אַ פאָרשטייער פון דעם דאָזיקן קלאַס. דאָס איז געווען אַ יונגער מענטש פון אַ יאָר צוויי־און־צוואַנציק, מיט זייער אַ שוואַכן קערפּערגעבוי און אַ מאָגערן בלאַסן געזיכט. ער איז אומגעפאָרן איבער פּוילן מיט דער שליחות צו פאַרשפּרייטן די חסידות און צו אָרגאַניזירן די חסידישע קהילות. דער דאָזיקער מאַן האָט אין זיין אויסזען געהאַט עטוואָס געהיימנישפולס און פּירכטערלעכס, עטוואָס אַזוינס, וואָס האָט געצוואונגען צו אונטערטעניקייט, און ער האָט דורך דעם באַהערשט און געהערשט איבער די מענטשן זייער דעספּאָטיש. וואוהין ער פלעגט קומען צו פאָרן, פלעגט ער גלייך פונאַנדערפרעגן וועגן דער איינריכטונג פון דער געמיינדע, פלעגט אָפּוואַרפן דאָס, וואָס אים איז ניט געווען געפעלן, און פלעגט איינפירן נייע זאַכן, — און זיינע באַפעלן פלעגן דורכגעפירט ווערן מיט דער שטרענגסטער פּינקטלעכקייט. די ראשים פון די קהילות, ס׳רוב אַלטע בכבודיקע לייט, וואָס האָבן אים ווייט איבערגעשטייגט אין לומדות,—האָבן געציטערט פאַר זיין בליק. איינער אַ גרויסער למדן, וואָס האָט ניט געוואָלט גלויבן אין דער ניטזינדיקייט פון די „צדיקים״ (דען אין צַדיק בָּאָרֶץ אֲשֶׁר יַעֲשֶׂה טוב וְלא יֶחֱטָא״—עס איז ניטאָ קיין צדיק אויף דער וועלט, וואָס זאָל טאָן נאָר גוטס און ניט זינדיקן), — איז פון אַ מאויימדיקן בליק, וואָס דער דאָזיקער יונגערמאַן האָט אויף אים אַ וואָרף געטאָן, דורכגענומען געוואָרן מיט אַזאַ שוידערלעכן שרעק, אַז ער האָט באַקומען אַ שאַרפן פיבער און איז באַלד געשטאָרבן. דעם דאָזיקן אויסערגעוויינלעכן מוט

די גוטע זיינען שוואַכע מענטשן, וואָס זייער ווילן און זייער כוח געפינען זיך אין אַ פּאַסיוון צושטאַנד און וואָס דערגרייכן זייער ציל ניט דורך הערשן איבער אַנדערע, נייערט דורך דעם, וואָס זיי גיבן זיך אונטער דער הערשאַפט פון אַנדערע איבער זיי.

די חכמים, ווי שוין געזאָגט, שטייען לויט זייערע מעלות העכער פון די איבעריקע דריי קלאַסן און הערשן איבער זיי. דאָס איז דערפאַר, ווייל זיי זעען פון זייער הויכן שטאַנד בעסער די די אַלע אַנדערע און דרינגען אין זיי אַריין, אָנשטאָט דעם, וואָס יענע זיינען דערויף ניט פעיק. זיי, די חכמים, נוצן אויס די גוטע זייט פון די איבערגעשפּיצטע און זעען צו מאַכן אומשעדלעך זייער שלעכטע זייט, אַריבערשטייגנדיק זיי מיט אויבערשפּיצלעך, אַזוי, אַז די וואָס מיינען אָפּצונאַרן, ווערן אַליין אָפּגענאַרט.

אַזוי נוצן די „חכמים" אויס אויך די שטאַרקע אויף צו דערגרייכן וויכטיקע צוועקן, אָבער זיי שטרעבן אויך, ווען עס איז נייטיק, אײַנצוהאַלטן זייער צו גרויסע קראַפט, אַנטקעגנשטעלנדיק זיי אַ סך כוחות, וואָס דערגרייכן ניט דעם כוח פון די „שטאַרקע" אין איכות, שטייגן זיי אָבער אַריבער אין כמות.

צום סוף נוצן די „חכמים" אויס אויך די גוטע, ניט בלויז אויף דירעקט צו דערגרייכן זייער ציל ביי זיי, נייערט אויך אויף צו דערגרייכן זייערע צילן ביי אַנדערע, אַרויסשטעלנדיק פאַר אַלע אַנדערע דידאָזיקע שוואַכע ווי אַ מוסטער פון הכנעה, וואָס עס איז אַ „מצווה" זיי נאָכצוטאָן, און אויף אַזאַ אופן זיינען זיי, די חכמים, ביכולת אָפּצוראַמען פון וועג אַלע מניעות, וואָס קענען אַרויסקומען פון דער זעלבסטשטעטיקייט פון דידאָזיקע אַלע אַנדערע.

---

און אַנטשלאָסנקייט האָט דער דאָזיקער יונגערמאַן זיך דערוואָרבן בלויז אַדאַנק זיין איבן־זיך פון די סאַמע פריע יאָרן אָן איבם סטאָיציזם.

הערה פונם מחבר.

דער דאָזיקער העכסטער קלאַס („חכמים") הייבט געוויינלעך אָן מיטן סטאָ:ציזם און ענדיקט מיטן דינסטן עפּיקורעיזם. די מיטגלידער פון דעם דאָזיקן קלאַס באַשטייען פון די חסידים פון דער ערשטער מדרגה, ד. ה. פון אַזעלכע מענטשן, וואָס האָבן אַ לאַנגע צייט זייער שטרענג אָפּגעהיט אַלע רעליגיעזע און מאָראַלישע געבאָטן און זיך עוסק געווען מיט תשובה און מיט גובר זיין דעם יצר-הרע. אָבער זיי האָבן ניט געקוקט אויפן סטאָ:ציזם, ווי די חסידים הראשונים, ווי אויף אַ ציל, ביי ערט בלויז ווי אויף אַ מיטל צום העכסטן צוועק פונם מענטשן — צו גליקזעליקייט. דעריבער איז נאָכדעם ווי זיי האָבן באַקומען פונם סטאָיציזם אַזויפיל, וויפיל זיי איז נייטיק געווען צו זייער תכלית, גייען זיי גיך אַריבער צו זייער עיקרדיקן ציל, ד. ה. צו געניסן די גליקזעליקייט.

דורך זייערע איבונגען אינם סטאָ:ציזם זיינען זייערע געפילן פאַר אַלע מינים פאַרגעניגנס געוואָרן העכער און איידעלער, בעת ביי די גראָבע עפּיקורעער ווערן די געפילן צו תענוגים אַלץ טעמפּיקער. ווייל זיי זיינען דורך די איבונגען אין סטאָ:ציזם געוויינט צו באַהערשן זייערע ליידנשאַפטן, האָבן זיי באַקומען אַ כוח אײַנצוהאַלטן זייערע גלוסטן און אָפּצולייגן יעטווידן פאַרגעניגן, וואָס קומט זיי צו דער האַנט, ביז זיי פּרוּוון אויס זיין ריכטיקן ווערט, צי עס איז כדאי פון אים הנאה צו האָבן, וואָס איז לחלוטין ניט דער פאַל ביי די גראָבע אַפּיקורסים.

עס קען אָבער זיין, אַז די סיבה, וואָס האָט זיי באַוועגט צום סטאָיציזם, איז לכתחילה געלעגן בלויז אינם טעמפּעראַמענט און בלויז מחמת זעלבסטנאַרעריי האָט מען דאָס פאַררעכנט אויפן חשבון פון זעלבסטעטיקייט. דידאָזיקע זעלבסטבאַרימעריי האָט דאַן אײַנגעגעבן מוט צו ווירקלעכער זעלבסטעטיקייט פון דעם מין, און דער גליקלעכער ערפאָלג פון די אונטערנעמונגען האָט נאָך מער אונטערגעוואַרעמט און פאַרשטאַרקט דעם דאָזיקן מוט.

נאָך ווייניקער קען מען זאָגן, אַז דידאָזיקע „צדיקים" טוען זייערע מעשים בלויז לויט אַ פאָראויס אײַנגעשטעלטער סיסטעם

אויפן גרונד פון לאָגישן שכל, — מ׳קען עס ניט זאָגן דערפאַר, ווייל זיי זיינען ניט קיין מענטשן פון וויסנשאַפט. גיכער דאַרף מען משער זיין, אז קודם־כל באַוועגט זיי צו זייערע האַנדלונגען זייער טעמפּעראַמענט, צווייטנס — זייערע רעליגיעזע באַגריפן, און בלויז צום סוף האָבן זיי געקענט קומען צום באַוואוסטזיין פון אַן איינגעשטעלטער סיסטעם אין איר גאַנצער ריינקייט און גיין לויט איר צו זייער ציל מיט פאַרשטאַנד.

דידאַקטיקע סעקטע איז בכן געווען, בנוגע איר ציל און אירע מיטלען, אַ מין געהיימע געזעלשאַפט, וואָס וואָלט געקאָנט אויס־שפּרייטן איר ממשלה אויף דער גאַנצער יידישער אומה און אַרויסרופן אין איר איינע פון די גרעסטע רעוואָלוציעס, ווען אייניקע פון אירע מיטגלידער וואָלטן זיך ניט באַנאַרישט און ניט אַרויסגעוויזן אירע פינסטערע זייטן, וואָס האָבן געגעבן אירע קעגנער (די „מתנגדים") אַ שווערד אין האַנט קעגן איר.

אייניקע מיטגלידער פון דער דאָזיקער כיתּה האָבן אַרי־בערגעכאַפּט די מאָס מיט זייערע מנהגים פון „ביטול היש" און זיינען דערגאַנגען ביז עכטן ציניזם, האָבן איבערגעטראָטן אַלע געזעצן פון אָנשטענדיקייט: זיינען אומגעלאָפן איבער די גאַסן נאַקעטערהייט, האָבן געטאָן זייערע נאַטירלעכע באַדערפענישן בפני כל עם ועדה, וכדומה ווילדע מנהגים פון „ביטול היש", בהסכם מיטן פּרינציפּ פון „התפשטות הגשמיות", האָבן זיי „גע־זאָגט תורה" ניט צוגעגרייטערהייט און דעריבער ניט זעלטן אָנ־געפילט זייערע דרשות מיט כל המינים שטותן און מיט אומפאַר־שטענדלעכע און פאַרפּלאָנטערטע ענינים. אייניקע פון זיי האָבן זיך אַזוי פאַרטיפט אינם רעיון פון „התפשטות הגשמיות" און „ביטול היש", ביז זיי זיינען פון זינען אַראָפּ, דען זיי האָבן גע־גלויבט מיט אַן אמת, אַז זייער „יש" איז שוין מער במציאות ניטאָ, ד. ה. אַז זיי עקסיסטירן שוין מער פאַקטיש ניט. צום סוף איז נאָך צוגעקומען זייער גאווה און פאַראַכטונג צו אַלע מענטשן, וואָס האָבן ניט געהערט צו זייער כיתּה; באַזונדערס איז גרויס געווען זייער פאַראַכטלעכע באַציִונג צו די רבנים, וואָס זיינען, אמת, ניט ריין געווען פון חסרונות, זיינען אָבער מיט זייערע

ידיעות און נוצלעכער טעטיקייט געשטאַנען ווייט העכער פון די־דאָזיקע אומוויסנדיקע בטלנים.

דאַן האָט זיך אָנגעהויבן קעגן די חסידים אַ מלחמה. מען האָט אָנגעהויבן אויפדעקן די שוואַכקייטן זייערע, שטערן זייערע פאַרזאַמלונגען און אומעטום צו פאַרפאָלגן זיי. בראש פון דער מלחמה איז געשטאַנען דער גאון רבי אליהו פון ווילנע, וואָס איז באַרימט געווען אין גאַנץ תפוצות ישראל. אַדאַנק זיין אווטאָריטעט איז געבראָכן געוואָרן דער כוח פון דער דאָזיקער סעקטע, אַזוי אַז איצט קאָן מען קוים געפינען אייניקע שפּורן פון דער דאָזיקער געזעלשאַפט, וואָס זיינען צעזייט און צעשפּרייט אין אייניקע מדינות.

---

# צוואַנציקסטער קאַפּיטל.

## המשך פון פאָריקן קאַפּיטל, אויך עטוואָס וועגן רעליגיעזע מיסטעריעס.

ביים דערמאָנען וועגן דער דאָזיקער געהיימער געזעלשאַפט געפין איך דאָ פאַרן פּאַסיקסטן אָרט פאָרצולייגן צום משפּט פונם דענקענדיקן לעזער מיין מיינונג וועגן סודות איבער־הויפּט און באַזונדערס וועגן סודות פון רע־ליגיע.

סודות בכלל זיינען אמתע אָדער פאַר אמת גע־האַלטענע דרכים, וואָס דורך זיי דערקלערט מען די פאַרהעל־טעניש פון דער סיבה צום פּועל־יוצא אין ענינים פון דער נאַ־טור, אויב דידאָזיקע פאַרהעלטעניש קען ניט דערקלערט ווערן יעדן מענטשן מיטן נאַטירלעכן כוח פון דערקענטעניש, מיטן שכל. די אייביקע אמתן אָבער, ד. ה. די דערקלערונגען פון די פאַרהעלטענישן צווישן די אָביעקטן, וואָס זיינען געגרינדעט אויף די נאַטירלעכע כוחות פון דערקענטעניש, אויף די חקירות פונם שכל, מעגן זיי באַקאַנט זיין אפילו בלויז אַ קליינער צאָל מענטשן, זיינען אין עצם דאָך ניט קיין סודות, ווייל יעדן איינעם איז דאָך מעגלעך צו אַנטדעקן זיי, אויב ער זאָל נאָר באַנוצן זיך מיט די כוחות פון דערקענטעניש, מיט זיין שכל.

פאַר סודות פון דער נאַטור ווערן, פאַרקערט, גע־רעכנט די ווירקונגען פון סימפּאַטיע און אַנטיפּאַטיע, די

היילמיטלען, וואָס די מעדיצינער רופן „ספּעציפיקאַ“, וכדומה זאַכן, וואָס אייניקע מענטשן האָבן זיך דערוואוסט בלויז על־פּי־מקרה און וואָס זיי איז געלונגען נאָכדעם צו באַשטעטיקן דורך באָאַבאַכטונגען און עקספּערימענטן. דידאָזיקע זאַכן זיינען „סודות פון דער נאַטור“ דערפאַר, ווייל דעם מענטשן איז ניט מעגלעך צו אַנטדעקן זיי על־פּי־שכל, דורך די קרעפטן פון דער־קענטעניש, נייערט בלויז ענטוועדער, ווי שוין געזאָגט, דורך אַ צופאַל, אָדער דורך טראַדיציע פון די פריערדיקע דורות. ווערן אָבער דידאָזיקע „סודות“ נאָכדעם ניט באַשטעטיקט דורך באָ־אַבאַכטונגען און עקספּערימענטן, דאַן הייסט די אמונה אין אַזוינע „סודות“ — אַבערגלויבן.

די רעליגיע איז אַ געשלאָסענער בונד צווישן דעם מענטשן און אַ העכערן מאָראַלישן וועזן.

מ'דאַרף משער זיין, אַז עס איז פאַראַן אַ נאַטירלעכע פאַרהעלטעניש צווישן דעם מענטשן און דעם דאָזיקן העכערן מאָ־ראַלישן וועזן, אַזוי אַז אויב ביידע צדדים דערפילן דעם דאָזיקן בונד, קומט אַרויס אַ נוצן פאַר ביידן.

אויב דידאָזיקע נאַטירלעכע (ניט בלויז פונם ווילן דיק־טירטע, אָפּגערעדטע) פאַרהעלטעניש איז אַן אמתע פאַרהעלטע־ניש און די קעגנזייטיקע התחייבותן פון ביידע צדדים דרינגען אַרויס פון איר בהכרח, דאַן איז דידאָזיקע רעליגיע אַ נאַטירלעכע אמתע רעליגיע; אויב אָבער ניט — דאַן איז די רעליגיע אַ נאַ־טירלעכע פאַלשע רעליגיע.

און אויב דער דאָזיקער קעגנזייטיקער בונד צווישן דעם מענטשן און דעם העכערן וועזן אָדער זיין רעפּרעזענטאַנט ווערט געשלאָסן ווי געהעריק מיט אַלע פּרטים, דאַן אַנטשטייט אַ פּאָ־זיטיווע רעליגיע אָדער אַ רעליגיע פון געטלעכער אַנט־פּלעקונג.

די יהדות, וואָס איז אי אמתע, נאַטירלעכע, אויך פּאָזיטיווע רעליגיע (ווי ס'איז שוין פריער באַמערקט גע־וואָרן), איז תּחילת געווען אַ בונד (ברית) אָפּגעמאַכט שטיל־שווייגנדיק, נאָכדעם אָבער בפירוש געשלאָסן צווישן גע־

וויסע מענטשן און דעם העכסטן וועזן, וואָס האָט זיך בכבודו ובעצמו באַוויזן צו די אָבות (אין חלום און אין נביאותדיקע זעונגען) און פאַרקינדיקט זיי זיין רצון, דעם שכר, ווען זיי וועלן טאָן זיין ווילן, און דעם עונש, ווען זיי וועלן אים ניט פאָלגן. יעמאָלט איז מיטן הסכם פוןביידע צדדים געשלאָסן געוואָרן דער דאָזיקער רעליגיעזער בונד. מיט דער צייט יאָרן האָט גאָט באַנייט דעם דאָזיקן בונד זיינעם מיט די בני־ישראל אין מצרים דורך זיין שליח משה, און די קעגנזייטיקע התחייבותן צווישן ביידע צדדים זיינען גענויער באַשטימט געוואָרן; צום סוף איז דער דאָזיקער בונד מיט דער גאַנצער שטאַרקייט און מיט אַלע פּרטים פון געזעץ באַשטעטיקט געוואָרן פון ביידע צדדים דורך מתן־תורה אויפן באַרג סיני.

דעם דענקענדיקן לעזער דאַרף איך ניט זאָגן, אַז די רייד וועגן דעם בונד צווישן גאָט און מענטשן דאַרף מען ניט נעמען אין שטרענגסטן זין, פשוט, נייערט בלויז ווי אַ בילדערישע פאָרשטעלונג. דער תכלית־השלימותדיקסטער עצם קען זיך אַנטפּלעקן בלויז ווי אַ אידעע צום שכל פונם מענטשן. און דאָס, וואָס ס'האָט זיך אַנטפּלעקט די אָבות און די נביאים, לפי די מדרגות פון זייער השגה, אויף אַן אַנטראָפּאָמאָרפיסטישן אופן, איז געווען ניט דער אַלערפולקומסטער עצם אַליין, נייערט אַ רעפּרעזענטאַנט זיינער (זיין פאַרגעשטעלטער גשמיותדיקער לבוש). דער בונד, וואָס דער אַלערפולקומסטער וועזן שליסט מיטן מענטשן, האָט ניט דעם צוועק צו באַפרידיקן די באַדערפענישן פון ביידע צדדים, דען דאָס העכסטע וועזן האָט ניט קיין שום באַדערפעניש און די באַדערפענישן פונם מענטשן ווערן ניט באַפרידיקט דורך דעם דאָזיקן בונד, נייערט בלויז דורך אָפּהיטן די פאַרהעלטענישן, וואָס עקסיסטירן צווישן אים און די אַנדערע אָביעקטן פון דער נאַטור און וואָס זיינען געגרינדעט אויף די נאַטור־געזעצן. דער דאָזיקער בונד קען בכן האָבן אַ גרונד בלויז אין דער נאַטור פונם שכל, ניט געאַכט אויף קיין שום תכלית.

דער אונטערשייד צווישן דעם היידנטום און דער יַהדות באַשטייט, לויט מיין מיינונג, הויפּטזעכלעך דערין, וואָס די יהדות

איז געגרינדעט אויף קלאָרע, אַבסאָלוט־נויטווענדיקע געזעצן פונם שכל, בעת דער היידנטום באַזירט זיך אויף די מאַטעריעלע נאַטור־געזעצן, וואָס זייער נויטווענדיקייט איז בלויז מעגלעך (רעלאַטיוו), און דער פועל־יוצא מוז דעריבער נויטווענדיק זיין די פילגעטעריי. מיטן כוח־הדמיון פערזאָניפיצירט דער היידנטום יעדע סיבה, ד. ה. ער שטעלט זיך פאָר אין דער פאַנטאַזיע די פאַר־שיידענע סיבות ווי פאַרשיידענע מאָראַלישע וועזנס און מאַכט זיי פאַר באַזונדערע געטער. פון אָנהייב איז דאָס געווען בלויז עמפּי־ריזם[1]. ביסלעכווייז האָט מען זיך אויפן גרונד פון דערפאַרונג איבערצייגט, אַז דידאָזיקע סיבות, וואָס זיינען אינם היידנטום פאָרגעשטעלט געוואָרן ווי געטער, זיינען אין זייערע ווירקונגען אָפּהענגיק איינע פון דער אַנדערער און אין אַ געוויסער הינזיכט איז איינע אונטערגעוואָרפן דער אַנדערער, — און עס איז ביס־לעכווייז אויפגעקומען אַ גאַנצע סיסטעם פון היידנישער טעאָלאָגיע, וואו עס ווערט גענוי באַשטימט די אייגנשאַפט פון איטלעכער גאָטהייט און איר שליחות, ווי אויך איר פאַרהעלטעניש צו די איבעריקע.

די יהדות, פאַרקערט, האָט שוין אין איר אָנהייב צוגע־גרייט אַ פעסטע סיסטעם — די סיסטעם פון דער איינהייט פון אַלע סיבות פון דער נאַטור, און דידאָזיקע איינהייט איז צולעצט געוואָרן דער יסוד פון דער תורת־היהדות, פון דער לערע וועגן אַחדות הבורא. דער עיקר כוונה פון דער דאָ־זיקער לערע וועגן איינהייט איז בלויז סיסטעמאַטיש און פול־

---

[1]) עמפּיריזם — טעאָריע פון דערפאַרונג. פילאָסאָפישע ריכטונג, וואָס אָנערקענט פאַרן איינציקן מקור פון דערקענטעניש בלויז די דערפאַרונג (עמפּיריע). אַלע וויסנשאַפטן זיינען אויפגעקומען אויפן יסוד פון דערפאַרונג. באַגרינדער פון עמפּיריזם ווי אַ טעאָריע פון דערקענטעניש איז געווען דער ענגלישער פילאָסאָף דזשאָן לאָק (1632 — 1704). קעגנזאַץ פון עמפּיריזם איז ראַציאָנאַליזם, וואָס אָנערקענט פאַרן איינציקן אָדער עיקרדיקן קוואַל פון דערקענטעניש דעם שכל (ראַציאָ), דאָס דענקען

דער איבערז.

שטענדיק צו פאַרבינדן אינאיינעם אַלע פאַרשיידענע נאַטור־דער־שיינונגען, און זי האָט גלייכצייטיק פאַר אַ זעלבסטפאַרשטענד־לעכע זאַך דאָס דערקענען דעם כסדרדיקן בייט פון די פאַרשיידענע סיבות פון דער נאַטור. די בני ישראל אָבער — מחמת איבערטריבענער ליבע צו אַ סיסטעם און מחמת ציטער־דיקן שטרעבן איינצוהיטן דעם עיקר שבעיקרים, דעם הויפּט־פּרינציפּ, אין זיין עצם ריינקייט — האָבן לגמרי פאַרלאָזן די ווייסנשאַפטלעכע אַרבעט איבער דעם דאָזיקן עיקר. דערפאַר איז זייער רעליגיע, אמת, געוואָרן אַ ריינע, אָן אַ שום פרעמדן צומיש, אָבער אויך זייער אַ אומפּרוכטבאַרע — הן בנוגע צום פאַרברייטערן די דערקענטעניש, הן בנוגע צום אָנווענדן זי, די רעליגיע, אינם פּראַקטישן לעבן. און דאָס גופא גיט אונז די מעגלעכקייט צו דערקלערן, פאַרוואָס די בני־ישראל האָבן שטענדיק געקריגט אויף די פאָרשטייער פון זייער רעליגיע און פאַרוואָס זיי פלעגן אָפט אַריבערגיין צו אָפּגעטעריי. זיי האָבן ניט געקאָנט, ווי די אויפגעקלערטע נאַציעס פון היינטיקער צייט, אין איינער און דערזעלביקער צייט אויפמערקזאַם אָפּהיטן די ריינקייט פונם הויפּט־פּרינציפּ און צוועקמעסיק אויסנוצן זייער דת, — און זיי האָבן דעריבער געמוזט פאַרפעלן איינעם פון די־דאָזיקע צוויי צוועקן.

צולעצט זיינען נאָך געקומען די תלמודיסטן און האָבן אַריינגעבראַכט אין דער יהדות אַ מאַסע חוקים און דינים, וואָס האָבן ניט קיין שום רעאַלן צוועק, דערמיט פאַרוואַנדלט די יהדות אין אַ טרוקענער און פאַרבאַלזאַמירטער רעליגיע און זי נאָך מער פאַרקריפּלט.

דער רעזולטאַט דערפון איז געווען אַ טרויעריקער: אַנשטאָט דעם, וואָס לויט דער כוונה פונם ערשטן מחוקק פון דער יידישער רעליגיע[1] האָט זי, די דאָזיקע רעליגיע, געדאַרפט מאַכן ישראל פאַר אַן „עם חכם ונבון מכל העמים“ (אַ פאָלק קליגער און פאַרשטענדיקער פון אַלע פעלקער), — האָט זי, די רעליגיע,

[1] משה. דער איבערז.

דורך דעם, וואָס מ׳האָט זי געברויכט אַן אַ זין און אָן אַ צוועק, געמאַכט אים פאַר דעם אומוויסנדיקסטן און אומפאַרשטענדיקסטן פון אַלעמען. אָנשטאָט צו פאַראייניקן די נאַטורוויסנשאַפט מיט דער רעליגיאָנס־דערקענטעניש, באופן, אַז דאָס מאַטעריעלע (די נאַטורוויסנשאַפט) זאָל זיין אונטערגעוואָרפן דעם גייסטיקן (דער רעליגיאָנס־דערקענטעניש), — אָנשטאָט דעם האָט די רעליגיע אינגאַנצן פאַרגאַכלעסיקט די נאַטורוויסנשאַפט, און דער „עיקר" (דער הויפּט־פּרינציפּ פון אייניהייט אין דער נאַטור), וואָס איז אַיינגעהיט געוואָרן אין זיין גאַנצער ריינקייט, איז פאַרבליבן אָן אַ שום פּראַקטישער אָנווענדונג.

איצט לאָמיר באַטראַכטן די סודות פון דער רעליגיע.

סודות פון אַ רעליגיע זיינען ענינים און מעשים, וואָס זייען גוט צוגעפּאַסט צו די באַגריפן און פּרינציפּן און וואָס זייער אינעווייניקסטע כוונה איז זייער אַ וויכטיקע, אָבער לויט זייער אויסווייניקסטער פאָרם האָבן זיי אין זיך עטוואָס אומאָנשטענדיקס, לעכערלעכס אָדער אפילו דערווידערדיקס. דעריבער האָט מען זיי געמוזט פאַרבאָרגן פון די אויגן פון פּשוטע מענטשן, וואָס זיינען ניט פעיק אַריינצוקוקן אין דער פּנימיות פון דער זאַך, און מ׳האָט זיי ניט געוויזן ניט די ענינים און די מעשים גופא, ניט זייער אויסווייניקסטע געשטאַלט. אויף אַזאַ אופן זיינען די „סודות" פאַרן פּשוטן עולם געבליבן סודות אינצווייען: די קליינע סודות — די ענינים און די מעשים, די גרויסע סודות — זייער אינעווייניקסטע באַדייטונג.

פון דעם דאָזיקן מין סודות איז, למשל, ביי די יידן, געווען דער „ארון העדות" אָדער „ארון הברית" (דער אָרון־הקודש, וואָס איז אַן עדות פונם געשלאָסענעם בונד צווישן גאָט און ישראל) פריער אין משכן און נאָכדעם אין קודש־הקדשים אין בית־המקדש. לויט ווי עס שרייבן באַרימטע שריפט־שטעלער, האָט דער ארון־הברית געהאַט אַ סך ענלעכקייט מיט דעם הייליקן קעסטל אין די אַדיטיס (הייליקסטע צימערן אין די טעמפּלען פון די גריכן און רוימער). אַזוי געפינען מיר אויך

ביי די מִצרִים דעם אָרון פון אַפּיס[1], וואָס כאָטש אין דער דאָזיקער טויטער בהמה איז געווען באַהאַלטן אַ וויכטיקע סימבאָ־לישע כוונה, פונדעסטוועגן האָט מען זי פאַרבאָרגן פון די אויגן פונם פשוטן פאָלק מחמת איר דערווידערדיקער חיצוניות. וועגן דעם ארון־הברית פון שלמהס בית־המקדש (בית ראשון) שטייט אין די כתבי הקודש בפירוש: „אין בארון רק שני לוחות האבנים אשר הניח שם משה בחורב" (אין ארון הברית איז ניט געווען מער־ניט ווי די צוויי שטיינערנע לוחות, וואָס משה האָט איבערגעלאָזן אין משכן אויפן באַרג חורב, — מלכים א ח', ט'); אָבער וועגן דעם ארון הברית פונם בית שני געפינען מיר אין תּלמוד (יומא נד, ע"ב) אַ מערקווערדיקע שטעלע, וואָס מיר האַלטן פאַר נייטיק דאָ צו ברענגען:

„בשעה שנכנסו עכו"ם להיכל ראו כרובים הַמעורין זה בזה, הוציאון לשוק ואָמרו: ישראל הללו, שבִּרכתן ברכה וקִלְלָתן קללה, יעסקו בדברים הללו?! — מיד הִזילום" (בעת די שונאים, וואָס האָבן אײַנגענומען ירושלים, זײַנען אַרײַנגעגאַנגען אין היכל, האָבן זיי דערזען צוויי כּרובים[2]) באַהעפט אייגער מיטן אַנדערן, האָבן אַרויסגעטראָגן זיי אויפן מאַרק און געזאָגט: „די־דאָזיקע בני־ישראל, וואָס זייער ברכה איז אַ ברכה און זייער קללה איז אַ קללה, זאָלן זיך באַשעפטיקן מיט אַזוינע זאַכן?!" — און זיי האָבן פאַרשוועכט דעם דאָזיקן הייליקטום דורך אַ פאַל־

---

[1]) אַפּיס — הייליקער אָקס אין מצרים, וואָס מ'האָט אים געהאַלטן אין אַ באַזונדערן טעמפּל אין מעמפיס (נוף, מוף). ער האָט סימבאָליזירט דעם גאָט אָזיריס, אָדער די ערד, די זון און די לבנה.

דער איבערז

[1]) כּרוב — אַ געפליגלט וועזן מיט אַ מענטשלעכן פּנים, וואָס סימבאָ־ליזירט דעם אייביקן אומענדלעכן שכל און די קראַפט פונם פאַרבאָרגענעם גאָט אין דער געהיימנישפולקייט פונם וועלטאַל — פון דעם פאַרהוילענעם אור־גייסט, וואָס אַנטפּלעקט זיך פאַרן מענטשנס אויג מיט זײַנע מעשים, אָבער ניט מיט זײַן עצם, די ערשטע סיבה פון אַלע כּוחות פון דער נאַטור.

דער איבערז.

שער און גראָבער אויסטייטשונג פון זיין אינעווייניקסטן זין).

דאָס דאָזיקע בילד פון די כרובים איז געווען אַ לעבעדי־קער סימבאָל פון דער פּאַראייניקונג פון דער כנסת־ישראל מיט גאָט, אָבער מ'האָט עס פאַרבאָרגן פון די אויגן פונם פּשוטן פאָלק, עס זאָל עס ניט באַטראַכטן און באַהאַנדלען לייכטזיניק, דען דער המון זעט בלויז דעם אויסווייניקסטן צייכן און פאַרשטייט ניט די אינעווייניקסטע כוונה. מחמת דעם טעם האָט מען געהאַלטן די כרובים פאַרבאָרגן הינטער דעם פּרוֹכֶת[1]).

פון דעם דאָזיקן מין זיינען געווען די מיסטעריען פון די אוראַלטע רעליגיעס בכלל. אָבער דער גרעסטער פון אַלע סודות פון דער יידישער רעליגיע איז דער שם יהוה, וואָס דריקט אויס דאָס אַבסאָלוטע דאָזיין, דעם אַבסאָלוטן יֵש (די אומ־באַדינגטע עקסיסטענץ פון באַשעפער און פירער פון דער וועלט), ניט געאַכט אויף די פאַרשיידענע מינים פון דאָזיין, פון עק־סיסטענצן, וואָס קענען איבערהויפּט ניט געדענקט ווערן אָן דעם יֵש. די לערע וועגן אחדות הבורא און וועגן דעם, אַז אַלע וועזנס זיינען אָפּהענגיק פון אים, פון דעם בורא, קען אין איר פולקו־מענהייט באַגריפן ווערן בלויז, ווען מ'גייט נאָך איין אינבצי־קער סיסטעם. יוסף בן מַתתיהו (פלאַוויוס) זאָגט אין זיין פאַרטיידיקונגס־ווערק „קעגן אַפּיון": „די ערשטע לעקציע פון אונזער רעליגיע איז וועגן דער גאָטהייט, און זי, די רעליגיע, לערנט, אַז גאָט אַנטהאַלט אַלע נמצאים (אַלע זאַכן, וואָס

---

[1]) אונזער מחבר האָט דאָ אַ גרויסן טעות: דער ארון הברית מיט די לוחות און די כרובים זיינען אין בית שני גאָרניט געווען! וואו זיי זיינען אַהינגעקומען בעת חורבן בית ראשון, ווייס מען ניט; לויט דער טראַדיציאָנעלער פאַרזיכערונג, זיינען זיי באַהאַלטן געוואָרן באַצייטנס צוליב זייער אַלערגרעסטער הייליקייט, און די אגדה גיט צו, אַז זיי וועלן אַנטפּלעקט ווערן בלויז, ווען משיח וועט קומען. דער דערמאָנטער מאמר פון תלמוד האָט זיכער אַ שייכות צום ערשטן בית־המקדש. דער איבערז

זיינען בנמצא אינם וועלטאַל); ער איז פולקום און גערעכטיק בתכלית השלימות און ער איז די איינציקע סיבה פון דער גאַנצער הַוָיה (פונם גאַנצן דאָזיין, פון דער גאַנצער עקסי־סטענץ)". מיט דידאָזיקע ווערטער, האַלט איך, קען מען דער־קלערן דעם זייער שווערן אָרט אין חומש, וואו משה זאָגט צו גאָט: „נו, איך וועל קומען צו די בני־ישראל און וועל צו זיי זאָגן: דער גאָט פון אייערע אָבות האָט מיך געשיקט צו אייך! — און זיי וועלן ביי מיר פרעגן: ווי איז זיין נאָמען? — איז וואָס זאָל איך זיי ענטפערן?" — און גאָט האָט געזאָגט צו משהן: „אהיה אשר אהיה" (איך וועל זיין וואָס איך וועל אייביק זיין). און ער האָט ווייטער געזאָגט: אַזוי זאָלסטו זאָגן צו די בני־ישראל: „אהיה" (אייביק־עקסיסטירנדיקער) האָט מיך געשיקט צו אייך. און נאָך האָט גאָט געזאָגט צו משהן: אַזוי זאָלסטו זאָגן צו די בני־ישראל: יהוה (אייביק־עקסיסטירנדיקער), דער גאָט פון אייערע אָבות, דער גאָט פון אברהם, פון יצחק און פון יעקב, האָט מיך געשיקט צו אייך, — דאָס איז מיין נאָמען אויף אייביק און דאָס אַנטהאַלט מיין אָנדענק אויף אַלע דורות". לויט מיין מיינונג נאָך, האָט דידאָזיקע שטעל ניט קיין אַנדער כוונה, ווי נאָר די, אַז דער יסוד פון דער יידישער רעליגיע איז די אייני־ציקייט פון גאָט, וואָס איז געווען, איז און וועט זיין און וואָס איז די דירעקטע סיבה פון אַלץ וואָס עקסיסטירט. דידאָזיקע ווער־טער שטימען מיט דער מערקווערדיקער אויפשריפט אויף דער פיראַמידע אין סאַיִס: „איך בין אַלץ, וואָס איז, וואָס איז גע־ווען און וואָס וועט זיין; קיין שום שטערבלעכער האָט ניט אויפ־געדעקט דעם שלייער פון מיין פנים". און אַזוי שטייט געשריבן אויף דער מצבה פון איזיס: „איך בין אַלץ, וואָס עס איז במציאות". — דער שֵם הֲוָיָ"ה (דער נאָמען פונם אייביק־עקסיסטירנדיקן) הייסט ביי די חכמי־התלמוד „שֵם הָעֶצֶם"[1])

[1]) דער דאָזיקער נאָמען איז אין תלמוד ניטאָ. מיימון האָט אים, משמעות, אַמאָל געטראָפן ביי עמעצן פון די מיטלאַלטערלעכע פילאָסאָפן, האָט עס נאָכדעם פאַרגעסן און צוגעשריבן אים על־פי טעות דעם תלמוד.
דער איבערז.

(Nomen proprium), דער אייגנגאָמען פונם וועזן, ד. ה. דער נאָמען, וואָס פּאַסט צום עצם מהות פון גאָט, אומגעאַכט אויף זיינע ווירקונגען. די אַלע איבעריקע נעמען אָבער פון גאָט זיינען אַ פּ ע ל אַ ט י װ ע (אָנרוף־נעמען, ניט קיין אייגנעמען) און דריקן אויס מידות און אייגנשאַפטן, וואָס עס באַזיצן אויך זיינע ברואים, נאָר ביי אים זיינען זיי אין אַן אומפאַרגלייכלעך־העכסטער מדרגה. למשל, א ל ה י ם הייסט אַ האַר, אַ ריכטער וכדומה; אֵ ל הייסט אַ מעכטיקער, אַ ד נ י — אַ האַר, און אַזוי איז מיט זיינע אַלע איבעריקע נעמען. די חכמי־התלמוד האָבן אַריבערגעכאַפּט די מאָס, ווען זיי האָבן באַהויפּט, אַז גאַנץ תנ"ך באַשטייט בלויז פון די פאַרשיידנאַרטיקסטע נעמען פון גאָט.

די מקובלים האָבן זיך אָנגעכאַפּט אָן דער דאָזיקער באַהויפּטונג און האָבן זי שטאַרק אויסגעניצט. זיי האָבן אויסגעציילט די הויפּט־מידות פון גאָט, זיי מסדר געווען און אַריינגעבראַכט אין אַ סיסטעם, וואָס זיי רופן „עולם האצילות"[1] אָדער „עשר ספירות"[1]; נאָכדעם האָבן זיי געזוכט און געפונען אין תנ"ך ניט בלויז די פּאַסיקע נעמען (שֵׁמות) פאַר גאָטס מידות, נייערט זיי האָבן נאָך געמאַכט כל המינים קבלה־קאָמבינאַציעס (צירופים) פון די דאָזיקע שמות אין פאַרשיידענע פאַרהעלטענישן[2] און פון די קאָמבינאַציעס אַרויסגעפירט נייע קאָמבינאַציעס (צירופים פון צירופים) אָן אַ סוף. זיי האָבן דעריבער זייער לייכט געקענט אויסטייטשן די כתבי הקודש אויף זייער שטייגער, ווייל זיי האָבן דערין געפונען ניט קיין אַנדער זאַך, ווי גראָד דאָס, וואָס זיי זיי האָבן לכתחילה אַהין געהאַט אַריינגעלייגט.

אויסער דידאָזיקע סודות, קען זיין אויך נאָך אַן אַנדער מין סודות פון רעליגיע, וואָס באַשטייען אין דער דערקענטעניש, אַז דידאָזיקע רעליגיע, לויט ווי עס פאַרשטייען זי אויפגעקלערטע

---

[1]) „עולם האצילות" און „עשר ספירות" — זע קאַפּיטל פ ע ר צ ן און די הערות צו אים. ד ע ר א י ב ע ר ז.

[2]) „צירופים" זיינען מיני מקובלישע רעבוסן און שאַראַדן. ד ע ר א י ב ע ר ז.

לייט, האָט גאָר קיין שום סודות ניט. דידאָזיקע דערקענטעניש קען זיין פאַרבונדן מיט צוויי שטרעבונגען: דער ציל פון איין שטרעבונג איז לגמרי אָפּצונעמען ביים פאָלק די מיינונג, אַז עס זיינען פאַרהאַן סודות אין דער רעליגיע, — אים מגלה צו זיין די „גרויסע מיסטעריעס"[1], און דאַן וועט שוין ממילא קיין אָרט ניט זיין פאַר די אַזויגערופענע „קליינע מיסטעריעס"[2]; דער צוועק אָבער פון דער אַנדער שטרעבונג איז, להיפך, איינצו-האַלטן ביים פאָלק דעם גלויבן אין סודות בכלל און אין די „גרויסע" און אין די „קליינע" סודות בפרט.

די יידישע רעליגיע, לויט דעם גייסט פון איר ערשטן מחוקק, איז פונם ערשטן מין. משה און די נביאים נאָך אים האָבן תמיד געזוכט איינצופליסן די בני-ישראל דעם רעיון, אַז דער עיקר און דער תכלית פון דער רעליגיע זיינען ניט די אויסווייניקסטע צערעמאָניעס, נייערט דאָס דערקע-נען דעם אמתן גאָט, די דערקענטעניש, אַז דער אמתער גאָט איז די איינציקע אומבאַגרייפלעכע סיבה פון אַלע זאַכן, די סיבה פון אַלע סיבות, ווי אויך די דערקענטעניש פון אַבסאָלוטער גע-רעכטיקייט, דאָס טאָן מעשים טובים לויט די פאָרשריפטן פונם שכל.

די היידנישע רעליגיעס, פאַרקערט, ווייזן אַרויס אָפענע שפורן פונם צווייטן מין. דאָך בין איך ניט נוטה, ווי אייניקע אַנדערע, צו גלויבן, אַז דער היידנטום האָט געהאַט בכוונה אָפּצונאַרן. איך בין גיכער משער, אַז די גרינדער פון די היידנישע רעליגיעס זיינען ס'רוב געווען גענאַרטע רמאים, און דידאָזיקע השערה איז אַ סך מער אָנגעמאָסטן פאַר דער

---

[1]) די „גרויסע סודות" — דער תוך פונם וועלטאַל, די פנימיות, די כוונה פון די זאַכן און פון די מעשים.

דער איבערז.

[2]) די „קליינע סודות" — די עצם וועלט, די עצם זאַכן און מעשים, זייער חיצוניות, זייער אויסווייניקסטע געשטאַלט.

דער איבערז.

מענטשלעכער נאַטור. אויך קאָן איך מיר ניט פאָרשטעלן, אַז אַזוינע געהיימע רמָאותדיקע פלענער זאָלן איבערגעגעבן ווערן פון מענטש צו מענטש אין משך פון אַ סך דורות. דען צו וואָס דאַרף מען האָבן אַזאַ טראַדיציע? צי דען האָבן די נייע דורות ניט די־זעלביקע פעיִקייטן אַליין צו שאַפן צוועקמעסיקע רמָאותדיקע פלענער, ווי די אַלטע? עס זיינען געווען מושלים, וואָס האָבן קיינמאָל ניט געלייענט דאָס ווערק פון מאַקיִאַוועלי[1], און דאָך האָבן זיי מיט זייער אייגענעם שכל פאָרטרעפלעך דורכגע־פירט אין לעבן זיינע פרינציפּן.

* *

*

וועגן דער אויבנבאַשריבענער כיתה חסידים בין איך איבערצייגט, אַז זי האָט זיך ניט געפונען אין קיין שום פאַרבינ־דונג ניט מיט די פריימויערער[2], ניט מיט קיין שום אַנדער ענלעכער געהיימער געזעלשאַפט. אָבער השערות זיינען דער־לויבט, און דאָ גייט עס בלויז אום דער מדרגה פון וואָר־

---

[1]) ניקאָלאָ מאַקיאַוועלי (1469—1527) פון פלאָרענץ האָט מיט זיין בוך „וועגן פירשט" געשאַפן אַ פּאָליטישע שול, וואָס איר הויפּט־דעוויז איז: „דער ציל כּשרט די מיטלען". נאַציאָנאַלע זעלבשטענדיקייט, גרויסקייט און שטאַרקייט פון דער מלוכה איז פאַר אים דער אידעאַל, וואָס אַ פּאָליטיקער דאַרף צו אים שטרעבן מיט אַלע מיטלען, וואָס פירן צום ציל, ניט געקימערט זיך וועגן דער מאָראַליטעט. שקר, רמאות, בגידה, אכזריות, — אַלץ איז גוט אויף צו באַפעסטיקן די אומבאַגרענעצטע מאַכט פונם הערשער. די באַפעלקערונג איז מחויב בלויז מורא צו האָבן פאַרן מושל און בלינד אין אַלץ אים צו פאָלגן. דער איבערז.

[2]) פריימויערער — מאַסאָנען אָדער פראַנק־מאַסאָ־נען — געהיימע מיסטישע געזעלשאַפטן, וואָס שטרעבן צו אַלגעמיינער גלייכ־הייט און ברידערלעכקייט אויפן יסוד פון רעליגיעז־מאָראַלישער פולקומענהייט פון דער מענטשהייט. דער איבערז.

שיינלעכקייט. לויט מיין איבערצייגונג, זיינען אין יעדער מלוכה פאַרהאַן נאָך זייער מהות־נאָך געהיימע געזעלשאַפטן, וואָס האָבן גאָרניט דעם אויסוועיניקסטן אויסזען פון אַזוינע. איטלעכע קאָרפּאָראַציע, וואָס האָט אין איר יסוד אַ כּלַלישן אינטערעס, איז, לויט מיין מיינונג, אין עצם אַ געהיימע געזעלשאַפט; מעגן אירע צוועקן און הויפּט־טעטיקייט זיין ברייט באַקאַנט אין דער עפנטלעכקייט, — די וויכטיקסטע ענינים אירע וועלן דאָך אָבער בהכרח בלייבן אַ סוד פאַר אַלע די, וואָס שטייען מחוץ פון איר גבול. מ׳קען על־כּן וועגן דער דאָזיקער געזעלשאַפט, פּונקט ווי וועגן אַנדערע געהיימע חברות, זאָגן אַ סך גוטס, אי אַ סך שלעכטס.

די געזעלשאַפט פון די חסידים האָט געהאַט אומגעפער דעם זעלביקן צוועק, ווי דער אָרדן פון די אילומינאַטן[1] אין בייערן און האָט געברויכט כּמעט דיזעלביקע מיטלען. איר צוועק איז געווען צו פאַרשפּרייטן ליכט צווישן דעם פאָלק, וואָס בלאָנדזשעט אום אין חושך, און זי האָט דערצו אויף אַ מערקווערדיקן אופן אויסגעקליבן פאַר אַ מיטל — דעם עצם אָבערגלויבן. דער־עיקר האָט זי געזוכט צוצוציען צו זיך די יוגנט, און מיט דער הילף פון דער קונסט צו דערקענען מענטשן, וואָס זי האָט זיך דערוואָרבן דורך דערפאַרונג, האָט זי געזען אויס־צובילדן יעדן מענטשן און אים פעיק צו מאַכן צו דער שליחות.

[1]) ׳אילומינאַטן — באַלייכטער — אַ רעליגיעז־פּאָליטישע געזעל־שאַפט, געגרינדעט אין יאָר 1776 דורך אַדאַם ווייסהויפּט. איר באַנטסטער ציל איז געווען צו קעמפן קעגן אָבערגלויבן און אומוויסנהייט, און איר ענדציל — צו פאַרבייטן דעם קריסטנטום אויף דעיזם (אַ מיינונג, וואָס נעמט אָן, אַז גאָט איז דער אור־גרונד פון דער וועלט, אָבער אָנערקענט ניט קיין השגחה פּרטית און קיין געטלעכע אַנטפּלעקונג) און דעם מאָנאַרכיסטישן רעזשים אויף אַ רעפּובליקאַנישן. דעם דאָזיקן ענדציל האָט מען פאַרטרויט בלויז יחידי סגולה. דידאָזיקע געזעלשאַפט איז אָנערקענט געוואָרן פון דער רעגירונג פאַר אַ שעדלעכע און געפערלעכע און איז פאַרניכטעט געוואָרן אין יאָר 1785.

דער איבערז.

צו וואָס ער שיינט באַשטימט צו זיין דורך דער נאַטור אַליין, און אים אַוועקצושטעלן אויפן פּאָסטן, וואָס פּאַסט פאַר אים. יע־דער מיטגליד פון דער דאָזיקער געזעלשאַפט האָט געדאַרפט באַ־קומען בלויז אַזוי פיל ידיעות וועגן דעם צוועק פון דער כיתה און וועגן איר אינעווייניקסטער איינאָרדענונג, וויפיל ס'איז אים בייטיק געווען אויף השגחה צו געבן אויף די, וואָס זיינען גע־שטאַנען אונטער אים, אָבער ניט אויף די ראָשים פון דער כיתה, וואָס זיינען געשטאַנען איבער אים.

דידאָזיקע ראשים פון דער כיתה האָבן פאַרשטאַנען די קונסט איינצופּליסן זייערע חסידים אמתן פון שכל דורך דערהויבענע בילדער און די בילדלעכע דמיונות זייערע צו פאַרוואַנדלען אין שכלדיקע אמתן, און מ'קען כמעט זאָגן וועגן זיי: זיי האָבן פאַרשטאַנען די שפּראַך פון חיות און בהמות — זייער אַ וויכטיקע קונסט, וואָס איז נויטווענדיק איטלעכן פאָלקס־לערער.

דורכן אָפּשאַפן די מעלאַנכאָלישע אַלטע חסידות האָבן די לערער פון דער נייער חסידות געפונען אַ סך אָנ־הענגער ביי דער יוגנט, וואָס שטרעבט צו לעבן און צו טעטי־קייט. דער פּרינציפּ פון „ביטול היש״, וואָס זיי האָבן געפּריי־דיקט, איז לויט דער עצם כוונה זייער ניט קיין אַנדער זאַך, ווי דער יסוד צו זעלבסטעטיקייט. דען דורך דעם טיפער־פאַר־שטאַנענעם „ביטול היש״ האָבן געזאָלט אָפּגעשאַפט ווערן אַלע דרכים פון דענקען און האַנדלונג, וואָס זיינען איינגעוואָרצלט געוואָרן אין מענטשן דורך דערציִונג, געוויינהייטן און ידיעות, באַקומענע פון אַנדערע, וואָס דורך זיי פלעגט די מענטשלעכע טעטיקייט אַראָפּגיין פון גלייכן נאַטירלעכן וועג, — און אָנ־שטאָט דעם אַלעם האָט זיך דער מענטש געזאָלט אויסלערנען צו דענקען און צו ווירקן זעלבשטענדיק, מיט פרייען ווילן, און אייגנטימלעך. און אין דער אמתן קען בלויז דורך דעם פּרינ־ציפּ פון „ביטול היש״ אין דעם דאָזיקן זין איינגעהיט און פאַר־פולקומט ווערן דאָס מאָראַלישע און עסטעטישע געפיל. און

בלויז יעמאָלט קאָן דער דאָזיקער פּרינציפּ פון „ביטול היש״ שעדלעך ווערן, ווען מ׳זאָל ניט פאַרשטיין זיין אמתע כוונה, ווי איך האָב עס אַליין אויבן דערוויזן מיט ביישפּילן פון דערדאָ־זיקער געזעלשאַפט.

---

# איינאונצוואַנציקסטער קאַפּיטל.

## מיינע נסיעות קיין קיניגסבערג, שטעטין און בערלין, בכדי זיך צו פאַרפולקומען אין קענען מענטשן.

אַזוי ווי מיין מאַטעריעלער מצב איז געוואָרן אַלץ ערגער און ערגער, מחמת מיינע געוויינלעכע עסקים זיינען מיר דערווי־דער געוואָרן און איך האָב מיך דעריבער אומעטום געפילט אוי־סער מיין ספערע, און ווייל איך האָב פון דער אַנדער זייט אין מיין וואוינאָרט ניט געהאַט די מעגלעכקייט צו באַפרידיקן מיין תשוקה צו שטודירן וויסנשאַפטן, — האָב איך באַשלאָסן אַוועקצולאָזן זיך קיין דייטשלאַנד און צו שטודירן דאָרטן מעדיצין און ביי דער דאָזיקער געלעגנהייט אויך אַנדערע וויסנשאַפטן.

איז איצט געשטאַנען די פראַגע: ווי פירט מען דורך אַזאַ ווייטע נסיעה?

אמת, איך האָב געוואוסט, אַז אייניקע סוחרים פון מיין וואוינאָרט האָבן בדעה איינגיכן צו פאָרן קיין קיניגסבערג אין פּרייסן, נאָר אַזוי ווי איך בין געווען מיט זיי ווייניק באַקאַנט, האָב איך ניט געקאָנט האָפן, אַז זיי וועלן מיך מיטנעמען אומ־זיסט. אָבער נאָך אַ סך איבערלייגן בין איך סוף־כל־סוף אַרויף אויף אַ גוטן איינפאַל.

איך האָב געהאַט אַ גוטן פריינד, וואָס איז געווען אַ גרוי־סער למדן און אַ ירא־שמים און פון די גרעסטע נכבדים אין

אונזער קהילה. אים האָב איך מגלה געווען מיין פּלאַן און גע־פרעגט ביי אים אַן עצה.

איך האָב אים פאָרגעשטעלט מיין שלעכטן מצב; דערוויזן אים, אַז אייגמאָל האָב איך שטאַרקע נטיות צו דערקענטעניש פון גאָט און זיינע ווערק, טויג איך שוין מער ניט צו אַלע געוויינ־לעכע עסקים; בפרט האָב איך אים אָנגעוויזן דערויף, אַז ביז איצט בין איך געווען געצוואונגען אויסצונוצן מיין תורה צוליב פרנסה, וואָס איז לויט דער מיינונג פון די חכמי־התלמוד ניט גאַנץ דערלויבט¹). און דעריבער וויל איך שטודירן מעדיצין, בכדי זיך צו דערנערן דורך אַ חכמה חיצונית, און דורך דעם וועל איך נוצן ברענגען ניט בלויז זיך אַליין, נייערט אויך דעם כלל־ישראל אין אונזער געגנט, דען אין דידאָזיקע מקומות איז ניטאָ קיין איין רעכטער דאָקטאָר, און די, וואָס גיבן זיך אַרויס פאַר „רופאים", זיינען ניט מער ווי צירולניקעס און עם־הארצים גמורים, וואָס ברענגען־אום מענטשן פון דער וועלט מיט זייערע משונהדיקע „רפואות" און „סגולות".

דידאָזיקע מאָטיוון האָבן אויף דעם פרומען מאַן געמאַכט אַן אויסערגעוויינלעכע ווירקונג. ער איז אַוועקגעגאַנגען צו זיינעם אַ באַקאַנטן סוחר, האָט אים פאָרגעשטעלט די וויכטיקייט פון מיין פּלאַן און אים שטאַרק געבעטן מיך מיטצונעמען אויף זיין פור קיין קיניגסבערג. דער דאָזיקער סוחר האָט ניט געקאָנט אָפּזאָגן אַזאַ חשובן מאַן, און האָט מסכים געווען דערויף.

בכן בין איך מיט דעם דאָזיקן יידישן סוחר אַוועקגעפאָרן קיין קיניגסבערג. ווי איך בין אָנגעקומען אַהין, בין איך גלייך אַוועק צום דאָרטיקן יידישן דאָקטאָר ה., האָב אים דערציילט וועגן מיין פאַרלאַנג צו שטודירן מעדיצין און געבעטן ביי אים אַ גוטע עצה און אונטערשטיצונג. דער דאָזיקער דאָקטאָר איז געווען אַ גרויסער טרוד אין זיינע פריוואַטע ענינים און האָט

¹) וְאַל תַּעֲשֶׂה קַרְדֹּם לַחְפֹּר בָּהּ = און זאָלסט זי (די תורה) ניט מאַכן פאַר אַ גראָבאייזן צו גראָבן מיט אים, ד. ה. נוץ זי ניט אויס צו מאַטעריעלע צוועקן (אָבות פרק ד', משנה ה'). דער איבערז.

דעריבער ניט געקאָנט אריין אין אַ בפרטיותדיקן געשפּרעך מיט מיר, אַגב האָט ער אויך ניט גוט פאַרשטאַנען מיין לשון, — און האָט מיך אָפּגעשיקט צו אייניקע סטודענטן, וואָס האָבן געוואוינט ביי אים אין הויז.

אַז דידאָזיקע יונגעלייט האָבן מיך דערזען און האָבן דער־הערט מיין פאַרלאַנג, האָבן זיי זיך צעלאַכט אויפן קול, וואָס מ׳האָט זיי אַגב גאָר ניט געקאָנט פאַרדענקען. שטעלט זיך פאָר אַזאַ מין בילד: אַ פּויליש־ליטווישער יונגערמאַן פון אומגעפער אַ יאָר פינף און צוואַנציק, מיט אַ גאַנץ גרויסער באָרד, אין צע־ריסענע שמוציקע מלבושים, וואָס רעדט אויף אַ לשון — אַ מישמאַש פון העברעיִש, יידיש־טייטש, פּויליש און רוסיש, מיט די ספּעציפישע גראַמאַטיקאַלישע פעלערן פון דידאָזיקע אַלע שפּראַכן, און ער פאַרזיכערט, אַז ער קען די דייטשע שפּראַך און האָט ידיעות אין פאַרשיידענע וויסנשאַפטן! וואָס האָבן די־דאָזיקע יונגעלייט געזאָלט טראַכטן, זעענדיק אַזאַ קאָמיש בילד?

די סטודענטן האָבן אָנגעהויבן טרייבן מיט מיר שפּאַס און האָבן מיר דערלאַנגט צום לייענען מענדלסאָנס „פעדאָן"[1], וואָס איז געלעגן אויפן טיש. איך האָב געלייענט שרעקלעך (הן מחמת מיין משונהדיקן אופן פון לייענען דייטש, הן מחמת מיין שלעכטער אויסשפּראַך), און די יונגעלייט האָבן ווידער אויסגעבראָכן אין אַ שטאַרקן געלעכטער, אָבער זיי האָבן מיר פאָרגעלייגט צו דערקלערן זיי דאָס דורכגעלייענטע. איך האָב עס געטאָן אויף מיין שטייגער, און זיי האָבן פון מיינע דערקלע־רונגען גאָרנישט פאַרשטאַנען. דאַן האָבן זיי פאַרלאַנגט, איך זאָל דאָס געלייענטע איבערזעצן אויף העברעיִש.

איך האָב עס געמאַכט כהרף־עין. די סטודענטן האָבן גוט געקענט העברעיִש, און זיי זיינען נשתומם געוואָרן, ווען זיי האָבן דערזען, אַז איך האָב ניט בלויז אויסגעצייכנט פאַרשטאַנען די טיפע חקירות פון דעם דאָזיקן באַרימטן שריפטשטעלער, ניי־ערט אויך זייער געלונגען איבערגעגעבן זיינע רעיונות אויף

[1] „פעדאָן" — אַ פילאָסאָפיש ווערק וועגן השאָרת הנפש.
דער איבערז.

העברעיש. דאַן האָבן זיי אָנגעהויבן באַציען זיך צו מיר ערנסט און צו אינטערעסירן זיך מיט מיר. זיי האָבן מיר פאַרשאַפט אַנדערע קליידער און געשטיצט מיך די גאַנצע צייט פון מיין פאַרברענגען אין קיניגסבערג; דערביי האָבן זיי מיר געראַטן צו פאָרן קיין בערלין, וואו איך וועל אויפן בעסטן אופן קענען דערגרייכן מיין ציל.

אָבער כדי איינצואָרדענען מיין נסיעה בהסכם מיט מיינע מיטלען, האָבן זיי מיר ווייטער געעצהט, איך זאָל פאָרן מיט אַ שיף פון קיניגסבערג ביז שטעטין, דאַן קיין פראַנקפורט ד׳אָדער און דאָרטן וועל איך שוין לייכט געפינען אַ געלעגנהייט צו פאָרן קיין בערלין.

בכן בין איך אָוועקגעפאָרן מיט דער שיף, און צידה לדרך האָב איך געהאַט ניט מער ווי טרוקן פאַרשימלט ברויט, עטלעכע הערינג און אַ פלעשעלע שנאַפּס. מ׳האָט מיר אין קיניגסבערג געזאָגט, אַז דידאָזיקע רייזע קאָן געדויערן אומגעפער צען און העכסטנס פערצן טעג. דידאָזיקע נבואה איז אָבער ניט מקויים געוואָרן. איבער אַנטקעגנדיקע ווינטן האָט די נסיעה געדויערט פינף וואָכן.

מ׳קאָן זיך לייכט פאָרשטעלן, אין וואָס פאַר אַ לאַגע איך האָב מיך דאָ יעמאָלט געפונען. אויסער מיר, זיינען אויף דער שיף ניט געווען קיין שום אַנדערע פאַסאַזשירן, ווי בלויז אַן אַלטע דייטשע פרוי, וואָס האָט צו טרייסטן איר נשמה שטענדיק געזונגען רעליגיעזע לידער. מיר איז געווען פונקט אַזוי ווייניק פאַרשטענדלעך דער פאָמעריש־דייטשער דיאַלעקט פון די מאַטראָסן, ווי זיי — מיין יידיש־פויליש־ליטווישע שפּראַך. די גאַנצע צייט פון דער רייזע האָב איך ניט באַקומען קיין שום וואַרעמע שפּייז און האָב געמוזט שלאָפן אויף זעק, אָנגעלאָדענע מיט האַרטע חפצים. חוץ דעם האָט זיך די שיף אייניקע מאָל געפונען אין סכנות און איך האָב צום גרעסטן טייל צייט, נאַטירלעך, געליטן פון דער ים־קראַנקהייט.

לסוף בין איך אָנגעקומען קיין שטעטין. מ׳האָט מיר געזאָגט, אַז פון שטעטין ביז פראַנקפורט ד׳אָדער איז דער וועג אַ

קורצער און אַ גלייכער און מ׳קאָן אים דורכמאַכן צופוס שפּילנדיק. אָבער ווי האָט אַ פּוילישער ייד אין די עלנדסטע באַדינגונגען, אָן אַ פּעניג ביי דער נשמה און ניט פאַרשטייענדיק אַפילו די לאַנד־שפּראַך, געוואָלט קענען דורכמאַכן אַזאַ נסיעה, זאָל זיין אַפילו בלויז פון עטלעכע מייל?

מ׳האָט עס אָבער דאָך געמוזט איינמאָל דורכמאַכן. בכן בין איך אַרויסגעגאַנגען פון שטעטין צופוס, נאָר באַטראַכטנדיק מיין עלנדע לאַגע, האָב איך מיך אַוועקגעזעצט אונטער אַ לינדנבוים און אָנגעהויבן ביטער צו וויינען.

דאָס האָט מיר אַ ביסל לייכטער געמאַכט דאָס האַרץ, האָב איך מיך דערמונטערט און בין אַוועק ווייטער. איך בין אָפּגעגאַנגען אַ פּאָר מייל און קעגן אָוונט אינגאַנצן מיד געקומען אין אַ קרעטשמע. דאָס איז געווען ערב תשעה באב. מיין לאַגע איז געווען די טרויעריקסטע, וואָס מ׳קאָן זיך נאָר פאָרשטעלן. שוין היינט בין איך געווען כמעט אינגאַנצן פאַרשמאַכט פאַר הונגער און דאָרשט און האָב דערצו נאָך געדאַרפט מאָרגן פאַסטן דעם גאַנצן טאָג. איך האָב ניט געהאַט אַפילו אַ פּרוטה אָדער אַ שווה פּרוטה צום פאַרקויפן אויף הוצאות.

נאָך אַ לאַנגן באַטראַכטן האָב איך מיר סוף־כל־סוף דערמאָנט, אַז איך האָב נאָך געדאַרפט האָבן אין מיין זאַק אַן אייזערנעם לעפל, וואָס איך האָב מיטגענומען אויפן שיף. איך האָב אַרויסגענומען דעם לעפל און געווענדט זיך צו דער קרעטשמערקע מיט אַ בקשה, זי זאָל מיר דערפאַר געבן אַ שטיקל ברויט און אַ ביסל ביר. זי האָט זיך אַפילו תחילת געוויגערט אָנצונעמען דעם לעפל, אָבער איך האָב זי געבעטן רחמים און זי איז ווייכער געוואָרן און האָט מיר אָפּגעלאָזן פאַרן לעפל אַ גלאָז זויער ביר. איך האָב מיך געמוזט באַפרידיקן דערמיט, האָב אויסגעטרונקען מיין ביר און בין אַוועק שלאָפן אין שטאַל אויף שטרוי.

איך בין אויפגעשטאַנען פרי און געגאַנגען ווייטער מיין וועג, ביז איך בין געקומען אין אַן אָרט, וואו עס האָבן געוואוינט יידן. דאָרטן בין איך אַריין אין שול און געזאָגט

קינות, געקלאָגט אויף חורבן ירושלים צוזאַמען מיט מיינע ברידער.

נאָכן ענדיקן די קינות (אַן ערך אַרום האַלבן טאָג) בין איך אַוועק צום שטאָט־שמש און פאַרפירט מיט אים אַ געשפּרעך. דער שמש האָט באַמערקט, אַז איך בין אַ רב מיט אַלע קלי־פּערלעך, און האָט אָנגעהויבן אינטערעסירן זיך מיט מיר. ער האָט מיך באַזאָרגט ביי אַ יידן אָפּצופּאַסטן זיך און האָט מיר אויך געגעבן צום שמש פון דער נאָענטסטער שטאָט אַ רעקאָמענדאַציע־בריוו, וואו ער האָט מיך פאָרגעשטעלט ווי אַ למדן מופלג און בכבודיקן רב.

אַדאַנק דעם רעקאָמענדאַציע־בריוו, האָב איך אין דער נאָ־ענטסטער שטאָט געהאַט אַ גוטן קבלת־פּנים; דער בכבודיקסטער גביר פון שטאָט האָט מיך איינגעלאַדן צו עסן ביי אים שבת; אין שול האָט מען מיר געגעבן דעם אָנגעזעענסטן אָרט און מיר אָפּגעגעבן אַלע כיבודים, וואָס מען געהער אָפּגעבן אַ רב.

נאָכן דאַווגען האָט דער דערמאָנטער נגיד מיך מיטגענו־מען צו זיך אין הויז, און ביים טיש האָט ער מיך אַוועקגעזעצט אויפן דערהייבנסטן פּלאַץ — צווישן זיך און זיין טאָכטער. די־דאָזיקע טאָכטער איז געווען אַ יונג מיידל פון אַ יאָר צוועלף און אויסגעפּוצט זייער רייך און שיין.

ווי אַ רב, האָב איך ביים עסן אָנגעהויבן אַ דרוש פול מיט דברי־תורה און מוסר, און וואָס ווייניקער דער נגיד און די נגידה האָבן אים פאַרשטאַנען, אַלץ געטלעכער איז דער דרוש אויסגעקומען ביי זיי אין די אויגן.

אָבער פּלוצלונג האָב איך, צו מיין הארצוויייטאָג, באַמערקט, אַז דאָס יונגע פריילין, וואָס איז געזעסן לעבן מיר, האָט אָנגע־הויבן מאַכן אַ זויערע מינע און קרימען דאָס געזיכט. תחילת האָב איך ניט געוואוסט, מיט וואָס דאָס צו דערקלערן; אָבער ווי איך האָב נאָר באַלד דערויף אַ בליק געוואָרפן אויף זיך אַליין און אויף מיינע שמוציקע בלואה־קרועהדיקע מלבושים, איז מיר כהרף־עין קלאָר געוואָרן דידאָזיקע גאַנצע רעטעניש. די אויפרעגונג פונם מיידל האָט געהאַט אַ גוטן גרונד. און ווי האָט עס באמת

גאַר געקאָנט אַנדערש זיין? זינט איך האָב אָפּגערייזט פון קי־
ניגסבערג, שוין אַן ערך זיבן וואָכן, האָב איך ניט געהאַט אי־
בערצובייטן קיין פרישע ריינע וועש, האָב געמוזט שלאָפן אין
קרעטשמעס אויף הוילן שמוציקן שטרוי, וואָס ווער ווייס, וויפיל
דורכרייזנדיקע אָרעמעלייט זיינען שוין פאַר מיר דערויף איבער־
געלעגן, א. אַז. וו.

נון זיינען מיר מיטאַמאָל אויפגעעפנט געוואָרן די אויגן
און איך האָב דערזען מיין גאַנצן דלות און שפלות אין זייער
אומגעהייערער גרייס און שרעקלעכער געשטאַלט. אָבער וואָס האָב
איך געקאָנט טאָן? ווי האָב איך מיר געזאָלט אַרויסהעלפן פון
דעם דאָזיקן נבזהדיקן מצב? מיט אַ דערשלאָגענעם און טרויע־
ריקן געמיט האָב איך מיך באַלד געזעגנט מיט דידאָזיקע גוטע
לייט און ממשיך געווען מיין נסיעה קיין בערלין אין אַן אומ־
אויפהערלעכן געראַנגל מיט אַלערהאַנט מאַנגל און פיין.

צום סוף בין איך אָנגעקומען קיין בערלין. איך האָב
געגלויבט, אַז דאָ וועט קומען אַ סוף צו מיינע צרות און ס׳וועלן
דערפילט ווערן אַלע מיינע פאַרלאַנגען, — איך האָב מיך אָבער
זייער אָפּגענאַרט אין מיינע חשבונות.

אין יענער צייט איז אין דערדאָזיקער רעזידענץ־שטאָט
פאַרווערט געווען דער אַריינקום פון יידישע קבצנים; על־כן האָט
די היגע יידישע קהילה אויסגעבויט אַ פאַרזאָרגונגס־הויז פאַר
אירע אָרעמעלייט (אַ „הקדש") ביים ראָזנטאַלער טויער, און
אין אָט דעם הויז האָט מען אויפגענומען די אָרעמעלייט, וואָס
פלעגן קומען קיין בערלין, ביז די עלטסטע פון דער קהילה
וועלן זיי אויספרעגן און באַשליסן, וואָס צו טאָן מיט זיי. און
באַשליסן פלעגט מען לויט די אומשטאַנדן: אויב זיי זיינען געווען
קראַנק אָדער זיי האָבן געזוכט אַרבעט, פלעגט מען זיי אויפנע־
מען אין שטאָט; אויב אָבער ניט — פלעגט מען זיי שיקן ווי־
טער. — און איך בין געבראַכט געוואָרן אין דעם דאָזיקן „הקדש",
וואָס איז געווען פול טיילווייז מיט קראַנקע אָרעמעלייט, טיילווייז
מיט אַ כאַליאַסטרע צעלאָזענע און פאַרדאָרבענע ליידיקגייער און
שלעפער. אַ לאַנגע צייט האָב איך געזוכט אַ מענטשן, מיט ווע־

מען איך זאָל מיך קענען דורכריידן און אַן עצה האַלטן וועגן מיינע ענינים, אָבער אומזיסט.

צום סוף האָב איך צווישן די אָרעמעלייט באַמערקט אַ מענטשן, וואָס לויט זיין הילוך האָט ער מיר אויסגעוויזן ווי אַ רב. בכן האָב איך מיך געווענדט צו אים, — און ווי גרויס איז געווען מיין פרייד, ווען איך האָב מיך פון אים דערוואוסט, אַז ער איז באמת אַ רב און איז גוט באַקאַנט אין בערלין, איך האָב מיך מיט אים אונטערהאַלטן, בין אריין מיט אים אין אַ פּלפּול וועגן פאַרשיידענע ענינים אויף אַלע געביטן פון תורה און אין מיין אָפנהאַרציקייט האָב איך אים צום סוף דערציילט וועגן מיין לעבן אין פּוילן, אים מגלה געווען מיין פּלאַן צו שטודירן אין בערלין מעדיצין, אים געוויזן מיין פּירוש אויפן „מורה נבוכים״[1], וואָס איך האָב געהאַט אין כתב־יד, א. אַז. וו. ער האָט דאָס אַלץ ביי זיך פאַרנאָטירט, און מיר האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז ער האָט זיך מיט מיר זייער פאַראינטערעסירט. אָבער מיטאַמאָל איז ער פאַרשוואונדן פון מיינע אויגן.

צום סוף, צו אָוונט צו, זיינען געקומען די ראשים פון דער קהילה. יעדערער פון די אָרעמעלייט איז געוואָרן אַרויסגע־רופן און אויסגעפרעגט וועגן זיינע נייטן. די ריי איז געקומען אויך צו מיר, און איך האָב גאַנץ אָפנהאַרציק געזאָגט, אַז איך וויל בלייבן אין בערלין צו שטודירן מעדיצין.

די עלטסטע פון דער געמיינדע האָבן מיר גלייך אָפּגע־זאָגט, געגעבן מיר עפּעס אויף הוצאות־הדרך און זיינען זיך אוועקגעגאַנגען.

די סיבה פון דער דאָזיקער באַהאַנדלונג קעגן מיר איז געווען פאָלגנדיקע.

דער רב, וואָס איך האָב פריער וועגן אים דערציילט, איז געווען אַן אָרטאָדאָקס אַ קנאי. און נאָכדעם ווי ער האָט אויס־געפאָרשט מיינע איבערצייגונגען און כוונות, איז ער אוועק אין

---

[1] מיימונס פּירוש אויפן „מורה נבוכים״ הייסט „גִבְעַת המורה״ (דער היגל פון לערער), געדרוקט אין יאָר 1791. דער איבערז.

שטאָט און האָט מודיע געווען די ראשי העדה, אַז איך בין אַן אַפּיקורס גמור, דען איך וויל ארויסגעבן דעם „מורה נבוכים“ מיט אַ בייעם פּירוש, און אַז מיין אמתע כוונה איז ניט אַזוי צו שטודירן מעדיצין ווי אַ פּראָפעסיע, ווי דער־עיקר צו פאַרטיפן זיך אין די וויסנשאַפטן בכלל און ווייטער צו פאַרפולקומען מיין קריטישן שכל.

אין לערנען אָבער וויסנשאַפטן האָבן די פרומע יידן אייג־געזען עטוואָס, וואָס שטעלט אין סכנה דעם גלויבן און די גוטע מידות. באַזונדערס איז ביי זיי געווען אין חשד די השכלה פון די פּוילישע למדנים, וואָס האָבן דורך אַ גליקלעכן צופאַל זיך באַפרייט פון דער שקלאַפעריי פון אָבערגלויבנס, — פלוצלונג דערזען דאָס ליכט פון שכל און זיך לייז געמאַכט פון די פריי־ערדיקע קייטן.

טיילווייז זיינען די בערלינער פרומע יידן אייגנטלעך גערעכט געווען. די פּוילישע תּלמודיסטן זיינען אין דעם פּרט געגליכן צו אַ מענטשן, וואָס האָט אַ לאַנגע צייט געהונגערט און פלוצלונג איז ער געקומען צו אַ טיש אַ פול געגרייטן מיט כל המינים פון די בעסטע שפּייזן; אַזאַ מענטש מוז צופאַלן צום טיש מיט אַ העפּ־טיקער זשעדנעקייט און אָנעסן זיך מיט אַלץ, ביז ער מוז קאַליע מאַכן דעם מאָגן.

דאָס ניט־דערלויבן מיר צו בלייבן אין בערלין האָט מיך דערשלאָגן ווי אַ דונער. דער לעצטער ציל פון אַלע מיינע האָ־פענונגען און פאַרלאַנגען איז מיט אַמאָל פון מיר דערווייטערט געוואָרן, און גראַד אין דעם מאָמענט, ווען איך בין צו אים אַזוי נאָענט געווען! איך האָב מיך געפונען אין דער לאַגע פון טאַנטאַלוס[1]) און ניט געוואוסט, ווי זיך צו העלפן.

---

[1]) טאַנטאַלוס — מיטאָלאָגישער קיניג פון פריגיע אין קליין־אַזיע, זון פון צעאוס און דער נימפע פלוטאָ. פאַר באַליידיקן די געטער איז ער פאַרמשפט געוואָרן אויף יסורים פון הונגער און דאָרשט אין דער אונ־טערערדישער מלוכה און אויף צו שטיין ביזן האַלז אין וואַסער, זעענדיק פאַר

באַזונדערס האָט מיך געקרענקט די באַהאַנדלונג פונם משגיח פון דעם דאָזיקן „הקדש״, וואָס האָט לויטן באַפעל פון די ראשי הקהילה געפאָדערט, איך זאָל וואָס גיכער פאַרלאָזן דאָס הויז, און האָט מיך ניט געלאָזט צו רו ביז ער האָט מיך ניט געזען הינטער די טויערן פון שטאָט.

דאָ, הינטער דער שטאָט, האָב איך מיך אַנידערגעוואָרפן אויף דער ערד און אָנגעהויבן ביטער צו וויינען.

דאָס איז געווען אַ זונטאָג, און פאַר די טויערן פון שטאָט האָבן אומשפּאַצירט אַ סך מענטשן. דער גרעסטער טייל פון זיי האָט זיך אַפילו ניט אומגעקוקט אויף מיר, אויפן שלוכצנדיקן וואָרעם, אָבער אייניקע מיטליידנדיקע מענטשן זיינען גערירט געוואָרן פון מיין עלנדן אויסזען און האָבן מיך געפרעגט וועגן דער סיבה פון מיין יאָמערן און קלאָגן. איך האָב זיי געענטפערט, אָבער זיי האָבן מיך ניט פאַרשטאַנען — טיילווייז מחמת מיין אומפאַרשטענדלעכער שפּראַך, טיילווייז מחמת מיין ריידן איז אָפט איבערגעריסן געוואָרן דורך מיין וויינען און שלוכצן.

איך בין געווען אַזוי אויפגערעגט, אַז עס האָט זיך אין מיר אָנגעצונדן אַ פייער פון פיבער. די זעלנער, וואָס זיינען געשטאַנען ביים טויער אויף דער וואַך, האָבן עס באַמערקט און געגעבן וועגן דעם צו וויסן אין „הקדש״.

דער אויפזעער איז געקומען און האָט מיך אַריינגענומען אין הויז. איך בין דאָרטן פאַרבליבן אַ גאַנצן טאָג און האָב מיך געפרייט אין דער האָפענונג, אַז איך וועל רעכט קראַנק ווערן און איך וועל אויף אַזאַ אופן קענען פאַרבלייבן דאָ לענגער; איך האָב דערביי געהאָפט אונטער דער צייט באַקאַנט צו ווערן מיט וויכטיקע פּערזאָנען, וואָס וועלן מיך נעמען אונטער זייער שוץ און אויספּועלן פאַר מיר אַ דערלויבעניש צו פאַרבלייבן אין בערלין.

---

זיך די פּרעכטיקסטע פרוכטן און ניט קענענדיק צו זיי דערלאַנגען. דערפון קומט דער אויסדרוק: „יסורים פון טאַנטאַלוס״ — אומדערטרעגלעכע יסורים אין דער באַענטקייט פון אומדערגרייכבאַרן גליק. דער איבערז.

צו מיין באַדויערן אָבער איז מיין האָפענונג ניט מקויים געוואָרן. אויפן אַנדערן טאָג בין איך אויפגעשטאַנען אינגאַנצן אַ געזונטער און האָב ניט געשפּירט קיין שום פיבער, — האָב איך בכן געמוזט אָוועקגיין פונדאַנען. אָבער וואוהין? — דאָס האָב איך אַליין ניט געוואוסט.

איך בין אַרויס פון שטאָט און זיך געלאָזט וואוהין די אויגן האָבן מיך געטראָגן, — אינגאַנצן איבערגעגעבן זיך אויף גאָטס באַראָט.

---

# צווייאונצוואַנציקסטער קאַפּיטל.

## די לעצטע מדרגה פון עלנד און פּיין און די ישועה.

צו אָוונט צו בין איך אָנגעקומען אין אַ קרעטשמע, וואו איך האָב אָנגעטראָפן אַ יידן, אַן אָרעמען פּוסגייער, וואָס די בעטלעריי איז געווען זיין פּראָפעסיע. איך האָב מיך זייער דער־פרייט, וואָס איך האָב באַגעגנט איינעם פון מיין פאָלק, מיט וועמען איך האָב געקאָנט ריידן און וואָס האָט גוט געקענט דידאָזי־קע געגנטן.

איך האָב מיך דעריבער אָנטשלאָסן בחברותא מיט דעם דאָזיקן קבצן אומצוּוואַנדערן איבערן לאַנד און בעטלען, בכדי אויף אַזאַ אופן אונטערצוהאַלטן די נשמה, כאָטש אויף דער וועלט איז קוים מעגלעך געווען צו געפינען צוויי אַנדערע אַזעלכע קעגנזעצלעכע מענטשן, ווי מיר ביידע זיינען געווען. איך בין געווען אַ רב, אַ וואוילגעלערנטער, און ער — אַן עם־הארץ גמור. איך האָב ביז איצט פאַרדינט מיין ברויט אויף אַ בכבודיקן אופן; יענער אָבער איז געווען אַ שנאָרער לויט פּראָפעסיע. איך האָב געהאַט באַגריפן וועגן מאָראַל, אָנשטענדיקייט און העפלעכקייט; יענער אָבער האָט פון דעם אַלעם גאָרנישט געוואוסט. צום סוף, כאָטש איך בין געווען בכלל אַ געזונטער, אָבער פון אַ שוואַכן קערפּערגעבוי, בעת יענער איז געווען אַ שטאַרקער וואוילבאַלייבטער מענטש, וואָס וואָלט געקאָנט זיין איינער פון די בעסטע סאָלדאַטן.

אָבער ניט געקוקט אויף דידאָזיקע אַלע קאָנטראַסטן צווישן

אונז, האָב איך מיך פונדעסטוועגן מיט אים פאַרבונדן, ווייל בכדי ניט צו שטאַרבן פון הונגער, האָב איך געמוזט אומוואַנדערן אין אַ פרעמדן לאַנד צו זוכן אַ שטיקל ברויט. בעת אונזערע וואַנדערונגען האָב איך מיך באַמיט צו באַקענען מיין רייזע-חבר מיט די באַגריפן פון רעליגיע און פון אמתער מאָראַליטעט, און ער, פון זיין זייט, האָט מיר געגעבן לעקציעס אין דער קונסט פון בעטלען. ער האָט מיר איבערגעגעבן די כללים, וואָס ווערן אָנגעווענדט ביים בעטלען, און ער האָט מיר באַזונדערס רעקאָמענדירט צו שילטן מיט די שאַרפסטע קללות די מענטשן, וואָס וועלן מיר ניט געבן קיין נדבה.

אָבער ניט געקוקט אויף זיין גאַנצער מי, האָט זיך זיין תורה צו מיר ניט צוגעקלעפּט. די כללים פון בעטלעריי זיינען מיר געווען עקלהאַפטיק. איך האָב געהאַלטן, אַז אויב אַ מענטש איז יע געצוואונגען אָנצוקומען צו מענטשנס גאָב, דאַרף ער זיינע געפילן און פאַרלאַנגען אויסדריקן אין פשוטע ווערטער. וואָס איז שייך קללות, האָב איך ניט געקאָנט באַגרייפן, פאַרוואָס קומט עס צו שילטן אַ מענטשן, וואָס זאָגט אָפּ עמעצן אַ בקשה; און חוץ דעם האָב איך אויך געהאַלטן, אַז דורך דעם קען מען יענעם נאָך מער פאַרביטערן און דערמיט נאָך ווייניקער דערגרייכן דעם ציל.

על-כן, ווען איך בין געגאַנגען צוזאַמען מיט מיין חבר איבער די הייזער, האָב איך אַלעמאָל געמאַכט דעם אָנשטעל, ווי איך וואָלט כלומרשט בעטלען און שילטן צוגלייך מיט אים; פאַקטיש אָבער פלעג איך דאַן אַרויסמורמלען בלויז אומפאַרשטענדלעכע הברות. בין איך אָבער אַליין געגאַנגען, האָב איך ניט אַרויסגערעדט קיין איינציק וואָרט; אָבער נאָך מיין מינע און נאָך מיין האַלטונג האָט מען געקאָנט זען, וואָס מיר האָט געפעלט.

מיין חבר האָט מיך ניט זעלטן געזידלט דערפאַר, וואָס איך גיי ניט אין די וועגן פון זיין תורה, און איך האָב דאָס איבערגעטראָגן מיט דער גרעסטער געדולד.

אויף אַזאַ אופן האָבן מיר אַרומגעוואָגלט אין איין קרייז

פון עטלעכע מייל די גרייס קרוב א האלב יאָר. צום סוף האָבן מיר זיך אַנטשלאָסן אומצוקערן זיך צוריק קיין פוילן.

מיר זיינען אָנגעקומען קיין פויזנא און מיר האָבן זיך אָפּגעשטעלט אין אַ יידישער אָרעמער אכסניא, וואָס עס האָט געהאַלטן אַן אָרעמער שניידער, אַ לאַטוטניק. דאָ האָב איך אָנגענומען אַ באַשלוס צו מאַכן אַ סוף צו מיינע וואַנדערונגען, עס מעג זיין וואָס עס וויל.

ס'איז געווען האַרבסט-צייט און עס האָט שוין אָנגעהויבן גאָר קאַלט צו ווערן. איך בין געווען לגמרי נאַקעט און באָרוועס. מיין געזונט האָט שטאַרק געליטן פון דידאָזיקע וואַנדערונגען, און איך האָב קיינמאָל ניט באַקומען עפּעס רעכטס אָפּצועסן און האָב מערסטנטייל געמוזט באַנוגענען זיך מיט פאַרשימלטע סקאָרינקעס מיט וואַסער, און בעת ווען ביי נאַכט האָב איך געמוזט ליגן אויף אויף אַלטן שטרוי, ניט זעלטן אַפילו אויף הוילער ערד. חוץ דעם, איז דאַן געגאַנגען צו ימים-נוראים, און היות איך בין יעמאָלט נאָך געווען שטאַרק רעליגיעז, האָב איך ניט געקאָנט דערטראָגן דעם געדאַנק, אַז אין דער דאָזיקער צייט, ווען מיינע ברידער פאַרנעמען זיך מיט תשובה טאָן און מיט מתקן זיין די נשמה, גיי איך אום ליידיק אין דער געזעלשאַפט פון קבצנים.

איך האָב דעריבער באַשלאָסן פונדאַנען ווייטער ניט צו גיין, לכל-הפּחות אין משך פון די ימים-נוראים, און בכל-אופן, אויב די נויט וועט מיך זייער שטאַרק צודריקן, וועל איך מיך לייגן פאַר די טירן פון דער שול און ענטוועדער איך וועל דאָרטן אַזוי בלייבן ליגן ביז יציאת-נשמה, אָדער דאָס וועט אויפוועקן די רחמנות-געפילן פון מיינע ברידער און עס וועט געמאַכט ווערן אַ סוף צו מיינע ליידן.

ווען מיין חבר איז אויף מאָרגן אויפגעשטאַנען און האָט, ווי אַלע מאָל, זיך געגרייט צו גיין איבער די הייזער און מיך אויך אויפגעפאָדערט צו גיין צוגלייך מיט אים, — האָב איך אים געענטפערט, אַז איך וויל איצט מער מיט אים ניט מיטגיין. און אַז ער האָט ביי מיר געפרעגט, וואו וועל איך נעמען אַנדע-

רע מיטלען צום לעבן, האָב איך אים ניט געקאָנט געבן קיין אַנדער ענטפער, ווי נאָר אַז: גאָט וועט שוין העלפן!

איך בין אַוועק אין בית־מדרש. דאָ האָב איך געטראָפן אייניקע יונגע תּלמידים, וואָס אַ טייל פון זיי האָט זיך באַשעפ־טיקט מיט זייערע לימודים און אַ טייל האָט אויסגענוצט די אָפּ־וועזנקייט פונם רבין און צוגעבראַכט די צייט אין שפּילן.

איך האָב גענומען אַ ספר און אָנגעהויבן מעיין זיין. די תּלמידים האָט זיך געוואָרפן אין די אויגן מיין משונהדיקע קליי־דונג, און זי זיינען צוגעגאַנגען צו מיר און האָבן מיך געפרעגט: פונוואַנען איך קום? און וואָס האָב איך דאָ בדעה צו טאָן? איך האָב זיי געענטפערט אויף דידאָזיקע שאלות, אָבער זיי האָבן גע־נומען אָפּלאַכן פון מיין ליטווישן דיאַלעקט און זיך לוסטיק מאַכן איבער מיר.

איך האָב אויף זייער חוזק־מאַכן מיך ניט אומגעקוקט.

איך האָב מיך דערמאָנט, אַז מיט עטלעכע יאָר צוריק איז איינער פון די רבנים פון מיין געגנט אויפגענומען געוואָרן פאַר אַ רב אין פּוזנאַ[1]) און אַז ער האָט מיטגענומען מיט זיך פאַר אַ סעקרעטאַר מיינעם אַ גוטן פריינד, — און איך האָב מיך נאָכגעפרעגט ביי די ייִנגלעך וועגן דעם דאָזיקן פריינד מיי־נעם. אָבער צו מיין גרעסטן באַדויערן האָב איך מיך דערוואוסט, אַז ער געפינט זיך מער ניט אין פּוזנאַ, ווייל דער דערמאָנטער רב האָט אים מיטגענומען מיט זיך, ווען ער איז שפּעטער אויפ־גענומען געוואָרן פאַר אַ רב אין האַמבורג; אָבער מיין פריינד האָט איבערגעלאָזן זיין זון, אַ ייִנגל פון אַ יאָר צוועלף, ביים איצטיקן פּויזנער רב[2]), וואָס איז אַן איידעם פונם פאָריקן.

דידאָזיקע ידיעה האָט מיר פאַרשאַפט ניט ווייניק פאַר־דרוס, אָבער דער לעצטער אומשטאַנד[3]) האָט מיר נאָך איבערגע־לאָזן אַ שטיקל האָפענונג.

---

[1]) ר׳ רפאל הכהן האַמבורגער. דער איבערז.

[2]) ר׳ הירש חריף. דער איבערז.

[3]) דער אומשטאַנד, וואָס מיימונס פריינד האָט איבערגעלאָזן זיין ווייב ביים נייעם רב. דער איבערז.

איך האָב מיך דעריבער נאָכגעפרעגט וועגן דער דירה פונם נייעם רב און בין אַוועק אַהין; אָבער איך האָב מיך געשעמט אַריינצוגיין אַהין, מחמת איך בין געווען כּמעט נאַקעט, און איך האָב געגומען וואַרטן ביי דער טיר, ביז וואַנען איך האָב דערזען עמעצן אַריינגיין אין דאָס דאָזיקע הויז. איך האָב געבעטן דעם דאָזיקן מענטשן אַזוי פריינדלעך זיין און אַרויסרופן צו מיר דעם זון פון מיין פריינד.

ער האָט מיך גלייך דערקענט און האָט אויסגעדריקט זיין דערשטוינונג, וואָס ער זעט מיך דאָ אין אַזאַ טרויעריקן צושטאַנד. איך האָב אים געענטפערט, אַז איצט איז ניט קיין צייט צו דערציילן וועגן אַלע אומגליקן, וואָס האָבן מיך אַריינגעבראַכט אין אַזאַ לאַגע, און אַז ער דאַרף איצט טראַכטן נאָר וועגן דעם, ווי עס וואָס צו קענען פאַרלייכטערן דעם דאָזיקן עלנט מיינעם.

ער האָט עס מיר צוגעזאָגט, איז אַוועק צום רב און האָט אים דערציילט וועגן מיר ווי וועגן אַ גדול בתּורה און זייער אַ פרומען מאַן, וואָס באַזונדערע צופאַלן האָבן אים דערפירט צו אַזאַ טרויעריקן מצב.

דער רב איז געווען אַ פאָרטרעפלעכער מענטש, אַ תּלמודיסט אַ חריף און מיט זייער אַן איידעלן כאַראַקטער. אַז ער האָט דערהערט די דערציילונג פון דעם יינגל וועגן מיר, איז ער זייער גערירט געוואָרן פון מיין עלנד, האָט מיך איינגעלאַדן צו זיך, האָט זיך מיט מיר אונטערהאַלטן אַ לאַנגע צייט, דיספּוטירט מיט מיר וועגן די וויכטיקסטע ענינים פון תּלמוד און איינגעפונען, אַז איך בין אַ גרויסער בקי אין אַלע געביטן פון יידישע וויסנשאַפטן.

נאָכדעם האָט ער מיך געפרעגט, וואָס איז מיין פאַרלאַנג און וואָס האָב איך בדעה צו טאָן. דערויף האָב איך געענטפערט, אַז איך וואָלט געוועלט באַקומען ערגעץ אין אַ הויז אַ שטעלע פון אַ מלמד, אָבער דערווייל וואָלט איך פאַרלאַנגט ניט מער ווי צו קענען פאַרבלייבן אין פּויזנא איבער די ימים־נוראים און לכל־הפּחות כאָטש אויף אַ קורצער צייט איבערצורייסן מיינע וואַנדערונגען.

דער גוטמוטיקער רב האָט מיך באַרויִקט און געזאָגט, איך זאָל וועגן דעם ניט זאָרגן, ווייל מיין בקשה איז אַ קליינע און באַשיידענע, אַ לייכט אויספירבאַרע. דערויף האָט ער מיר אוועק־געגעבן גאָר דאָס געלט, וואָס ער האָט געהאַט ביי זיך, מיך איינגעלאַדן צו עסן אַלע שבת ביי זיין טיש די גאַנצע צייט, וואָס איך וועל מיך אויפהאַלטן אין פּוזנא, און באַפוילן זיין זון אויס־צוזוכן פאַר מיר אַן אָנשטענדיקע וואוינונג.

זיין זון איז באַלד צוריקגעקומען און מיך אוועקגעפירט אויף מיין קוואַרטיר.

איך האָב געמיינט, אַז די דאָזיקע וואוינונג איז געוויס אַ קליין ענג קעמערל ערגעץ ביי אַן אָרעמען מענטשן. איך בין דע־ריבער נשתומם געוואָרן, ווען איך האָב מיך דערזען אינם הויז פון איינעם פון די חשובסטע יידן פון דער שטאָט, וואו מ׳האָט פאַר מיר צורעכט געמאַכט זייער אַ ריינינק צימערל — דאָס לערנאַלקירל פון דעם דאָזיקן מאַן; — דער באַלעבאָס און זיין זון זיינען געווען גרויסע לומדים.

נאָכדעם ווי איך האָב מיך דאָ אַ ביסל אַרומגעזען, בין איך אוועק צו דער באַלעבאָסטע, האָב איר דערלאַנגט עטלעכע גראָשן און געבעטן, זי זאָל מיר צו וועטשערע צוגרייטן אַ גרויפּנזופּ. זי זי האָט זיך צעלאַכט פון מיין תמימות און געזאָגט:

— ניין, פאַניע, מיר האָבן אַזוי ניט אָפּגעמאַכט. דער רב האָט אייך רעקאָמענדירט פאַר אונז ניט צוליב דעם, איר זאָלט ביי אונז לאָזן קאָכן גרויפּנזופּ פאַר געלט!

און זי האָט מיר דערקלערט, אַז איך וועל ניט בלויז לאָ־זשירן ביי זיי די גאַנצע צייט, וואָס איך וועל פאַרברענגען אין פּויזנא, נייערט אויך עסן און טרינקען.

איך בין דערשטוינט געוואָרן פון דעם דאָזיקן אומדער־וואַרטן גליק, אָבער מיין התפּעלות איז נאָך גרעסער געוואָרן, ווען מ׳האָט מיר נאָכן אָוונטברויט אָנגעוויזן אַ ריינע בעט. איך האָב מיינע אויגן ניט געגלויבט און האָב ניט איינמאָל געפרעגט: „איז דאָס באמת פאַר מיר?״

איך קען מיט אַן אמת פאַרזיכערן, אַז קיינמאָל פאַר דער

דאָזיקער געשעעניש און קיינמאָל נאָכדעם האָב איך מיך ניט גע־פילט גליקלעך אין אַזאַ מדרגה ווי יעמאָלט. ווען איך האָב מיך אַריינגעלייגט אין בעט און מיינע אויסגעמאַטערטע און פון שווערן נע־ונד־לעבן זינט אַ האַלב יאָר כמעט אינגאַנצן צעבראָכענע ביי־נער האָבן אין דער ווייכער אויסבעטונג ווידער אָנגעהויבן זיך אַדמײַיהן און באַקומען זייער פריערדיקע קראַפט.

איך האָב געשלאָפן ביז אין גרויסן טאָג אַריין. קוים בין איך אויפגעשטאַנען, האָט דער רב געשיקט נאָך מיר און געלאָזט מיך בעטן צו זיך. ווען איך בין געקומען צום רב, האָט ער מיך געפרעגט, צי בין איך צופרידן פון מיין דירה. איך האָב קיין ווערטער ניט געקאָנט געפינען אויסצודריקן מיינע געפילן און האָב אויסגערופן אין עקסטאַז:

— איך האָב אין אַ בעט געשלאָפן!

דער רב האָט זיך זייער געפרייט מיט דעם, האָט געשיקט נאָכן שמש און געזאָגט צו אים:

— גייט צום קרעמער און נעמט פאַר ר׳ שלמהן אויף מיין חשבון צייג אויף מלבושים!

נאָכדעם האָט ער זיך געווענדט צו מיר און מיך געפרעגט:

— וואָס פאַר אַ שטאָף געפעלט אייך בעסער?

דורכגעדרונגען מיטן געפיל פון דאַנקבאַרקייט און טיפער אַכטונג צו דעם דאָזיקן פאָרטרעפלעכן מענטשן, בין איך געשטאַ־נען פאַר אים ווי אַ שטומער און ניט געקאָנט ענטפערן קיין וואָרט. בלויז אַ שטראָם טרערן פון מיינע אויגן האָט אים גע־געבן דעם בעסטן ענטפער.

דער רב האָט געלאָזט מאַכן פאַר מיר אויך נייע וועש. אין צוויי טעג צייט איז אַלץ געווען פאַרטיק. אויסגעפוצט אין נייע וועש און אין נייעם אָנצוג, בין איך אַוועק צום רב. איך האָב אים געוועלט אויסדריקן מיין דאַנקבאַרקייט פאַר גאָר דאָס גוטס, וואָס ער האָט מיט מיר געטאָן, אָבער פון גרויס רגש האָב איך קוים געקאָנט אַרויסברענגען אייניקע אָפגעהאַקטע ווערטער. דער רב איז געווען נתפעל פון דער דאָזיקער סצענע. ער האָט מיר קאַטעגאָריש געמאָלדן, אַז עס איז ניטאָ פאַרוואָס צו דאַנקען, אַז

איך דאַרף דאָס ניט שטעלן אַזוי הויך, דען דאָס, וואָס ער האָט פאַר מיר געטאָן, איז אַ קלייניקייט און ס'איז ניט ווערט צו ריידן וועגן דעם.

לפי דעם נאָך קאָן אפשר דער לעזער מיינען, אַז דער דאָזיקער רב איז געווען אַ רייכער מאַן, וואָס די הוצאות, וואָס ער האָט אויסגעגעבן אויף מיר, זיינען ביי אים באמת געווען אַ קלייניקייט, אָבער איך קאָן פאַרזיכערן, אַז עס איז לגמרי ניט אַזוי געווען. דער רב האָט פון דער קהילה באַקומען אַ גאַנץ קליינע שכירות, און היות ער איז געזעסן יומם ולילה און האָט געלערנט, האָט זיין פרוי געמוזט פירן זיינע ענינים און באַזאָרגן אַלץ אין דער ווירטשאַפט. בכן האָט ער געמוזט אַלע ענלעכע ענינים דורכפירן אָן דעם וויסן פון דער רביצין און פאַרזיכערן זי, אַז אַנדערע מענטשן האָבן אים געגעבן געלט אויף דידאָזיקע הוצאות. אַגב האָט ער געפירט אַ לעבן פון אַ נזיר, האָט געפאַסט אַלע טאָג הפסקות, אויסער שבת, און האָט אַ גאַנצע וואָך ניט געגעסן קיין פלייש.

אָבער ניט געקוקט אויף זיינע מצומצמדיקע הצטרכותן, איז ער שטענדיק געווען פאַרזונקען אין חובות, ווייל ער האָט געמוזט לייען געלט אויף צו באַפרידיקן זיין טיפהאַרציקע נטיה צו העלפן נויטבאַדערפטיקע. זיין שטרענגער שטייגער לעבן, זיין איבערמענטשלעכע התמדה אין לערנען און זיין ווייניק שלאָפן אין די נעכט האָבן אינגאַנצן אָפּגעשוואַכט זיין געזונט, ביזן גרונד אונטערגעבראָכן זיינע כוחות און זיין שיין לעבן איז איבערגעהאַקט געוואָרן אינם רעכטן בלי. ער איז געשטאָרבן אינם עלטער פון זעקס און דרייסיק יאָר אין דער שטאָט פיאָרדע, וואו ער איז אויפגענומען געוואָרן פאַר אַ רב אַב־בית־דין און וואוהין עס זיינען אים נאָכגעגאַנגען אַ גרויסע צאָל תלמידים. ביז אייביק טיף גערירט וועל איך דענקען וועגן דעם דאָזיקן געטלעכן מאַן, — איך קען גאָר קיינמאָל אַנדערש וועגן אים ניט דענקען!

אין מיין פאָריקער וואוינונג ביי דעם אָרעמען שניידער־לאַטוטניק האָב איך געהאַט איבערגעלאָזן אייניקע קלייניקייטן, —

בין איך אין איינִיקע טעג אַרום אַוועקגעגאַנגען אַהין זיי אָפּצו־בעטען. דער אָרעמער לאַטוטניק, זיין פרוי און מיין געוועזענער בעטל־חבר האָבן שוין געהערט וועגן דער גליקלעכער ענדערונג, וואָס איז מיט מיר פֿאָרגעקומען, און האָבן געוואַרט אויף מיר מיט אומגעדולד.

אַ רירנדיקע סצענע! דער מענטש, וואָס איז סך־הכל מיט דריי טעג צוריק געקומען אין דער דאָזיקער אָרעמער כאַלופּקע איינגעגאַנצן אָן כּוחות, האַלב נאַקעט און האַלב באָרוועס, וואָס אַלע אָרעמע איינוואוינער פֿון אָט דעם שטיבל האָבן באַטראַכט ווי אַן אויסוואורף פֿון דער נאַטור און וואָס אַפילו זיין חבר דער שלע־פּער אין דער לייוונטענער בלוזע האָט געקוקט אויף אים מיט שפּאָט און פֿאַראַכטונג, — אָט דערזעלביקער מענטש איז איצט געקומען אין דערזעלביקער כאַלופּקע (און זיין שם איז אים פֿאָר־אויסגעגאַנגען) מיט אַ מונטער־שיינענדיקן פּנים, געקליידט ווי אַן עכטער רב און מיט אַן אויסזען, וואָס רופֿט אַרויס אַ יראַת־הכּבוד.

אַלע דאָרטן האָבן אויסגעדריקט זייער פֿרייד און פֿאַר־וואונדערונג איבער דער דאָזיקער איבערקערעניש. די אָרעמע לאַטוטניצע האָט גענומען איר זויגעדיק קינד אויף די הענט און מיט טרערן אין די אויגן מיך געבעטן, איך זאָל עס בענטשן. מיין געוועזענער חבר האָט מיט זייער רירנדיקע ווערטער מיך געבעטן אים מוחל־זיין זיין גראָב באַהאַנדלען מיך; ער האָט גע־זאָגט, אַז ער שעצט זיך פֿאַר גליקלעך, וואָס ער האָט געהאַט אויף זיין טרויעריקן וואַנדער־וועג אַזאַ חבר, און אַז ער וועט זיך פֿילן גליקלעך, אויב איך וועל ביט וועלן אים מוחל־זיין זיינע זינד, וואָס ער איז באַגאַנגען קעגן מיר איבער זיין אומוויסנקייט.

איך האָב גערעדט מיט זיי אַלעמען זייער פֿריינדלעך און ליבלעך, געבענטשט דאָס קינד, מיין געוועזענעם חבר אַוועקגע־געבן גאָר דאָס געלט, וואָס איך האָב געהאַט ביי זיך, און איך בין אַוועקגעגאַנגען פֿון דאָרטן טיף גערירט.

אונטער דער צייט איז מיין נאָמען באַרימט געוואָרן אין דער גאַנצער שטאָט, אַדאַנק די אויסערגעוויינלעך־גוטע באַציאונגען

פונם רב צו מיר און אדאנק דעם כבוד, וואָס עס האָט מיר אָפּגעגעבן מיין נייער באַלעבאָס, וואָס איז אַליין געווען אַ למדן מופלג און וואָס האָט אויפן גרונד פון זיינע אָפטע שמועסן און וויכוחים מיט מיר געהאַט אַ הויכע מיינונג וועגן מיינע כשרונות און געלערנטקייט. אַלע לומדים פון דער דאָזיקער שטאָט זיינען געקומען זען מיך, ווי אַ באַרימטן רייזנדיקן רב, און זיך מתווכּח זיין מיט מיר. און וואָס בעסער זיי האָבן מיך דערקענט, אַלץ מיט מער כבוד האָבן זיי זיך צו מיר באַצויגן.

דידאָזיקע צייט איז אָן ספק געווען די גליקלעכסטע און ערנפולסטע תקופה אין מיין לעבן.

די יונגע לומדים פון דער דאָזיקער קהילה האָבן אויף זיי־ערער אַן אַסיפה באַשלאָסן צו באַשטימען מיר אַ געהעריק גע־האַלט, בכדי איך זאָל לערנען מיט זיי דעם רמב״מס טיפזיניקן „מורה נבוכים״. דער דאָזיקער באַשלוס איז אָבער ניט אויסגע־פירט געוואָרן, ווייל די עלטערן פון אָט די יונגעלייט האָבן מורא געהאַט, זייערע קינדער זאָלן דורך דעם דאָזיקן לימוד ניט אַראָפּ פונם דרך־הישר און זאָלן דורך זעלבשטענדיקער חקירה וועגן רעליגיע ניט אָנהייבן וואַקלען זיך אין זייער אמונה. דידאָזיקע אַלטע האָבן, אמת, מודה געווען, אַז איך בין אַ פרומער מאַן און אַן אָרטאָדאָקסישער רב, ניט געקוקט אויף מיין נטיה צו חקירה; אָבער זיי זיינען ניט געווען זיכער, אַז זייערע קינדער פאַרמעגן אַזוי פיל פעסטע דענקונגס־קראַפט, זיי זאָלן קענען גיין אויף דעם זעלביקן וועג, וואָס איך, ניט אַריבערצוגיין פון איין עקסטרעם צום אַנדערן, פון אָבערגלויבן צו כפירה אינם עיקר. און אפשר זיינען די אַלטע געווען גערעכט.

איך האָב אויף אַזאַ אופן דאָ פאַרבראַכט קרוב פיר וואָכן. דאַן איז איינמאָל צו מיר אַריין מיין באַלעבאָס און האָט צו מיר אַזוי געזאָגט:

— דערלויבט מיר, ר׳ שלמה, צו מאַכן אייך אַ פאָרשלאָג. אויב איר זייט גענייגט אַליין צו זיצן על התורה ועל העבודה, קענט איר וואוינען ביי אונז אין הויז, ווי לאַנג איר ווילט אַליין. ווילט איר אָבער זיך אָפּגעבן ניט מיט זיך אַליין און איר זייט

געניינט מיט אײערע כשרונות אויף דער וועלט צו נוצן, דאָן איז דאָ פאַרהאַן אַ רײכער מאַן, אײנער פון די פאָרנעמסטע יידן אין אונזער שטאָט, וואָס האָט אַ בן-יחיד, און זיין איינציקער פאַרלאַנג איז איצט צו האָבן אײך פאַר אַ רבין פאַר זיין זון. דער דאָזיקער נכבד איז מיין שוואָגער; בכן, אויב איר ווילט עס ניט טאָן פון זיינטוועגן, דאַן בעט איך עס אײך פונמיינטוועגן צו טאָן און אונזער רב צוליב, דען דער חינוך פון מיין שוועסטערס זון, וואָס איז פאַרקנסט מיטן רבס אַ פלימעניצע, איז אים נאָענט צום האַרצן.

מיט פרייד האָב איך אָנגענומען דעם דאָזיקן פאָרשלאָג. איך בין אָנגעקומען אין דער דאָזיקער פאַמיליע פאַר אַ מלמד אויף זייער גוטע באַדינגונגען און בין דאָרטן פאַרבליבן גאַנצע צוויי יאָר, געניסנדיק דעם גרעסטן כבוד. קיינער האָט דאָ אין הויז ניט געטאָן קיין זאַך, ניט פרעגנדיק מיין עצה. אַלע האָבן מיך תמיד מקבל-פנים געווען מיט יראת הכבוד און מ׳האָט מיך געהאַלטן כמעט פאַר מער ווי אַ מענטשלעך וועזן.

אַזוי זיינען אומבאַמערקט פאַר מיר אַליין אוועק די פאַר גליקלעכע יאָר. אָבער דאָך האָבן אין משך פון דער דאָזיקער צייט מיט מיר פאַסירט אייניקע קליינע געשעענישן, וואָס איך קען זיי דאָ ניט פאַרשווייגן.

מיין כבוד אין דעם דאָזיקן הויז איז געוואָרן אַזוי גרויס, אַז קענען מיין ווילן האָט מען מיך געוואָלט מאַכן פאַר אַ נביא. דאָס איז פאָרגעקומען אויף אַזאַ אופן.

מיין תלמיד איז געווען אַ חתן מיט דער טאָכטער פון אַ רב, וואָס איז געווען אַ שוואָגער פונם פויזנער רב. די כלה, אַ מיידל פון אַ יאָר צוועלף, איז, לויטן מנהג, אַראָפּגעבראַכט געוואָרן אויף שבועות צום התנס עלטערן קיין פויזנא. ביי דעם דאָזיקן באַזוך פון דער כלה האָב איך באַמערקט, אַז זי האָט אַ פלעגמאַטישן טעמפעראַמענט און אויף איר געזיכט זיינען קענטיק שפּורן פון שווינדזוכט. איך האָב דעם דאָזיקן סוד מגלה געווען דעם ברודער פון מיין באַלעבאָס און צוגעגעבן מיט אַ פילבאַדייטנדיקער מינע, אַז איך בין זייער פאַרדאגהט פאַר דאָס

געזונט פונם מיידל, דען איך גלויב ניט, זי זאָל לאַנג ציען.
נאָך יום־טוב האָט מען דאָס מיידל אָפּגעשיקט צוריק צו אירע
עלטערן און אין פערצן טעג אַרום איז אָנגעקומען אַ בריוו, אַז
די כלה איז געשטאָרבן.

נאָך דעם האָט מען מיך אָנגענומען פאַר אַ נביא ניט
בלויז אין דעם דאָזיקן הויז, נייערט אויך אין דער גאַנצער
שטאָט, דען איך האָב פאָראויסגעזאָגט דעם טויט פונם מיידל.

היות מיר איז געווען דערווידער יעטווידע רמאות, האָב
איך געזוכט אַרויסצורייסן דידאָזיקע מיינונג פונם האַרצן פון די
אָבערגלויבערישע מענטשן און זיי פאַרזיכערט, אַז יעדער מענטש,
וואָס האָט זיך נאָר אַ ביסל צוגעקוקט צום לעבן, וואָלט געקענט
פאָראויסזאָגן דאָס זעלביקע. אָבער עס האָט גאָרנישט געהאָלפן. די
מענטשן זיינען געבליבן פעסט ביי זייער גלויבן. איינמאָל בין
איך אָנערקענט געוואָרן פאַר אַ נביא, האָב איך געמוזט ביי
דעם דאָזיקן טיטל בלייבן.

און איינמאָל האָט פּאַסירט אַזאַ מעשה: אין אַ הויז האָט
מען אַ פרייטאָג צורעכט געמאַכט פיש אויף שבת, און פּלוצלונג
האָט זיך איינעם אויסגעדוכט, אַז אַ קאַרפּ, וואָס ער האָט אויפ־
געשניטן, האָט פון זיך אַרויסגעלאָזט אַ קלאַנג. אויף אַלע בני־
בית איז פון דער מעשה אָנגעפאַלן אַ פּאַנישער שרעק און מ'איז
אַוועק פרעגן דעם רב, וואָס צו טאָן מיט דעם דאָזיקן שטומען
פיש, וואָס האָט זיך פּלוצלונג דערוועגט אָנצוהויבן ריידן? דער
רב האָט בתמימות געגלויבט, אַז אין קאַרפּ האָט זיך באַזעצט אַ
גלגול, און האָט באַפוילן איינצוהילן דעם קאַרפּ אין תכריכים און
אים באַגראָבן מיט אַלע הידורים.

וועגן דער דאָזיקער שוידערלעכער געשעעניש האָט מען
דערציילט אויך אינם הויז, וואו איך האָב געוואוינט. איך האָב
אַדאַנק מיין פלייסיקן שטודירן דעם „מורה נבוכים" שוין לאַנג
אויפגעהערט גלויבן אין אַזוינע הבלים, — האָב איך מיך דערי־
בער האַרציק צעלאַכט דערפון און געזאָגט:

— ווען מ'וואָלט, אָנשטאָט צו באַגראָבן דעם קאַרפּ, בעס־
סער אים צוגעשיקט צו מיר, וואָלט איך אים פאַרזוכט, בכדי צו

דערוויסן זיך דעם טעם פון אַזאַ מיין באַגייסטערטן[1]) קאָרפּ.

דידאָזיקע ליצנות מיינע איז באַלד באַקאַנט געוואָרן אין דער גאַנצער שטאָט. די למדנים זיינען דערפאַר געוואָרן אויפגעבראַכט אויף מיר, האָבן מיך פאַרשריען, אַז איך בין אַן אַפּיקורס, און האָבן אָנגעהויבן מיך רודפן מיט כל-המינים מיטלען.

אָבער דער גרויסער כבוד, וואָס מ'האָט מיר אַרויסגעוויזן אין דעם הויז, וואו איך בין געווען אויף קאָנדיציע, האָט צונישט געמאַכט אַלע זייערע תחבולות.

און היות אין דער דאָזיקער הינזיכט בין איך אויף אַזאַ אופן געווען זיכער פון רדיפות און דער גייסט פון פאַנאַטיזם האָט, אָנשטאָט מיך אָפּצושרעקן, נאָך מער צעפלאַמט מיין תשוקה צו ווייטערדיקן פרייען דענקען, — האָב איך אָנגעהויבן צו גיין ווייטער אויפן וועג פון ברעכן צוימען: אַ סך מאָל פאַרשלאָפן די צייט פון דאַוונען, געגומען זעלטן קומען אין בית-מדרש וכדומה. צום סוף האָט די מאָס פון מיינע חטאים דערגרייכט אַזאַ מדרגה, אַז קיינער און קיין שום זאַך האָט מיך שוין ניט געקאָנט מער שיצן פון רדיפות.

אין דעם אַריינגאַנג פונם קהילה-הויז פון פּויזנא איז, ווער ווייס זינט וועלכער צייט, געווען אַריינגעשלאָגן אין אַ וואַנט אַ האָרן פון אַ הירש. וועגן דעם דאָזיקן האָרן האָבן אַלע יידן באַהויפּט פה-אחד, אַז דער, וואָס וועט זיך צורירן צו אים, מוז כהרף-עין שטאַרבן, און האָבן דערציילט וועגן דעם אַ סך מעשיות.

איך האָב דערין בשום אופן ניט געוועלט גלויבן. איך האָב געלאַכט דערפון, און ווען איך בין איינמאָל צוזאַמען מיט אייניקע יידן פון דערדאָזיקער שטאָט פאַרבייגעגאַנגען פאַרביי דעם הירשהאָרן, האָב איך צו זיי געזאָגט:

— איר, פּויזנער שוטים, וואָס איר גלויבט, אַז דער, וואָס רירט אָן אָט דעם האָרן, מוז שטאַרבן אויף דער שטעל — זעט: איך וואָג אים אָנצורירן.

אַ שרעקלעכע אימה איז אָנגעפאַלן אויף די מענטשן און

---

1) וואָס איז אָנגעפילט געוואָרן מיט אַ גייסט, אַ גלגול. דער איבערז.

די האָבן געוואָרט אויף מיין תיכפדיקן טויט, אָבער היות דאָס איז ניט געשען, האָט זייער פחד פאַר מיין לעבן זיך פאַרוואַנדלט אין אַ שטאַרקער שנאה צו מיר. זיי האָבן מיך באַטראַכט ווי אַ מענטשן, וואָס האָט אַ הייליקייט פאַרשוועכט.

דערדאָזיקער פאַנאַטיזם האָט פונסניי אויפגעוועקט אין מיר אַ פאַרלאַנג אַוועקצופאָרן קיין בערלין און דאָרטן, מיט דער הילף פון השכלה, אינגאַנצן צו פאַרניכטן די לעצטע שפורן הבלדיקע אמונות, וואָס זיינען נאָך אין מיר פאַרבליבן. צוליב דעם האָב איך געבעטן מיין באַלעבאָס מיך צו באַפרייען פון דער שטעלע. ער האָט מיך שטאַרק געבעטן, איך זאָל נאָך פאַרבלייבן ביי אים אין הויז, און האָט מיך פאַרזיכערט, אַז ער וועט מיך באַשיצן קעגן יעדערליי רדיפות.

אָבער היות איך האָב איינמאָל אָנגענומען מיין אַנטשלוס, האָב איך אים ניט געוועלט ענדערן. איך האָב על־כן זיך געזעגנט מיט מיין ווירט און מיט זיין גאַנצער משפחה, האָב מיך געזעצט אויף דער פראַנקפורטער פאָסט און בין אַוועקגעפאָרן קיין בערלין.

## סוף פון ערשטן טייל.